צו קעגנזייטיקן שטיינער־וואַרפן. דער ענין איז דערגאַנגען צום גובערנאַטאָר, וועלכער איז פערזענלעך אָראָפּגעקומען, כדי איינצושטעלן אַ סדר אין יידישן לעבן...

מחלוקתן פלעגן זייער אָפט אויסברעכן און ס׳איז אויך געקומען דערצו, אַז מען האָט זיך נישט איינמאָל געשלאָגן אין בית־המדרש און עס פלעגן פליען די הענג־לאָמפּן. עטלעכע מאָל האָט מען אַרויסגערופן הרב ריינעס זצ״ל פון לידע, כדי ער זאָל שאַפן שלום־בית אין שטעטל.

## נייע צייטן — נייע גזירות

די אָרעמקייט אין שטעטל איז געווען שטאַרק אָנזעעוודיק. בלויז איינצלנע האָבן געהאַט געווען פרנסה, כדי זיך דורכצולעבן. בעליצער יידן זיינען געווען מסתפקים במועט. יעדער האָט געהאַט אַן אייגענע קו און אַ גאָרטן מיט גרינצייג. דאָס מיסט פון דער קו פלעגט נוצן צום קאַרטאָפל־זעצן און די קאַרטאָפל פלעגן ביי יעדן סטייען אויף אַ גאַנץ יאָר. דער עיקר מאַנגל איז געווען אין קליידונג, אין שוכוואַרג אויף שבת, א. אַ. וו. די הויפּט־הילף און שטיצע פאַר די געדריקטע פלעגן קומען פון די יידן־ישובניקעס און בעלי־בתים, וועלכע פלעגן אַריינשיקן פאַר אָרעמע אויף שבת און פאַר קראַנקע. די גאַנצע געגנט אַרום שטעטל איז געווען באַזעצט מיט ישובניקעס — זייער וואַרעמע און יידישע מענטשן וואָס פלעגן מיט אַ ברייטער האַנט שטיצן און העלפן אָרעמע מיט וואָס נאָר זיי פלעגן קאָנען. אין ימים־טובים און שבתים פלעגן זיי קומען אין שטעטל אַריין מיט זייערע פאַמיליעס. אָט די אַלע יידן האָבן געהאַלטן אין אַרענדע די פאַקטן אין די הויפן ביי די פריצים. אַנדערע האָבן געהאַט קרעמלעך, קרעטשמעס און שענקן. דער דאָזיקער מצב האָט זיך געצויגן אַזוי לאַנג, ווי עס האָט געהערשט אין רוסלאַנד דער צאַר אַלעקסאַנדער דער 3־טער און אַז ער איז געשטאָרבן און עס איז געקרוינט געוואָרן זיין זון ניקאָלאַי דער 2־טער איז דאָס לעבן געוואָרן שווערער. מען האָט געלייגט גרויסע האָפענונגען אויף בעסערע צייטן און צום סוף האָבן זיך גאָר אַ שאָט געטאָן נייע גזירות אויף יידן.

לויט דער ערשטער גזירה פון „נאָוואָסיעליעניע״, האָבן יידן ניט געהאַט מער קיין רעכט צו וווינען אין די דערפער און געמוזט זיי פאַרלאָזן. עס איז אַרויפגעלייגט גע־וואָרן אַ מאָנאָפּאָל אויף די שענקן און קרעמלעך. נאָר די לאַנג־יעריקע תושבים זיינען נאָך צייטווייליק געבליבן. דער גרעסטער טייל איז אַריבער וווינען אין די שטעטלעך און אַ טייל — האָט עמיגרירט קיין אַמעריקע.

## הילפס־אינסטיטוציעס אין שטעטל

אין דער אָ צייט איז אין בעליצע אויסגעבראָכן אַ גרויסע שריפה און אַ גרויסער טייל פון שטעטל איז פאַרברענט געוואָרן. מיט דער הילף פון די וואַלד־סוחרים, וואָס

האָבן געהאַנדלט אין דער געגנט, האָט מען זיך ווידער אויסגעבויט. גלייך נאָך דעם האָט אויסגעבראָכן אַ טיפוס־עפּידעמיע. די קראַנקייט האָט זיך פאַרשפּרייט און מען האָט גענומען זוכן אַ ליזונג צו איר. מיין פעטער, ר׳ חיים־נח קאַמענעצקי ז״ל, איז געווען דער ערשטער און מיט אים נאָך אַ גרופּע אָנגעזעענע שטעטלשע יידן האָבן צוזאַמען אָרגאַניזירט די חברה „ביקור־חולים״, וואָס האָט געשטעלט פאַר זיך דעם ציל צו העלפן ראַטעווען די שווער־קראַנקע. יעדע וואָך פלעגט מען זאַמלען געלט, וואָס האָט געדינט ווי אַ פאָנד אויף צו ברענגען אַ דאָקטאָר, געבן רפואות און מכשירים. אויך יונגע בחורים און מיידלעך האָבן פרייוויליק געמאָלדן וועגן זייער גרייטקייט צו גיין שלאָפן ביי די קראַנקע ווי אויך זיי צו באַדינען. אין יענער צייט איז דאָס אָרגאַניזירן אַזאַ חברה געווען זייער נויטווענדיק און זי האָט טאַקע געבראַכט אַ סך נוצן.

די צווייטע וויכטיקע אונטערנעמונג איז געווען דאָס שאַפן אַ „גמילות־חסד״־קאַסע אין שטעטל, וועמענס ציל עס איז געווען צו העלפן די אָרעמערע קרעמער און בעלי־מלאָכות. דעם ערשטן גמילות־חסד האָט געשענקט ר׳ שלום נאַמיאַט, דער אַרענדאַטאָר פון הויף. נאָך דעם ווי מען האָט צוזאַמענגענומען עטלעכע הונדערט רובל, האָט יעדער נצרך באַקומען אַן הלוואה און אויסגעצאָלט וועכנטלעך. די קאַסע האָט געבראַכט נוצן פאַר אַ סך מענטשן אין שטעטל. אין שפּיץ פון דער גמילות־חסד־קאַסע זיינען געשטאַנען: ר׳ חיים נח קאַמענעצקי, איצע לייזער קויפמאַן, יוסף פאַנימאָווסקי און אַנדערע.

## ציוניסטן אין בעליצע

די ציוניסטישע באַוועגונג האָט אויך געפונען איר אָרט אין בעליצע. נאָך דעם ווי עס האָבן אין דער אומגעגנט זיך גענומען אָרגאַניזירן קרייזן פון דער באַוועגונג, האָבן ר׳ חיים־נח קאַמענעצקי, ר׳ נחמן שאַבשינסקי, משה לייב קאָנאָפּקין, ר׳ יהושע יאַסינאָווסקי און מיכאל לעווקאָווסקי אָרגאַניזירט און געשאַפן אין בעליצע דעם ערשטן חוג פון ציוניסטן. זייער פיל יוגנטלעכע האָבן זיך איינגעשריבן ווי מיטגלידער. מען פלעגט זיך טרעפן און לייענען צוזאַמען דעם ציוניסטישן זשורנאַל „דער־ייד״ און אויך דעם „הצפירה״. מען פלעגט אויך איינאָרדענען רעפעראַטן וועגן ארץ־ישראל. יעדן פרייטיק פלעגט מען זיך צוזאַמענטרעפן ביי מיין פעטער ר׳ חיים־נח ווו מען פלעגט ריידן איבער עניני־דיומא. עס זיינען אויך געווען פיל קעגנער און שטערער, איבער־הויפּט פון די פרומע קרייזן, וועלכע האָבן געהאַסט הערצלס לערע. ניט קוקנדיק אויף דעם האָט זיך די באַוועגונג פאַרגרעסערט און אַפילו געהאָלפן אַנדערע שטעטלעך זיך צו אָרגאַניזירן. הרב ריינעס זצ״ל פון לידע האָט געמאַכט פיל אָנשטרענגונגען צו פאַר־שטאַרקן די באַוועגונג. זיין השפעה איז געווען גרויס אין דער גאַנצער אומגעגנט.

## בעליצער רעוואָלוציאָנערן

אין די יאָרן פון 1900 ביז 1903 האָבן זיך געפירט די מלחמות מיט כינע און רוסלאַנד האָט צוגענומען מאַנדזשוריע. עס האָט ניט לאַנג געדויערט און עס איז אויסגעבראָכן די קריג מיט יאַפּאַן. יידן אין שטעטל האָבן אָנגעהויבן מורא קריגן און פיל פון זיי האָבן עמיגרירט קיין אַמעריקע און ענגלאַנד. די מלחמה מיט יאַפּאַן האָט זיך שנעל פאַרענדיקט מיטן זיג פון יאַפּאַן. יידן האָבן אויך צוליב דעם געליטן צרות. עס האָט זיך אַ שאָט־געטאָן אַ כוואַליע פון פּאָגראָמען און רויב־אָנפאַלן מצד דעם המון, וואָס איז אונטערגעהעצט געוואָרן מיטן ציל צו פאַרטומלען דעם דורכפאַל מיט יאַפּאַן.

פון דער אַנדערער זייט איז ווידער אַנטשטאַנען אַ רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג. עס זיינען אויסגעבראָכן שטרייקן אויף דער באַן און אין פאַבריקן. די צאַרישע מאַכט האָט אָבער שנעל דערשטיקט יעדן ווידערשטאַנד און די ריכטיקע דעמאָקראַטיע איז ניט געקומען.

די יידישע רעוואָלוציאָנערן האָט מען גלייך פאַרשיקט קיין סיביר און אַפילו געשאָסן. אַ קליינער טייל פון בעליצער יידישע רעוואָלוציאָנערן זיינען אַנטלאָפן קיין אַמעריקע.

די רו האָט זיך אַ ביסל איינגעשטעלט און דאָס לעבן האָט זיך נאָרמאַליזירט. אָבער אין שטעטל האָט זיך די אָרעמקייט ניט געענדערט; זי איז נאָך אַלץ געווען גרויס, מען האָט געזוכט וועלכע עס איז מעגלעכקייט צו פאַרבעסערן די שווערע עקאָנאָמישע לאַגע פון די שטעטלשע יידן.

## הרב רודניק ז״ל

דער אַלטער רב פון שטעטל, ר׳ לייב זצ״ל, האָט איבערגעגעבן דעם כסא הרבנות דעם יונגן רב, ר׳ יוסף רודניק, וועלכער איז געווען אַ גרויסער תלמיד־חכם, אַ דרשן, און אַן אויפטוער פאַרן כלל. אין שטעטל האָט ער זייער אויסגענומען. ער האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט דער מאַטעריעלער לאַגע פון דעם כלל און מען האָט געקלערט, ווי אַזוי צו שאַפן מער פרנסה. הרב רודניק ז״ל האָט גערופן אַן אסיפה פון אַלע מפרנסים אויף וועלכער מ׳האָט באַשלאָסן צו פאָרן און משתדל זיין זיך ביי דער רעגירונגס־מאַכט אין ווילנע, אַז עס זאָלן פאָרקומען וועכנטלעכע מערק אין שטעטל.

צוויי בעלי־בתים, מיין פאָטער אברהם יאָסעלעוויטש און משה שימאַנאָוויטש זיינען געפאָרן צום גובערנאַטאָר אין ווילנע און נאָך גרויסער מי און מיט דער הילף פון געלט־מתנות, האָט מען געפועלט, אַז יעדן מיטוואָך זאָלן זיך שטעלן מערק אין שטעטל און עטלעכע מאָל אין יאָר — יארידן. דאָס שטעטל האָט נאָך דעם אויפגעלעבט. עס איז גרינגער געוואָרן מיט פרנסה. עס האָבן זיך געעפנט מער געשעפטן. די איינציקע

שווערקייט איז געווען מיטן ברענגען די סחורה פון לידע. דער וועג איז געווען זייער אַ שלעכטער און די בעלי־עגלות פלעגן זיך אויסמאַטערן פירנדיק די סחורות במשך אַ גאַנצער נאַכט, זומער אין רעגן און ווינטער אין שניי.

## די עקאָנאָמישע לאַגע בעסערט זיך

די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג האָט זיך געמערקט אין אַלע הינזיכטן. חוץ דעם וואָס די קרעמער האָבן מער געלייזט, האָבן זיך געעפנט רעסטאָראַנען פאַר די פויערים, וואָס פלעגן קומען פון די דערפער. מען האָט אַריינגעפירט אין שטעטל אַ גראַמאָפאָן און דאָס איז געווען אַ גרויסע סענסאַציע. אויך אַן אַפּטייק איז געעפנט געוואָרן. איך האָב געהאַלטן אַ דראָגעריע און פּערפומעריע־געשעפט. אין יענע צייטן האָט אַזאַ זאַך געשמעקט מיט פּראָגרעס. עס האָט זיך אויך אָנגעהויבן פילן צווישן דער יוגנט אַ שטרעבונג צו לערנען, וויסן און פאַרפולקאָמען זיך אין וועלטלעכער בילדונג. אַ טייל זיינען אַוועקגעפאָרן לערנען אין לידע אין די מיטל־שולעס, גימנאַזיעס און פאַך־שולעס.

נאָך דעם ווי די פּריצים האָבן אָנגעהויבן ליקווידירן די הויפן אין געגנט איז אויך אין בעליצע געקומען אויף דעם די ריי. די וועלדער אַרום שטעטל האָט מען אויסגעהאַקט און מען פלעגט שיקן דאָס האָלץ מיטן טייך ניעמאַן קיין דייטשלאַנד, דורך ליטע. פיל יידישע סוחרים און וואַלד־פּאַכליִיט זיינען געווען באַשעפטיקט ביי דעם און די קריסטן, וועלכע פלעגן אַרבעטן און פאַרדינען, האָבן אַריינגעבראַכט פיל פּרנסה אין שטעטל און מען האָט געצויגן פון דעם חיונה. פון דער אַנדערער זייט האָבן בעלי־מלאכות זיך געשראָקן, אַז זיי וועלן בלייבן אָן אַרבעט, ווייל די פּאַראָבקעס פון די הויפן וועלן זיך אַרומדרייען ליידיק, וועלן זיי זיין אָן פאַרדינסט, אויב עס וועלן ניט עקזיסטירן מער די הויפן...

## דער בעליצער הויף ווערט פאַרצעלירט

דער בעליצער הויף האָט געהערט צום גראַף וויטקענשטיין און האָט זיך געפונען אין אַרענדע ביים ייד שלום נאָמיאָט. גלייך נאָך דעם ווי די וועלדער זיינען עקספּלאָאַטירט געוואָרן, איז געקומען די צייט אויף די ערד, בנינים און אַנדערע גוטס. דאַן זיינען געקומען צוויי יידן און האָבן איבערצייגט דעם אָנגעשטעלטן שטעלפאַרטרעטער גראַף קאַרפּינסקי צו פאַרקויפן די איבעריקע פעלדער, ערד און בנינים. די יידן האָבן אויפגעוויזן דעם גראַף קאַרפּינסקי, אַז די הוצאות פון די הויפן זיינען מערער פון די הכנסות.

קאַרפּינסקי איז געקומען אין קאָנטאַקט מיטן גראַף וויטקענשטיין, וועלכער האָט זיך געפונען אין אויסלאַנד. ער האָט באַקומען די באַפולמעכטיקונג דערצו און דאָס עסק איז געמאַכט געוואָרן. אין בעליצע האָט זיך געעפנט דאָס ביורא פון די סוחרים

און די איינוווינער האָבן ווידער געצויגן פּרנסה. פּאַכלייט ווי: שאַפּערס, בראַקערס און קאַסירער האָבן זיך קאָנצענטרירט אין שטעטל. ווען עס פלעגן זיין די אויסצאָלונגען פון געלטער פאַר די אַרבעטער, פלעגט אַריינפאַלן געלט צו די סוחרים, הענדלער, קרעמער און אַנדערע. אין שטעטל פלעגט שווימלען פון די פּשוטע וואַלד־אַרבעטער, פּאַראָמ־שטשיקעס, פורמאַנעס, וועלכע האָבן אריינגעבראַכט ניט נאָר היונה נאָר אויך מער באַוועג־גונג פון מענטשן. דאָס איז געווען אַ צייט, ווען די יידן אין שטעטל האָבן אויפגעלעבט און אַלץ האָט פּראָגרעסירט.

דער בעליצער הויף איז פאַרצעלירט און פאַרקויפט געוואָרן צו קריסטן פון נאָענטן דאָרף קראַסנע־דאָרף. דער פּאַלאַץ איז געבליבן ביי אַ בעליצער קריסט. דער פּאַראָם פון הויף איז געווען אין די הענט פון דעם נדבן מוניע מאַלטשאַדסקי, וועלכער האָט אין משך פון יאָרן געשטיצט די יידן פון שטעטל, איבערהויפּט, ווען דער עקספּאָרט פון האָלץ קיין דייטשלאַנד — דורכן ניעמאַן — איז געלעגן אין זיינע הענט.

## די ערשטע וועלט־קריג

נאָך די געשעענישן פון 1905, האָט די רעגירונג פאַרשטאַרקט אומעטום אירע מאַכט־אָרגאַנען. קיין בעליצע זיינען אַראָפּגעקומען: אַ פּריסטאַוו מיט פינף סטראַזש־ניקעס, אַ געריכט מיט אַ „זיעמסקי נאַטשאַלניק" פאַר ערד־סכסוכים, אַ „פּאָטשטער" און עס איז געעפנט געוואָרן אַ פּאָסט. פאַרשטענדלעך, אַז די נייע מאַכט־אָרגאַנען האָבן געמאַכט אַ ביסל צרות אין שטעטל, נאָר מען האָט זיך אויך דערצו צוגעוווינט.

יאָרן זיינען פאַריבער און ווען ניט ווען פלעגט די פּרעסע ברענגען פאַרשידענע נייעסן וועגן אַנטיסעמיטישע פּאָגראָמען אין שטעט און אויך וועגן רעוואָלוציאָנערע אונטערערדישע באַוועגונגען. אין יאָר 1911 האָב איך זיך צוגעשטעלט צו מיליטער־דינסט און כ׳בין געוואָרן אַ צאַרישער סאָלדאַט טיף אין רוסלאַנד, אין דער שטאָט ריאַזאַן.

קורץ פאַרן ענדיקן דעם דינסט, האָט מען מיך געלאָזט אויף „אָטפּוסק". קומענדיק אַ היים איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־קריג. אָפּזייענדיק עטלעכע וואָכן אין דער היים, בין איך געפאָרן צו מיין ברודער זעליג צו גאַסט. ער האָט געלעבט אין טשערניגאָוו.

ווען איך האָב זיך צוריקגעקערט קיין בעליצע האָט שוין געהאַלטן ביים סוף פון דער מלחמה. די דייטשן זיינען געווען אין סטאַדיום פון אָפּטרעטן פון די פאַרנומענע שטחים. די צאַריש־רוסישע אַרמיי — צעקלאַפּט, און די באָלשעוויסטישע אַרמיי האָט זיך גערוקט פאַרויס מערב־צו. די דייטשן האָבן פאַראַרעמט די יידישע איינוווינער פון שטעטל. זיי האָבן אַלץ אַוועקגענומען פאַר די זעלנער. ביי די קריסטן האָבן זיי צוגענומען די בהמות, פערד און וועגן. ביי יידן האָבן זיי אַוועקגערויבט אלץ פון

שטוב, זיי האָבן אויך געטריבן צו שווערער אַרבעט, ווי גראָבן אָקאָפּעס און דעסגלייכן. דער מסחר האָט זיך געהאַט אָפּגעשטעלט און אין שטעטל האָבן געהערשט הונגער, קראַנקייט און חורבן. פון ווייטערע שטעט פלעגן יידן טראָגן זייער לעצטע ביסל פאַרמעגנס, כדי דאָס צו טוישן אויף אַ שטיקל ברויט. געשוואָלן פון הונגער פלעגן זיי זיך אָן אַן אויפהער שלעפּן איבער די וועגן. אָבער דאָס איז נאָך ניט געווען דער סוף פון ליידן.

## די רוסישע באַנדיטן און די יידישע קרבנות

רוסישע סאָלדאַטן געפאַנגענע ביי די דייטשן, וואָס זיינען געווען שטאַרק אונטערדריקט, האָבן זיך אָרגאַניזירט און זיינען אַנטלאָפן פון די לאַגערן. זיי האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אין גרופּעס און זיך קאָנצענטרירט אין די וועלדער, נאָענט פון דערפער. די פּויערים האָבן זיי אונטערשטיצט און דאַן פלעגן זיי אַרויסגיין אויף די וועגן, רויבן און הרגענען, ספּעציעל יידישע דורכפאָרער, בעלי־עגלות, און קריסטן וועלכע זיינען געווען דייטשע אָנגעשטעלטע. די געפאַנגענע האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין באַנדיטן און זיי האָבן אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף דער יידישער באַפעלקערונג.

זרח קרעמען, וועלכער איז געווען אַ בעליצער בעל־הבית און פאַרמאָגט אַ פּרוכט־סאָד אין דאָרף האָלדעווע, פלעגט פירן דאָס אויבסט קיין לידע צו פאַרקויפן. אין איינעם אַ טאָג, ווען ער האָט געפירט עפּל צום פאַרקויפן, האָבן די אַ באַנדיטן אים געכאַפּט און געהרגעט אויפן אָרט. דאָס פערד האָבן זיי צוגעבונדן צו אַ בוים אין וואַלד און אַלץ פון וואָגן אַוועקגערויבט.

נאָך עטלעכע טעג זוכן, האָט מען דעם בעליצער תושב געפונען אַ דערמאָרדעטן אין וואַלד, און מען האָט אים געבראַכט צו קבר־ישראל אין בעליצע. דאָס איז געווען דער ערשטער קרבן פון די באַנדיטן. דער דאָזיקער שוידערלעכער פאַל האָט אָנגעוואָרפן גרויס פּחד אויף דער אַזוי אויך אויסגעמאַטערטער יידישער באַפעלקערונג. די דייטשע מאַכט־אָרגאַנען האָבן גאָרניט געקענט טאָן. זיי האָבן אַליין געציטערט פאַר די באַנדיטן און האָבן ניט אָנגענומען קיין שום מיטלען קעגן זיי, ווען מ׳האָט זיך צו זיי געווענדעט וועגן הילף.

פלוצלינג האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן קלאַנגען, אַז די באַנדיטן ווילן באַפאַלן דאָס שטעטל.

אין איינער אַ ווינטער־נאַכט האָט זיך אַריינגעכאַפּט קיין בעליצע אַ גרופּע באַנ־דיטן, זיינען גלייך אַריין אין שטוב פון אָנגעוויזענעם בעל־הבית ר׳ יהושע יאַסינאָווסקי און געפאָדערט פון אים אַ קאָלאָסאַלע סומע געלט, אַנדערש וועלן זיי אים דערמאָרדן. נאָך אַ שווערן געראַנגל מיט זיי, האָבן די באַנדיטן אים געהרגעט אין זיין שטוב. אין דער זעלבער נאַכט האָבן זיי אויך אַוועקגערויבט ביי איזשקע ראובנס געלט און ווערטזאַכן.

נאָך דעם צווייטן אָנפאַל, האָבן פּחד און מורא געהערשט אין שטעטל. אין אָוונט פלעגט מען זיך גוט פאַרשליסן און בלייבן אין שטוב מיט דער שרעק פאַר אַן אָנפאַל.

די יונגע־לייט האָבן באַשלאָסן צו שאַפן אַ זעלבסט־שוץ און קויפן געווער, כדי אין פאַל פון אַ נייעם אָנפאַל, זאָל מען זיך שוין אַנטקעגנשטעלן. עס איז אָבער וויניק געלט געווען און עס איז אויך ניט געווען פון וועמען צו קויפן.

קורץ נאָך דעם, ווי די דייטשן האָבן געמוזט אָפּטרעטן און אין געגנט איז שוין כמעט ניט געווען קיין ריכטיקע מאַכט און אויך קיין אָרדענונג, האָבן די קריסטן שטילערהייט פאַרשפּרייט שמועות, אַז די באַנדיטן קלייבן זיך אָנפאַלן אויף דער יידישער באַפעלקערונג אין בעליצע.

אין 1918 (ענדע יאָר), איז אַ גרעסערע גרופּע פון באַנדיטן אָנגעקומען פון דער צווייטער זייט פון ניעמאַן און האָבן אַרומגערינגלט די יידישע גאַסן. אין מיטן העלן טאָג האָבן זיי געעפנט אַ פייער אויפן יידישן מאַרק. די יידישע זעלבסט־שוץ האָט זיך ניט געקאָנט אַנטקעגנשטעלן אַזאַ כוח, און די באַנדיטן האָבן זיך אַריינגעריסן אין די הייזער. רויבנדיק אַלץ וואָס זיי האָבן געפונען אונטער דער האַנט, האָבן זיי געשלאָגן מכות־רצח און געטריבן יעדן פון די שטיבער אין דרויסן אַרויס. אונדזער משפחה האָט זיך באַהאַלטן אין געסעלע ביי אַלטער דעם בלינדן אין שטוב. זיי האָבן אונדז דאָרט געפונען און געפּאָדערט פון פאָטער ע״ה 10.000 רובל און אים גערופן ביי זיין נאָמען, וויסנדיק, אַז ער איז אַ רייכער בעל־הבית. ווען ער האָט זיי דערקלערט, אַז אַזאַ סומע קען ער ניט געבן, האָבן זיי אים צוגעשטעלט צו דער וואַנט צום שיסן. ווי אַ געוויזענער סאָלדאַט האָב איך זיי געבעטן, אַז זיי זאָלן אונדז ניט טאָן קיין שלעכטס. דאָס האָט עפּעס געווירקט. זיי האָבן אַראָפּגעצויגן ביי אונדז די שטיוול, גוט צעשלאָגן און זיי זיינען אַוועק ווייטער רויבן. פונדערווייטנס זיינען צו אונדז דער־גאַנגען שרעקלעכע געשרייען און געוואַלדן, וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פון יידישע הייזער, בעת די מענטשן האָבן זיך געבעטן מ׳זאָל זיי ניט הרגענען.

די באַנדיטן האָבן אָבער אויסגעפירט זייער ציל. אין דעם אָ טאָג זיינען דערמאָרדעט געוואָרן פיר יידן פון שטעטל און עס איז פאַרוווּנדעט געוואָרן טייבע יאַנקל מעקעלס.

די קרבנות זיינען געווען: ר׳ יאַנקל מעקעל, חיים דאַלקעס, מרדכי־נח קאַפּלס און בערל דעם שוסטערס פאָטער, וועלכער איז געקומען פון לידע צו גאַסט צום זון. דאָס גאַנצע יידישע האָב און גוטס, וואָס די באַנדיטן האָבן אָנגערויבט אין שטעטל, האָבן זיי אָנגעלאָדן אויף 5 פורן אויך צוגענומענע ביי די יידן און עס אַוועקגעפירט אין די דערפער הינטערן ניעמאַן. אויך אונדזער פור האָבן די באַנדיטן צוגערויבט. דער פאָטער ע״ה איז פון די שטאַרקע קלעפּ, וואָס ער האָט באַקומען, קראַנק געוואָרן און איז לאַנגע וואָכן געלעגן צו בעט, ביז ער איז צוריק געקומען צו זיך. די זעלבע באַנדעס האָבן אויך געפּרוּווט אָנפאַלן אויף לידע און זשעטל, אָבער דאָרט האָט די



זעלדע און אברהם יאָסעלעוויטש

זעלבסט־שוץ זיי באַגעגנט מיט געווער און זיי פאַרטריבן. ביז די באָלשעוויקעס זיינען אָנגעקומען איז די געגנט און אויך בעליצע געווען אָן וועלכער ס׳איז מאַכט. נאָך דער באָלשעוויסטישער אָקופּאַציע איז אַריינגעקומען אַ שטיקל אָרדענונג אין לעבן. נאָר צופרידן איז מען אויך דעמאָלט ניט געווען, ווייל די באָלשעוויסטישע אַרמיי איז געווען אָרעם און אויך זי האָט געמוזט נעמען פון דער אויסגעאָרעמטער באַפעלקערונג. די באָלשעוויסטישע אַרמיי האָט געצויגן נאָך וואַרשע. אין יאָר 1920 האָבן די באָלשע־וויקעס זיך געטראָפן מיט די נײַ־פאַרמירטע פוילישע לעגיאָנען, אונטער פּילסודסקיס אָנפירערשאַפט.

## די פּאָליאַקן נעמען איבער די מאַכט

די באָלשעוויקעס האָבן דאָרט געליטן אַ שווערע מפּלה און באַרוועסע זיינען זיי געלאָפן צוריק נאָך רוסלאַנד. עס האָט לאַנג ניט געדויערט און די פוילישע לעגיאָנען האָבן פאַרנומען גאַנצע שטחים און זיינען אויך אָנגעקומען אין אונדזער געגנט. ווידער האָבן זיך גענומען שיטן צרות און ליידן אויף יידן. פוילישע אַנטיסעמיטן האָבן געהרגעט און רויבירט. מ׳האָט אַרעסטירט פיל פון די בכבודיקע יידן אונטערן אויסרייד, אַז אַלע יידן זיינען קאָמוניסטן. שפּעטער, אַז עס האָט זיך איינגעשטעלט אַ געוויסע אָרדענונג

אין שטעטל, האָט מען ווידער אַלע יידן געטריבן אויף שווערער אַרבעט צום טייך ניעמאַן, כדי אויפצובויען אַ פּאַראָם פאַר דער אַרמיי. יידן האָבן געטאָן די אַרבעט, כאָטש מען האָט ניט געהאַט די נויטיקע מאַטעריאַלן, וואָס מען האָט געברויכט און טראָץ דעם, וואָס מ׳האָט ניט געהאַט קיין אַנונג ווי אַזוי דאָס צו מאַכן. די גרעסטע צרות איז מען אויסגעשטאַנען פון די אייגענע קריסטן — מיעשטשאַניעס. ווי פּאַליאַקן האָבן זיי ביי יעדער געלעגנהייט אויפגערייצט די פּוילישע לעגיאָנערן. אין איינעם אַ טאָג האָבן זיי אַרעסטירט מיין פעטער ר׳ חיים־נח קאמענעצקי און אַוועקגעפירט אים אין זייער שטאַב. אַ דאַנק דער אינטערווענץ פון יעלנער גלח, וועלכער איז געווען זייער אַ ליבעראַלער מענטש און אַ יידן־פריינט, האָט מען אים באַפרייט. באַזונדערס האָט ר׳ חיים־נחס טאָכטער — שולמית (איצט אין ירושלים) איינגעשטעלט איר לעבן, איז געפאַלן צו די פיס פון די פּוילישע שטאַבס־לייט, געבעטן ביי זיי רחמים פאַרן פאָטער ווענן, ביז מען האָט אים געשיקט אַ היים.

עס איז אויך געווען אַ פאַל מיט דוד־הירשלען און זיינע צוויי שותפים צום האַנדל (ישראל מיירים קרעמען און לייבקע חיימס), וועמען די פּאַליאַקן האָבן געכאַפּט פירנדיק אייער און עסנוואַרג קיין לידע. זיי האָבן קאָנפיסקירט די סחורה, שטאַרק צעשלאָגן די יידן און אַוועקגעפירט זיי אין שטאַב, וואָס איז געשטאַנען אין דאָרף נעטעצע. ווידער איז מען געלאָפן צום יעלנער גלח, וועלכער האָט אינטערוועגירט און די דריי יידן זיינען באַפרייט געוואָרן. נאָך פאַרשידענע צרות איז מען אויסגעשטאַנען פון אָט די פּוילישע אַנטיסעמיטן, ביז עס האָט זיך סטאַביליזירט די אָרדענונג און דאָס לעבן האָט זיך אָנגעהויבן נאָרמאַליזירן.

די יידישע יוגנט אין שטעטל איז געווען מיד פון אַזוי פיל איבערלעבענישן אין דער שווערער מלחמה און אַ גרויסער טייל האָט דעצידירט צו עמיגרירן קיין אַמעריקע.

די נייע פּוילישע רעגירונג האָט זיך געשטעלט זייער שנעל אויף די פיס און אין לאַנד איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ דעמאָקראַטישער רעזשים. גלייך פון די ערשטע יאָרן אָן, האָט שוין עקזיסטירט אין בעליצע א גמינע, אויסגעווילט דורך די בירגער. מען האָט אויסגעבויט אַ נייע בריק איבערן ניעמאַן אויפן וועג קיין זשעטל און אויך אַ ברוקירטן שאָסיי נאָך לידע. אויך די גאַסן אין שטעטל האָט מען אויסברוקירט מיט שטיינער.

דאָס לעבן איז פיל לייכטער געוואָרן. עס האָט זיך ווידער אַטוויקלט דער מסחר און בעלי־מלאכות האָבן געעפנט נייע וואַרשטאַטן. עס האָט זיך געפילט אַן אַנטשפּאַנונג נאָך די לאַנגיאָריקע ליידן. דער מסחר איז געווען דער מקור פון וועלכן די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג כמעט האָט געצויגן די חיונה.

דער שאָסיי קיין לידע האָט פאַרלייכטערט די פאַרבינדונג מיט דער גרויסער

שטאָט. ס׳איז גרינגער געוואָרן מיטן ברענגען און ליפערן סחורה, ווי אויך מיטן אָנ־קומען צו די העכערע רעגירונגס־אַנשטאַלטן.

דער בעליצער ייד ר׳ יעקב קאַטליאַרסקי האָט געשטעלט אַן אויטאָבוס נאָך לידע, וואָס איז געווען זייער נויטווענדיק פאַרן שטעטל.

## אַ פאָלקס־באַנק און שולע „חורב" אין איין בנין

עס האָבן פונדאָסניי זיך גענומען אָרגאַניזירן פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן. מיין פעטער ר׳ חיים־נח, ער מיט נאָך עטלעכע בכבודיקע בעלי־בתים, האָבן גענומען אינטערווענירן ביי די העכערע יידישע פינאַנסיעלע אינסטאַנצן וועגן שאַפן אַ באַנק אין שטעטל. דער ווילנער ידישער פינאַנסיעלער צענטער „יעקאָפאָ", האָט געהאָלפן מיט געלט, און יעדער איינער, וואָס האָט זיך איינגעשריבן ווי אַ מיטגליד, האָט איינגעצאָלט אַ „פאַי" אין דער סומע פון 100 זלאָטעס. די באַנק איז געווען איינע פון די וויכטיקסטע אינסטיטוציעס, וואָס האָט אויסגעשטערקט הילף פאַר סוחרים, קליינהענדלער, האַנטווערקער. אין שפּיץ פון באַנק זענען געשטאַנען: אברהם קרעמעז, דער אַפּטייקער, ר׳ שמואל יוסף איצקאָוויטש, ר׳ לייזער יאַנקילעווסקי, ר׳ יעקב קאַט־ליאַרסקי, ר׳ שעפּטע קויפּמאַן. דער סעקרעטאַר איז געווען מיין פעטער — ר׳ חיים־נח קאַמענעצקי, וועלכער האָט זיין גאַנץ לעבן אַוועקגעגעבן פאַר דעם. יעדע וואָך פלעגן זיך צוזאַמענטרעפן די חברים פון קאָמיטעט און ר׳ חיים־נח פלעגט אָפּגעבן אַ דין־וחשבון פון דער אַרבעט.

צו יענער צייט, האָבן די חדרים זיך אויך צוביסלעך ליקווידירט און אין די נייע שולעס, וואָס זיינען אַנטשטאַנען, האָט מען געלערנט עברית און אויך אַלגעמיינע לי־מודים. מען האָט געלערנט אין דער ווייבערשער שול „עזרת־נשים" פון אַלטן בית־־המדרש. דער נייער בית־המדרש איז פאַרברענט געוואָרן קורץ נאָך דער מלחמה.

די באַנק איז געווען לאָקירט צייטווייליק ביי משה לייבס אין שטוב. עס איז ניט געווען קיין פּאַסיקער פּלאַץ, און דער קאָמיטעט האָט אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַ נייעם בנין. אויך די עלטערן פון די לערנענדיקע קינדער האָבן געפאָדערט, מען זאָל זוכן אַ פּלאַץ פאַר אַ שולע. עטלעכע בעלי־בתים זיינען אַוועק געפאָרן צו די וואַלד־סוחרים ה׳ שליט און שפּירא, וועלכע האָבן געשענקט האָלץ, ברעטער און אַרבעטער פון זייער טאַרטאַק. מיט זייער העפלעכער הילף איז אויפגעבויט געוואָרן אַ נייער מאָדערנער ליכטיקער בנין פאַר אַ שולע — אַנטקעגן דעם גרויסן „בית־המדרש" (אין שול הויף־גאַס), וועלכער איז איינגעטיילט געוואָרן אין צווייען: אין קלענערן טייל האָט מען איינגעאָרדנט די באַנק און אין גרעסערן טייל די שולע מיט שיינע ליכטיקע צימערן. אַצינד איז דאָס געווען שוין אַ מאָדערנע העברעאישע שולע מיטן נאָמען „חורב". עס



די שולע „חורב"

זיינען געווען באַשעפטיקט לערער און אויפזעער. דער ניוואָ פון די לימודים איז געווען הויך און מען האָט זיך באמת צו געבן די קינדער אַ גוטע דערציאונג.

אונדזערע בעליצער קינדער האָבן אויך טאַקע זייער גוט געלערנט אין אלע לימודים אין עברית און די פוילישע שפראַך. פיל פון זיי זיינען שפּעטער געפאָרן לערנען אין העכערע שולן אין לידע און אין ווילנע. מאַנכע זיינען שפּעטער געווען העברעאישע לערער און מאַנכע האָבן זיך פאַרפולקאָמט אין אַנדערע פרייע פּראָפעסיעס.

*

אין די אָ יאָרן האָט זיך אַנטוויקלט די ציוניסטישע באַוועגונג און פיל יונגע בחורים פון שטעטל זיינען עולה געווען קיין ארץ־ישראל. צווישן די עולים־חלוצים זיינען געווען: חייקע גרודזינסקי און איר שוועסטער ליבע מיטן ברודער בערל (איצט אין חדרה); יששכר און שולמית קאמענעצקי; דעם הרב רודניקס טעכטער — שרה, ברײַנע און טעמע; בערל קויפמאַן; מיכאל און מיירים ראַטנאָווסקי; מאַקס יאָסינאָווסקי און נאָך פיל אַנדערע.

## אונדזערע אינסטיטוציעס און אונטערנעמונגען

אין שטעטל האָט ווידער עקזיסטירט אַ „גמילות־חסד" קאַסע. אין ועד פון „גמילות־חסד" זיינען אויסגעוויילט געוואָרן 3 בעלי־בתים און דער גבאי איז געווען ר׳ שמואל־יוסף איצקאָוויטש. דער מזכיר איז געווען אפרים רוזשאַנסקי.

ישראל זלאָצאָווסקי האָט זייער פיל געטאָן פאַר דער שוץ פון שטעטל מיטן אָרגאַניזירן אַ „פייערלעשער"־בריגאדע. ער האָט אַוועקגעגעבן מי, צייט און כוח ביז די פייערלעשער־בריגאַדע האָט זיך אַנטוויקלט און זיך פאַרזאָרגט מיט אַ סך כלים צום לעשן שריפות — אַ זאַך, וואָס איז געווען זייער נויטיק פאַרן שטעטל. ער האָט אויך געשאַפן אַן אָרקעסטער, וואָס האָט אַריינגעבראַכט פריילעכקייט אין דעם האַלב־פאַר־שלאָפענעם שטעטל. אויף יעדער חתונה, ווען נאָר אַ פאַראַד, אָדער וועלכע עס איז אַנדערע פייערונג, האָט דער אָרקעסטער פון דער פייערלעשער־בריגאַדע מיט ר׳ ישראל זלאָצאָווסקי בראש געמאַכט פריילעך און געוויילט דעם עולם. מען האָט אויך אויפגע־בויט אַ גרויסע שאָפע, „סאַראַי", פאַר די אַלע פאַזשאַרנע כלים און דאָס האָט אויך געדינט פאַר טעאַטער־פאָרשטעלונגען.



דער דראַמאַטישער קרייז

יונגע בחורים און מיידלעך האָבן געשאַפן דראַמאַטישע קרייזן און האָבן פאָרגע־שטעלט פאַרשידענע יידישע „פיעסעס" צו דעם פאַרגעניגן פון די צושויער. אויך פון אַנדערע שטעט פלעגן אַראָפּקומען אַרטיסטן־טרופּעס. אין אַזאַ קליין שטעטל ווי בע־ליצע, פלעגט דאָס טעאַטער־שפיל ניט אויפהערן צו זיין אַ גרויסע סענסאַציע.

דאָס לעבן האָט זיך נאָרמאַל אַנטוויקלט און עס זיינען סטאַביליזירט געוואָרן די באַדינגונגען. עס האָט זיך געפילט די דעמאָקראַטישע שטרעבונג פון דער רעגירונג, וואָס ס'איז געווען צו יענער צייט די פּאָליטישע ליניע פון פּילסודסקין — דער פירער פון אויפגעלעבטן פוילן.

די לאַגע פון די ידן האָט זיך פיל פאַרבעסערט און דאָס האָט זיך געמערקט ביי יעדן איינעם, ניט וויכטיק מיט וואָס ער זאָל זיך ניט האָבן פאַרנומען. דאָס שטעטל האָט זיך אַ ביסל אויסגעבויט. די קאָמוניקאַציע האָט זיך פאַרבעסערט. צוויי מאָל אין טאָג איז שוין געגאַנגען אַן אויטאָבוס קיין לידע. שפּעטער אויך נאָך זשאָלודאָק און שטשוטשין. איינער פון די בעלי־בתים פון די קאָמוניקאַציע־ליניעס, וועלכע האָט גע־הייסן „לידזיאַנקאַ" איז געווען נח אבא גאַפּאַנאָוויטש און אין דער זעלבער געזעלשאַפט האָבן אויך געאַרבעט יאַנקל קרעמען און יאַנקל מעקעל, די בעליצער יונגע לייט.

אין בית־המדרש האָט מען געלערנט אין די אָוונטן אַ פּרק משניות. עס האָט אויך עקזיסטירט אַ חברה־תהילים. עלטערע מענטשן האָבן אויך אויפגעשטעלט אַנדערע חברות.

אויך די „חברה־קדישא" האָט מאָדערניזירט איר אַרבעט. מען האָט צוגעקויפט שטח צום בית־הקברות און אים אַרומגעצוימט. דאָס איז געווען אַ קאָלאָסאַלער שריט נאָך דעם ווי יאָרן לאַנג האָט מען דאָס ניט געקאָנט דערגרייכן.

דער לעצטער גבאי פון דער חברה־קדישא, פאַרן גרויסן אומגליק, איז געווען ר' שפּטע קויפמאַן ז"ל. ביי אים אין שטוב האָט זיך אויך געפונען דער אוראַלטער „פּנקס בליצה" אין וועלכן עס זיינען געווען פאַרשריבן אַלע וויכטיקע געשעענישן פון שטעטל במשך פון הונדערטער יאָרן, ווי אויך אַ רשימה פון אַלע נפטרים.

### עס דערנענטערט זיך דער סוף...

די בעסערע לאַגע האָט זיך געענדערט מיטן טויט פון פּילסודסקין, אין יאָר 1935. אַנדערע ווינטן האָבן גענומען בלאָזן. די אַנטיסעמיטן האָבן אָנגעהויבן הייבן די קעפּ. עס האָבן זיך געשאַפן אַנטיסעמיטישע אָרגאַניזאַציעס ווי „ען־דע" און „אָזאָן". אין די אוניווערסיטעטן האָבן יידישע סטודענטן געקריגן געשלאָגן. שפּעטער האָבן זיי נאָך געמוזט זיצן אויף די לינקע בענק. אויך פּיקעטן האָט מען געשטעלט ביי יידישע גע־שעפטן און ניט געלאָזט די קריסטלעכע קונדן קויפן ביי יידן. פּאָגראָמען זיינען געוואָרן אָפטע דערשיינונגען.

אויך אין בעליצע זיינען געווען פיל יידישע שונאים און זיי פלעגן אָפטמאָל אָנרייצן דעם המון צו אַ פּאָגראָם איבער יידישע קראָמען. ספּעציעל פלעגן זיי דאָס מאַכן אין די טעג פון מערק.

שווערע טעג האָבן זיך אָנגערוקט אויף דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן, ספּעציעל נאָך דעם ווי דער היטלער־רעזשים האָט זיך פאַרפעסטיקט און זיך גענומען צו די יידן אין דייטשלאַנד.

פליטים וואָס זיינען אַנטלאָפן פון דייטשלאַנד קיין פוילן, האָבן אויך דערגרייכט אַזש קייז בעליצע, ווו זיי האָבן דערציילט און געשילדערט די שוידערלעכקייטן וואָס עס טוען אָפּ די דייטשן מיט די יידן.

טאָג־טעגלעך פלעגן אָנקומען נייע פליטים. אַלע הויל און נאַקעט, ווייל אַלץ האָבן די דייטשן ביי זיי צוגענומען. אַלץ, וואָס מיר האָבן געהערט פון זיי איז עפּעס אויסגעקומען אַזוי אוממעגלעך, אַזוי אוממעגלעך...

און אַזוי איז די צייט געלאָפן. פון טאָג צו טאָג האָט זיך די לאַגע פאַרערגערט, ביז עס האָט אויסגעבראָכן די פויליש־דייטשע מלחמה אין יאָר 1939 און דאָס וואָס האָט אויסגעזען צו זיין אַזוי אוממעגלעך איז נאָענט און טרויעריק רעאַל געוואָרן...

מנחם ניב (מאַקס יאַסינאַווסקי)

## דער בלוטיקער ראש־השנה תרע״ט (1918)

יאָר 1918, דריי טעג פאַר ראש־השנה. שפּעט נאָך מיטאָג. איך, אַ יינגל פון קנאַפּע 9 יאָר, שפּיל זיך מיט חברים אויפן גראָז הינטער די קראָמען. דער טאַטע מיט גאַרבע־ראַוויטשן (פון ניעמאַן) זענען אָקאָרשט געקומען צו פאָרן פון וואַלד. דער טאַטע רופט מיך און שיקט מיך צו אַ געוויסן גוי, ער זאָל קומען נעמען גאַרבעראַוויטשן קיין סטאַציע ניעמאַן. דעם גוי טרעף איך ניט אין שטוב און דער טאַטע שיקט מיך צו אַ צווייטן. די מאַמע פאַרשטייט ניט פאַרוואָס מוז גאַרבעראַוויטש פאָרן אַזוי שפּעט אַהיים, ער קען דאָך נעכטיקן ביי אונדז. דער טאַטע אָבער שטייט אויף זיין פאָדערונג: „היינטיקע צייטן דאַרף יעדער שלאָפן ביי זיך אין שטוב״, זאָגט ער. צי האָט זיין האַרץ פאָרויסגעזאָגט וואָס עס וועט געשען ביי נאַכט?

ביינאַכט. עמעצער וועקט מיך ברוטאַליש פון שלאָף. איך עפן די אויגן און זע פאַר מיר צוויי גויים מיט ביקסן אין די הענט. שלמה מיט מאַליען שטייען איבערגע־שראָקענע ביי מיין בעט. די גויים באַפעלן אונדז גיין מיט זיי און פירן אונדז צו די עלטערנס שלאָפצימער.

אין צימער שטייט דער טאַטע אַריינגעשטופּט צווישן אַ שאַפע און אַ טיש. אַ באַנ־דיט שטופּט אים מיטן סטוואָל פון ביקס און פאָדערט „דיענגי" (געלט). פון טאַטן גיסט זיך בלוט. ער בעט ביים באַנדיט רחמים, ער זאָל אים אויפהערן צו שלאָגן. „נעם — זאָגט ער — אַלץ וואָס איז שטוב, אָט שטייען קאַסטנס מיט שניט, קיין געלט האָב איך ניט, ווייל היינט איז געווען אַ זאַפּלאַטע אין וואַלד". דער באַנדיט וויל אָבער ניט הערן און שלאָגט ווייטער.

אין אַ געוויסן מאָמענט, ווען ער האָט, ווי עס ווייזט אויס, ניט געקענט מער פאַר־טראָגן די קלעפּ, האָט ער איבערגעקערט דעם טיש. דער לאָמפּ וואָס איז געשטאַנען אויפן טיש איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער פּאָדלאָגע און דאָס נאַפט האָט זיך אָנגעצונדן. די מאַמע וואַרפט קישנס און קאָלדרעס צו פאַרלעשן דעם פייער.

אין דער סומאַטאָכע דערהערט זיך אַ שאָס און אָט זע איך, דער טאַטע פאַלט אויף דער פּאָדלאָגע און בלוט שפּריצט פון זיין האַרץ. די מאַמע וויל העלפן אָבער איינער פון די באַנדיטן לאָזט איר ניט: „אָן פריטוואָראַיעטסאַ" (ער מאַכט זיך), זאָגט ער. די מאַמע



טייבל יאַסינאַוואַסקי (פון רעכטס) און משפחה

ראַנגלט זיך מיטן באַנדיט, און אָט זע איך אויך די מאַמע ליגט אויפן פּאָדלאָגע. דער באַנדיט האָט איר געגעבן אַ קאָפּע מיטן שפּיץ שטיוול אין זייט. זי איז געפאַלן און ניט געקענט זיך אויפהייבן.

די מאַמע האָט שפּעטער דערציילט, אַז ווען זי איז געקומען צו זיך, איז אין שטוב געווען ליכטיק און דער טאַטע האָט זיך געפונען אין שלאָפצימער. האַלטנדיק איר האַנט אויסגעהויכט זיין נשמה און איבערגעלאָזן אַן אלמנה מיט דריי יתומים.

ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָבן די באַנדיטן נאָך בייטאָג זיך באַהאַלטן אין אונדזער צוויי־עטאַזשנער שטוב, ווו עס איז שפּעטער געווען די אַפּטייק. דאָרט האָט געוווינט אַ רוסישער דאָקטאָר, אַן אַנטלאָפענער רוסישער פּליעננִיק, ער איז געווען פאַרבונדן מיט די באַנדיטן. אויך אַנדערע רוסישע אַנטלאָפענע פּליעננִיקעס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער.

די אָרדענונג אין שטעטל האָבן געהאַלטן עטלעכע עלטערע דייטשע סאָלדאַטן, האַלבע אינוואַלידן (אַ שטאַרקערער גאַרניזאָן האָט סטאַציאָנירט אין ניטעצע). אַרויסגייענדיק ביינאַכט פון זייער באַהעלטעניש האָבן די באַנדיטן קודם־כל איבערגעריסן די טעלעפאָן־דראָטן, וואָס האָבן געפירט קיין ניטעצע. צו זייער הילף זיינען געקומען נאָך באַנדיטן. לעבן דער קוזשניע אין עק פון ניטעצער געסל, זיינען געשטאַנען דאָרפישע פורן גרייט אויפצונעמען דעם גראַביאָזש.

אין יענער נאַכט זיינען זיי באַפאַלן נאָך צוויי הייזער, ביי אייזשקען און ביי מיין מומע פייגל, ווו עס האָט אויך געוווינט אליהו יענקלס מיט זיין פרוי. צום גליק האָבן זיי זיך דאָרט באַנוגנט מיט געבן שטאַרקע קלעפּ און ראַבירן וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט. אין דער באַנדיטן־גרופּע, וואָס איז באַפאַלן אונדזער שטוב, איז געווען דער באַנדיט „אָטיעץ אַנדריי״ און ווי מען האָט דערציילט, האָט געמוזט פאַלן אַ קרבן דאָרט ווו ער איז באַפאַלן.

קרוב 50 יאָר זיינען שוין פאָריבער פון יענער טראַגישער נאַכט און ביזן היינטיקן טאָג זע איך פאַר מיינע אויגן דאָס שוידערלעכע בילד, פּונקט ווי עס וואָלט ערשט נעכטן זיך אָפּגעשפּילט.



ביים אַריינגאַנג אין די „פּאַראָווע מיל"




אין וועלדל פון דער גלאָז־הוטע „ניעמען"

דב קויפמאַן

# יידישע יישובניקעס אַרום בעליצע

בעליצער „וואָלאָסט" איז געווען איינער פון די גרעסטע אין לידער „אויעזד" און האָט אַרומגענומען קרוב 70 דערפער. אין יעדער דאָרף האָבן אַמאָל געוווינט 1—2 יידישע פאַמיליעס, וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט פאַרשידנס: קרעמער, שמידן, אַרענדאַרן פון פּאַקטן, פעלדער און סעדער. אַ גרויסער טייל פון די יידן זיינען געווען בעלי־תורה און האָבן געטאָן אַ סך מצוות.

די בערך 100 יידישע משפחות פון די דערפער האָבן זיך גערעכנט אַלס אינטעגראַלער טייל פון די 130 פאַמיליעס פון שטעטל, געווען ענג פאַרבונדן מיטן שטעטל אין מסחר, ביים קויפן און פאַרקויפן, מיט אַלע בעלי־מלאכות און ספּעציעל מיט די „חדרים" צו לערנען די קינדער. פאַר די ימים־נוראים (ראש־השנה און יום־כיפור) פלעגן אָנקומען קיין בעליצע אַלע דאָרפישע יידן מיט די ווייבער און קינדער אויף צענדליקער אָנגעפּאַקטע וועגענער מיט בעבעכעס און עסנוואַרג. די וועגענער זיינען געשטאַנגען ביי באַקאַנטע, אָדער אַרום די בתי־מדרשים, וואָס זיינען געווען אײַבערפולט מיט די יום־טובדיקע געסט.

אַזוי האָט זיך עס געצויגן ביז דעם יאָר 1905, וואָס האָט מיט זיך געבראַכט ניט נאָר די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, נאָר אויך די פּאָגראָם־באַוועגונג. טאַקע אָט די לעצטע באַוועגונג, געבונדן מיט עלילות־דם־העצעס, האָבן געבראַכט דערצו, אַז אַ טייל יידן האָט פאַרלאָזן די דערפער. אין יאָר 1912, ווען ס'איז אַרויס די באַוווסטע גזירה פון צאַר ניקאָלאַי וועגן אַ ספּעציעלן „תחום המושב" פאַר יידן, האָבן די יישובניקעס געמוזט שנעל ליקווידירן זייערע פאַרמעגנס אין די דערפער און זיינען אַריבער אין די שטעט. גאָר אַ קליינע צאָל יידן, וועלכע האָבן געהאַט פּריווילעגיעס, זיינען פאַרבליבן אין די דערפער.

אין די מלחמה־יאָרן 1914—1918 האָבן כמעט אַלע יידן פאַרלאָזן די דערפער צוליב מורא פאַר די קריגס־אָפּעראַציעס, ווי אויך פאַר באַנדיטן־אָנפאַלן. בלויז די יידן פון האַנצעוויץ און וואַשקעוויץ זיינען פאַרבליבן אין די דערפער בערך ביז די יאָרן 1935/6. נאָר אין שעלץ זיינען פאַרבליבן וווינען יידן ביז זייער ענדגילטיקער ליקווידאַציע דורך די נאַצי־מערדער, אין יאָר 1941.

*

דער דאָרף סעלץ (10 קילאָמעטער פון בעליצע) איז שטענדיק געווען אַזוי ווי אַ פאָר־שטאָט פון בעליצע. ס'איז ניט געווען קיין געלט־אַקציע אין שטעטל אין וועלכער ס'זאָלן זיך ניט האָבן באַטייליקט די איינוווינער פון סעלץ. איבערהויפּט איז צו באַצייכענען די גרויסגוטיקייט און די אָפענע הענט פון דער פאַמיליע שליאַפּאָצשניק—גאַרבעראָוויטש.

אפילו פושקעס פון קק"ל זיינען געווען אין סעלץ, און יעדע פאָר מאָנאַטן פלעגט אַרויסגיין אַ פּאָרל יונגוואַרג אויסליידיקן די קק"ל־פושקעס.

צוליב דער באַן־סטאַציע און דעם טייך ניעמאַן, איז אין סעלץ געווען קאָנצענטרירט זייער פיל האָלץ צום שיקן מיט די באַן אָדער מיטן טייך. דעריבער האָבן זיך דאָרט געפונען פיל פרעמדע מענטשן, וועלכע האָבן אַריינגעבראַכט פרנסה און גרויס־באַוועגונג.

אין דאָרף איז געווען תמיד אַן אייגענער מנין צום דאַווענען, אַפילו ימים־נוראים.

אַמאָל איז אין דאָרף געווען אַ מיל און אַ טאַרטאַק. אין די יאָרן 1926—1929 האָבן דאָרט געאַרבעט חלוצים־הכשרהניקעס, וועלכע האָבן זיך געגרייט צו עליה קיין ארץ־ישראל.

אין די יאָרן 1934—1936 האָט זיך אויסגעבויט און אויסגעברייטערט אַ דיקטן־פאַבריק, וווּ ס'זיינען געווען באַשעפטיקט הונדערטער אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, צווישן זיי אויך אָרטיקע און בעליצער יידן.



די באַן־סטאַנציע סעלץ (ניעמאַן)

## רשימה פון די יישובים און זייערע יידישע פאַמיליעס

(צוזאַמענגעשטעלט דורך: ז. איצקאָוויטש, י. באַראַנטשיק, י. זלאַצאָווסקי, ז. יאָסעלעוויטש, א. מ. סאַוויצקי, ד. קויפמאַן און י. קרעמען)

| | | |
|---|---|---|
| 1. איסטאָק | — | דער מילנער נאָוואָגרודסקי אברהם |
| 2. אַנטאָנאָווצע | — | דער גרויסער פאַקטער אריה וויין |
| 3. אוישץ | — | דער שמיד גרין אברהם |
| 4. בעליצער פאַראַם | — | מאַלטשאַדסקי מוניע |
| 5. בעליצער הויף | — | די משפחה נאַמיאַט |
| 6. באַראָקי | — | ר׳ מאיר־איטשע |
| 7. באַגדאַנקע | — | די מילנער דוד און מאיר ניסעלעוויטש |
| 8. באָיאַטשקי | — | ר׳ מרדכי ווילקאָמירסקי |
| 9. באַראָוויץ | — | צוויי ידישע משפחות (ערדאַרבעטער און קרעטשמער) |
| 10. באָיאַר | — | לייזער דער באָיאַרער און זון פייוול |
| 11. ביעלאָווצע | — | דער אַרענדאַר ר׳ לייזער גאַפּאָנאָוויטש |
| 12. בוציל | — | דער אַרענדאַר ר׳ משה־דוד |
| 13. באָברי | — | דער אַרענדאַר הירשל איליוטאָוויטש און דער סמאָ־ליאַרניק דוד ניסעלעוויטש |
| 14. באָנדאַרי | — | דער קרעמער ר׳ הירשל |
| 15. ביעניעוויץ | — | אַ משפחה באַשעפטיקט מיט וואָל־באַרשטן |
| 16. גלושיץ | — | ר׳ אהרון לושנאצקי און פאַמיליע (אַ סמאָליאַרניע אין טיפן וואַלד) |
| 17. געזגעלע | — | ר׳ פייווע דער קרעטשמער |
| 18. דראָזדאָווע | — | דער קרעטשמער ר׳ אברהם, פייוע־יאַשקעס אַ שוואָגער |
| 19. דזיטריק | — | באַשע נאָוואָפּרוצקי (ערד־אַרבעטער) |
| 20. האָנטשאַרי | — | דער מילנער שאול און דער קרעטשמער יענקל |
| 21. האָלדעווע | — | ר׳ אייזיק איליוטאָוויטש און זון |
| 22. האָנצעוויץ | — | ר׳ אליהו דער פּאַראָמשטשיק, זון לייבל און ר׳ יענקל קאַפּלינסקי |

23. וואשקעוויץ — די פאַמיליעס שמוקלער נחמיה, קאַפלינסקי א״אַ
24. זאַטשעפּיץ — ישראל דער שמיד
25. זאַמויטעץ — אַ משפּחה ערדאַרבעטער
26. זאַרעטשאַן — די קרעטשמער יואל און פּייווע נאָוואָגרודסקי
27. זבליאַן — יונהס אהרן דער קרעטשמער
28. זבליאַנער הויף — איטשע קראַסנאָסעלסקי דער פּאַקטער און אברהם אילו־טאַוויטש דער אַרענדאַטאַר
29. טשערטאָק — דער מילנער יאָשע זלאָצאָווסקי
30. טאַבעלע־אָסעווע — רפאל דער טאַבעלער
31. יאַמענטע — אברהמל דער יאַמענטער
32. יערעמיץ — לייבע דער פּאַקטער
33. לעטוצי — יענקל דער פאַרבער
34. לאָזיאַן — ר׳ איטשע־לייב (אַ גרויסער למדן) דער קרעטשמער
35. לאָקוישטשינע — עטלעכע יידן באַשעפטיקע אין פּאַקט און הויף
36. לוביעניצע — די מילנער ר׳ איטשע און זון יהושע
37. לעסניקי — אברהמל לעווין (אַ שאַפער)
38. מאָסטרעאוכע — ר׳ יעקב חזן
39. מאָסטאָווליאַן — ר׳ חיים זלאָצאָווסקי (אַ למדן)
40. מאָשעוויץ — יענקל מאָלטשאַדסקי און פּייווע דער מאָשעוויצער
41. מאָצעוויץ — משה דער קרעטשמער
42. מעסילאָווקע — וועלוול און בערל דוואָרעצקי (מילנער)
43. נעטעצע — שכנא ראַפּאַלאָוויטש (אַ פּאַקטער)
44. נאָוויסאַד — אַ קרעטשמער
45. אָגראָדניקי — שלום קאַפּלינסקי און זון נחמיה
46. נאַראַדאָוויץ — ר׳ וועלוול שעליובסקי און פאַמיליע (אַ מילנער) און די משפּחה אורינאָוויטש (אַן אַרענדאַר)
47. סעלץ — גאַרבעראָוויטש און פאַמיליע; גרין הירש און פאַמי־ליע; יעלין חיים און פאַמיליע; יעלין יעקב און פאַמי־ליע; יעלין שלמה און פאַמיליע; מאַיעווסקי לייזער־מאַטעס און פאַמיליע; שליאַפּאָטשניק אברהם און פאַ־מיליע; וועלוול דער פּאַקטער און פאַמיליע
48. סאַראָק — אַ פּאַקטער אין הויף מיט פאַמיליע
49. סאַלאָמיאַנקע — ר׳ אברהם שקליאַרסקי (אַ קרעטשמער)
50. סטאָקי — ר׳ יהודה שעשקאָ (מילנער און פּאַקטער)

51. פיאַסקי — ר׳ הרצל (אַ קרעטשמער)
52. פאַנימאַנצע — ר׳ ברוך אַזשעכאָווסקי און זון יענקל (סמאָליאַרניקעס)
53. פיעסקאָווצי — ר׳ אהרון אַזשעכאָווסקי (אַ קרעטשמער)
54. פאַרעץ — דער קרעטשמער ר׳ איסר ביעליצקי (אַ גרויסער למדן)
55. פאַצוקי — אברהמל סקאָלסקי
56. פיסטויצע — אברהמל דער פאַקטער
57. פאַלקעוויץ — די משפחה שניידער
58. צאַפליץ — שמעון אַזשעכאָווסקי (אַ פאַרבער)
59. קלוקאָוויץ — זעליק בוסעל און פאַמיליע (אַ שמיד)
60. קאַרשאַקי — ישראל דער זאַצעפּיצער (אַ שמיד)
61. קאַלפינסק — נתן דער קרעטשמער
62. קליין-קאַניושאַן — ר׳ חיים סאָקאָלאָווסקי (וואָל-באַרשטן) ר׳ משה סאָקאָלאָווסקי, ר׳ יענקל דער דראָזדאָוועֶר (געהאַלטן דעם הויף)
63. גרויס-קאַניושאַן — ר׳ ישעיהו דער פאַקטער
64. קריוויץ — יהושע דער פאַקטער
65. קאַראַלינקע — העשל באַראַנטשיק (דער כלי-זמר)
66. רודע — מאיר דער רודער און די משפחה גראַזניק



די משפחה שעליובסקי („די נאַראַדאָוויצער״)



יהודה שעשקאָ („דער סטאָקער״) און פרוי



דוד־לייב שעשקאָ



די שוועסטער שעשקאָ

חלק שני / צווייטער טייל

# התוכן / אינהאלט



*

אברהם אביר (רודניק)

# אבי הרה"ג ר' יוסף רודניק זצ"ל

חיי אבי ותולדותיו היו יקרים וקרובים ללבבי יותר מנפשי, ועובדה זו היא שהרתיעה אותי בבואי להעלות את תמציתם על הכתב, כפי שנחרתו הדברים בזכרוני ומזה ששמעתי מפי אחרים.

עוד בשחר ילדותו הצטיין אבי בכשרונותיו ובשכלו, בטוב טעמו ובלבו הער והנאמן, והכל נבאו לו גדולות ונצורות. כשגדל, התחנך בישיבת וולוזין (הוא למד שם על שולחן אחד עם ח. נ. ביאליק הצעיר), אח"כ המשיך לימודיו ב„כולל" קובנה והוסמך להוראה ע"י הגאונים — ר' שלמה הכהן זצ"ל מווילנה, מו"ר צבי־הירש רבינוביץ זצ"ל אב־בית־דין דקובנה והגאון ר' משה דונשבסקי אב"ד סלובודקה.

חותנו של אבי זצ"ל (הוא הסבא שלי) היה הרה"ג ר' אברהם אבלי, אב"ד דוורזאן, מחבר פירוש „אהבת איתן" על המשנה, שנכלל במשניות של „דפוס ראם" (הסבא נזכר גם בספר „אהלי־שם" על גדולי הרבנים ברוסיא).

*

ראשית צעדיו של אבי ברבנות היתה בהורודוק הסמוכה לביאליסטוק, — עיירת בתי־חרושת לתעשית אריגי־צמר — בביתו של הרב דמתא ר' ניסן ברוידא זצ"ל, רב מפורסם ועסקן פעיל בחובבי־ציון, ממנו הושפע הרבה בניהול עניני הרבנות.

חותני, ה' ר' שמואל אבינועם (צוקרמן), שגר אז בהורודוק, מספר עליו בזכרונותיו: „בימים ההם חלה הרה"ג ר' ניסן ברוידא במחלה קשה מאד וממושכת ולפני שנשלח ע"י הרופאים לחו"ל להתרפא שם, — הזמין את האברך המוסמך ר' יוסף רודניק, איש מצטיין במדותיו התרומיות ומעשיו הטובים, שינהל בהעדרו את הרבנות. במשך זמן קצר הספיק הרב ר' יוסף להתחבב ולרכוש את אהדתם ולבם של כל בני העיירה, אדוקים וגם חפשים בדעות, עשירים ועניים. אנחנו, צעירי הציונים, סידרנו אז בבית הוועד הציוני חוג לתלמוד, והרב ר' יוסף התנדב להרצות לפנינו. שעוריו היו מעניינים

עד כדי כך, שבמשך זמן קצר התרבו השומעים עד כי שהאולם הגדול היה צר מהכיל את כולם ורבים היו מקשיבים בעד החלונות הפתוחים. כי היו הסבריו קלים, מלאים תכן ומתקבלים על הדעת, ובמקומות הראויים לכך היו מתובלים במשלים ובענינים הלקוחים מחיי יום יום בזמננו".





הרה"ג ר׳ יוסף רודניק ורעיתו

„השעורים האלה עשו רושם מיוחד במינו עלי ועל רבים מחברי, שהתחילו מאז להתענין ברצינות בלימוד הגמרא, והשאירו רושם בל ימחה על נפשם והכרתם. לעולם לא אשכח את מבטיהם של רבים מבין השומעים את הסברותיו ואת שמחתם שהנה מצאו את המאור בתלמוד, שזה שנים שכחו עליו ואם זכרו מה שהוא הרי היה זה משהו יבש וחסר־טעם, וכשנוכחו עתה כמה טעם והגיון יש בדברים, היו כמוצאי שלל רב, היו מרבים אחרי כן להביע את רגשותיהם אלה".

„כשנפטר ר׳ ניסן זצ"ל, דרשו רבים מבני העיירה שיבחרו בר׳ יוסף לרב, אבל ר׳ יוסף עצמו נמנה עם אלו שהציעו למצוא בשביל בתו הגדולה של ר׳ ניסן זצ"ל אברך מוסמך וראוי לאיצטלא של רב בעירנו, ובזה תפתר גם שאלת המשפחה הגדולה שנתיתמה. וכן גם עשו".

הקשר בין משפחת ר׳ ניסן ומשפחת אבי נמשכו גם אח"כ, לאחר שעזב אבי את הורודוק. במשך שנים רבות נמשכו קשרי הידידות ביניהן — בין המשפחה של ר׳ ניסן

ומשפחת אבי, בתוכם גם אחיו של אבי, — ר' שלמה מאירסון (מי שהיה שנים רבות יושב־ראש מועצת חדרה) אשר הביא ארצה עוד בימי המנדט את בתו של ר' ניסן עם ילדיה והתענין בגורלם עד שגדלו הבנים והסתדרו בארץ.

*

עם גמר תפקידו בהורודוק, קיבל אבי את הרבנות בעיירה בליצה וכאן התגלו כשרונותיו והבנתו בניהול עניני הקהילה. בתנאים הקשים של „תחום המושב", כאשר דאגות הפרנסה קשות היו כקריעת ים־סוף והחיים אינם בטוחים מפני סכנת התנפלויות של אוכלוסיה נוצרית עוינת ומתנכלת, והרשות הזידונית מבקשת להצר צעדי היהודים ולהציק להם, — קשה היה מאד תפקיד הרב בעיירה. מלבד עניני הדת היה דואג גם לכל יתר הענינים הציבוריים, לעניי העיר, לכל מוכה גורל, למוסדות הסעד והצדקה, ביקור חולים, לינת הצדק, הכנסת אורחים, גמילות חסד, חברה קַדישא, תלמוד תורה — כן גם ללומדי תורה, לחברות ש"ס, עין יעקב, משניות וכדומה. הוא היה היוזם והוא גם המבצע, כי „בעלי הבתים" היו טרודים בדאגות פרנסת ביתם ורק מעטים יכלו להתמסר לעסקנות ציבורית.



משפחת הרה"ג ר' יוסף רודניק

ובאין לרב לא כוחות משטרה ולא כוח פיזי אחר, היה רק כוח ההשפעה האישית והאבטוריטה בעזרו, ובכוח הסברה והטפה השפיע על טובי העיירה להרתם עד כמה שאפשר בענינים ובדאגות הקהילה. בין העסקנים החשובים בבליצה דאז היו: הרוקח ר׳ אברהם קרעמען, בעל טחנת־הקמח ר׳ שמואל־יוסף איצקוביץ ועוד ועוד.

בית הרב היה המרכז לחיי הציבור, היה בו חדר מיוחד בשם „בית־דין־שטיבל״ ומלבד דיני־תורה (משפטים אישיים בין בני־הקהילה שהובאו לפני הרב) התקימו בו כל ישיבות המוסדות והחברות שבקהילה, הוועדות והוועדים.

היה מספר ר׳ אברהם קרעמען:

„בישיבת העסקנים היה הרב יושב בראש והיה שומע בסבלנות את דעתו והצעתו של כ״א מן המסובים וכל אחד מחכה לדעתו של הרב ולהחלטתו. הרב היה שוקל הרבה בדעתו, בהתחשבו עם טובת הענין וטובת הציבור, והיה אח״כ מביע דעתו שהיתה מתקבלת על דעת כולם, ואח״כ היה הוא עפי״ר גם המבצע את ההחלטה, אפילו אם היה נתקל בקשיים״.

חכמת החיים עזרה לו הרבה מאד בפעולותיו שהיו רבות ומגוונות מאד, ותקצר היריעה לפרטן. אע״פ כן אנסה להעלות כאן כמה סיפורים על הפעולות הללו כפי ששמעתי עליהן מפי אנשי בליצה, ניצולי השואה, הנמצאים אתנו בארצנו, וגם מפי אלה שלא זכו לעלות ארצה ונספו בשואה.

דב גרודזינסקי (חדרה) מספר:

„בשנת 1918 התארגנו כנופיות פורעים, שהיו מסתתרים ביערות שבסביבה לשדוד עוברי אורח וגם להתנפל על העיירות הקטנות, בתוכן בליצה. רבנו היה פעיל בארגון ההגנה, במסירות נפש בלתי רגילה, — וכיעקב אבינו בשעתו אחז בשלשת האמצעים: דורון, תפילה ומלחמה. אבל מתוך הכרה שכוחנו הדל בבליצה לא יוכל לעמוד כנגד הכנופיות הרבות, החזקות והמזוינות, החליט לצאת לבדו אל הפורעים, לדבר אתם ולהתחנן על נפש בני העיירה. האנשים שעמדו על ידו רצו למנעו מצעד מסוכן זה, אבל הוא לא הסכים בשום אופן לבטל את החלטתו הנחושה ופנה אל השער, אלא שהשכנה גיטה רצה אל השער, עמדה כנגדו בתקיפות ולא נתנה לו לצאת, וכך הצילה את חייו״.

וזאת לא הפעם היחידה ששם נפשו בכפו, כדי להציל חיי בני עדתו, יחידים וגם קבוצות. הוא פדה בכוח השפעתו ואישיותו יהודים שהיו שבויים בידי חיילים שעמדו להוציאם להורג.

ר׳ יוסף ברנצוק מספר:

„כשלא היה קמח לאפיית מצות, נסע רבנו ז״ל עם עוד עסקנים לעיר גרודנה (מרחק 100 ק״מ) בדרך משובשת בזמן של הפשרת שלגים, בעגלה רתומה לסוסים, וחזר משם בעגלות עמוסות קמח למצות. ומה רבה היתה שמחת כל העיירה על האפשרות לחוג את חג הפסח כהלכתו״.

כשהיתה פורצת לפעמים מריבה חזקה (שכיום אין להשתיקה אפילו בכוח המשטרה) היה מספיק שהרב ידפוק פעם אחת על השולחן ויכריז „שקט" ומיד היה משתרר שקט, כי האנשים כולם אהבוהו וכבדוהו.

ועוד מספר ר' יוסף ברנצוק על דרשותיו ביחוד בליל יום הכיפורים אחרי „כל נדרי", כשכל הקהל עומד מדוכא ורצוץ והרב החי בתוכם וסובל יחד אתם במשך השנה ויודע צרותיו של כל אחד ואחד, מעודד אותם במשל ומליצה ובדברים על הגאולה אשר בוא תבוא. ובהיותו מאמין גדול, הוא מחזק את לבם בעתיד טוב ומזין את נפשות שומעיו בדברי תורה ואגדה הנאמרים בטוב טעם ובלב שלם ומלא אהבה לשומעיו, והדברים מתקבלים בלב השומעים ונחרתים בזכרונם.

וכן בכל מאורע חשוב, של הכלל או הפרט, ידע הרב לקלוע בדבריו אל המטרה, — כי היה נהוג בעיירה להזמין את הרב לכל מאורע, כגון חתונה, ברית מילה, וכן להיפך חו"ש במקרי אבל, ונוהגים היו בני העיירה להזכיר בכל הזדמנות את אמרות הרב בכל שיח ושיג או בוויכוח, וזה שימש כהוכחה דברי מי צודקים.

בשעוריו — בין אם זה בספרי חיי־אדם ועין־יעקב לפשוטי העם, בין אם זה במשניות או בש"ס או בדף גמרא לתלמידי החכמים שבעיירה (אשר ב"ה לא חסרו בבליצה), היו סביב השולחנות תמיד אנשים רבים.

מתלמידי החכמים אזכיר בזה את הרב ר' חיים-לייב בוצ'קובסקי (סוחר עורות ומנופקטורה), גדול וחריף בתורה ומוסמך לרבנות, שהיה חבר נאמן לאבי, מסור לו מאד ומתלווה עמו בכל אשר הלך (כשיצא אבי מבליצה לקבל את כסא הרבנות בדבנישוק, התנהל משא־ומתן שהרב ר' חיים-לייב יקבל את מקומו בבליצה). מן הראוי להזכיר כאן שוב את ר' שמואל־יוסף איצקוביץ (שהזכרתי לעיל), אביהם של זרח ורחל איצקוביץ (חדרה), שלמד תורה ומוסר בישיבות הגדולות בנוברהדוק אצל ר' יוסף זונדל זצ"ל והיה מבחירי תלמידיו.

ר' שמואל־יוסף איצקוביץ היה אברך תלמיד־חכם גדול ובזמנים ההם בעל השקפות מודרניות, עסקן ציבורי מסור ונאמן, ידע לנהל את הענינים בשכל וטוב טעם וידע לפשר בדרך שלום, לכן היה תמיד לעזר רב לאבי, והידידות ביניהם היתה גדולה ועברה גם לילדים במידה גדולה עד שהיו מקורבים יותר מקרובי משפחה. טחנת־הקמח של ר' ש. י. איצקוביץ היתה בשותפות עם ר' יהושע יסינובסקי (אביו של מנחם יסינובסקי, מעובדי חברת־החשמל), גם הוא ידיד נאמן של אבי.

זכורני, כי כשהיינו כבר בדבנישוק, בא אל ביתנו אורח נכבד ומגיד־מישרים (— ביתנו היה פתוח תמיד לרווחה לכל אורח ולכל נצרך; אמי הרבנית, שהיתה צדקת גדולה, היתה מקבלת בסבר־פנים־יפות כל אורח שהביא אבא מבית־הכנסת, ואם לא הספיקו המטות היו מורידים את הדלתות מציריהם, מסדרים עליהן את הילדים שלנו, ואת מטותיהם מוסרים בשביל האורחים). אבל אורח זה בא לדבנישוק כשאבא היה כבר חולה

דאָס בויען די שולע איז אָנגעקומען שווער, די קריסטלעכע איינוווינער און מאַכט־אָרגאַ־נען זיינען בכלל געווען דאַקעגן, אַז די שולע זאָל אויפגעשטעלט ווערן אין סאַמע צענטער פון שטעטל. אַ דאַנק שלמה יאַסינאָווסקי, וועלכער איז געווען דער יידישער פאָרשטייער אין דער גמינע, איז בטל געוואָרן די דאָזיקע קעגנערשאַפט און די בעלי־עגלות וועלכע האָבן אַריבערגעפירט די געהילץ פאַר דעם בנין זיינען אַפילו באַפרייט געוואָרן פון די גמינע־צינזן, אין יענעם יאָר.

דער עלטערן־קאָמיטעט פון דער שולע האָט געזאָרגט דערפאַר, אַז אַלע קינדער זאָלן לערנען אין דער שולע יידישקייט און אויך אַלגעמיינע בילדונג. אין דער שולע איז דער שכר־לימוד אויסגעמאָסטן געוואָרן לויט די עקאָנאָמישע מעגלעכקייטן פון די עלטערן. דער צוזאַמענשטעל פון דעם עלטערן־קאָמיטעט איז געווען: אליהו אָזשעכאָווסקי, אַהרון בוסעל, ישראל זלאָצאָווסקי, זלמן יאָסעלעוויטש, ישראל־מיירים קרעמען און שלמה קאַפּלאַן.

מיטן אַריינמאַרש פון די סאָוויעטן אין1939טן יאָר, איז די שולע פאַרוואַנדלט גע־וואָרן אין אַ יידישער רעגירונגס־שולע. זי איז שפּעטער פאַרברענט געוואָרן דורך די דייטשע אָקופּאַנטן גלייך ווי זיי זיינען אַריין אין שטעטל (1941).

*

די פינאַנציעלע הילף אין שטעטל האָט זיך געפירט דורך דער קאָאָפּעראַטיווער באַנק. די באַנק האָט זיך אָרגאַניזירט אין 1918 יאָר, גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, און האָט זיך געפונען אין אָנהויב אין חיה־אסתר מעקעלס שטוב, שפּעטער אין הויז פון רעשקע יונהס און צום סוף אין דעם נייעם בנין.

די ערשטע פאַרוואַלטונג פון באַנק איז באַשטאַנען פון: חיים־נח קאָמעניעצקי (פאַר־וואַלטער); אַברהם יאָסעלעוויטש (קאַסירער); אַברהם קרעמען, יעקב קאַטליאַרסקי און שלמה יאַסינאָווסקי.

די באַנק האָט פאַרטיילט הלוואות סוחרים און בעלי־מלאכות און אויך אַנדערע איינוווינער, וועלכע האָבן זיך געניטיקט אין דעם פאַר געשעפטלעכע צוועקן אָדער אַנדערע. ווען די סאָוויעטן האָבן פאַרנומען בעליצע, האָט מען אַלע פּאַפּירן פון באַנק אַריינגעלייגט אין דער אייזערנער קאַסע און פאַרבאַהאַלטן אין דער ערד, ווו זי געפינט זיך ווייזט אויס ביזן היינטיקן טאָג...

די גמילות־חסד־קאַסע איז געגרינדעט געוואָרן נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין 1914טן יאָר. דער ערשטער פאָרזיצער פון דער גמילות־חסד־פאַרוואַלטונג איז געווען יהושע יאַסינאָווסקי און די חברים זיינען געווען: הרב יוסף רודניק, אליעזר יאַנקעלעווסקי (לייזער דער יערעמטשער), אַברהם יאָסעלעוויטש און משה (שאַשקעס) דזענציעלסקי.

אין 1926טן יאָר איז אויסגעווילט געוואָרן אַ נייע פאַרוואַלטונג אין וועלכער עס זיינען אַריין „פרישע כוחות": אַלס פאָרזיצער — שמואל־יוסף איצקאָוויטש; און אַלס חברים — יונה אַזשעכאָווסקי, ישראל זלאָצאָווסקי, מאיר זעליקאָווסקי, אליעזר יאַנקע־לעווסקי, זלמן יאָסעלעוויטש, יוסף לאַזאָווסקי, ישראל־מיירים קרעמען; אַלס סעקרעטאַר־אַנגעשטעלטער — אפרים ראַזשאַנסקי.

די גמילות־חסד קאַסע האָט זיך געפירט אין לייזער דעם יערעמטשערס קראָם. נאָכדעם ווי ס'איז אויסגעבויט געוואָרן דער בנין פאַר די באַנק, איז די טעטיקייט פון דער גמילות־חסד־קאַסע אויך אַריבערגעפירט געוואָרן אין דעם בנין. די קאַסע האָט פאַרטיילט קליינע הלוואות און אויך דערמיט געהאָלפן די יעניקע, וואָס האָבן זיך גענוי־טיקט אין אַ פּאָר זלאָטעס צום איינקויפן סחורה, אָדער איינשאַפן זיך אַ בגד און שיך פאַר יום־טוב.

פון די אַנדערע וווילטעטיקע אינסטיטוציעס אין שטעטל זיינען געווען: „ביקור־חולים", וואָס האָט געגעבן מעדיצינישע הילף פאַר נויטבאַדערפטיקע; „לינת־הצדק", וואָס די מיטגלידער פלעגן גיין נעכטיקן ביי קראַנקע.

פאַר מצות אויף פסח פאַר אָרעמעלייט האָט געזאָרגט „קמחא דפסחא". די עסקנים פון „הכנסת־כלה" האָט געהאָלפן אויסגעבן און איינאָרדענען אָרעמע כלות.

*

אַ וויכטיקן פּלאַץ אינעם בעליצער געזעלשאַפטלעכן לעבן האָט פאַרנומען די טעטי־קייט פון דער פייערלעשער־אָרגאַניזאַציע (די „סטראַזש פּאָזשאַרנע"), וואָס איז געווען אָנגעפירט דורך ישראל זלאָצאָווסקי. דער פאָרזיצער איז געווען אברהם קרעמען און דער סעקרעטאַר דב (בערל) קויפמאַן.

די פּאָזשאַרניקעס פלעגן פון צייט צו צייט מאַכן איבונגען: אַ סירענע פלעגט מאַכן אַ „טרעוואָגע" און אַלע מיטגלידער אין אוניפאָרמס און קאַסקעס האָבן זיך שנעל צונויפ־מענגעלאָפן אויפן פּלאַץ נעבן דער רעמיזע; מען פלעגט גיך אַרויסציען די לייטערס, די פעסלעך מיט וואַסער, די פּאָמפּעס מיט די קישקעס און אינסצעניזירן דאָס לעשן פון אַ שריפה. פאַרשטייט זיך, אַז אַלע קינדער פון שטעטל זיינען דאַן געווען אויפן גאַס און פלעגן זיך צוקוקן מיט פרייד און התפעלות אויף די פּאָזשאַרניקעס, ווי אַזוי זיי קריכן אויף די לייטערס און שפּריצן וואַסער אויף די הייזער.

גאַנץ אָפט האָט מען טאַקע אָנגעווענדעט די מכשירים, ווען ס'האָבן אויסגעבראָכן ריכטיקע שריפות סיי אין שטעטל, סיי אין די דערפער אַרום. אין זכרון זיינען פאַר־בליבן די צוויי גרויסע שריפות אין 1936טן יאָר, ווען אַ האַלב שטעטל איז אַוועק מיטן רויך און בלויז על פי נס זיינען געציילטע יידישע הייזער פאַרבראָכן געוואָרן.

די גאַווה פון גאַנץ שטעטל איז געווען איבערן אָרקעסטער פון דער „פּאָזשאַרנע״, וואָס פלעגט שפּילן ביי פאַרשידענע פייערונגען, סיי פּוילישע, סיי יידישע. דער אָרקעס־טער איז געווען אָנגעפירט דורך דב (בערל) גראַדזענסקי און נאָך זיין עולה־זיין קיין ארץ־ישראל איז יצחק קאַמעניעצקי געוואָרן דער קאַפּעלמייסטער פונעם אָרקעסטער.

*

פון די אַנדערע קולטורעלע אונטערנעמונגען אין בעליצע, איז צו באַצייכענען אויך דעם דראַמאַטישן קרייז, וואָס פלעגט צוגרייטן און אויספירן פאָרשטעלונגען אויף אַ גאַנץ שיינעם ניוואָ. די פאָרשטעלונגען פלעגן פאָרקומען אין דער פייערלעשער־רעמיזע („סאריי״), ווו עס איז געווען אויפגעבויט אַ ספּעציעלע בינע פאַרן אָרקעסטער. די הכנסות פון די פאָרשטעלונגען זיינען געווידמעט געוואָרן פאַר וווילטעטיקע צוועקן און פאַר פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס אין שטעטל.

עס איז אויך ווערט צו דערמאָנען די ספּאָרט־טעטיקייט פון דער יידישער יוגנט, די קאָמאנדעס פון פוטבאָל, האַנטבאָל, נעצבאָל און אַנדערע.

*

און צום סוף זאָלן אויך דאָ דערמאָנט ווערן צום גוטן די פאַרשידענע „חברות״, וואָס זייערע מיטגלידער פלעגן זיך יעדן טאָג צוזאַמענקלייבן אין בית־מדרש לערנען משניות, גמרא, זאָגן תהילים א. אַ. וו. הרב ר חיים־לייב בוטשקאָווסקי און ר׳ יעקב שמוקלער (יענקל צינקעס, אָדער יע״ץ), זיינען געווען טעטיק אין די „חברות״ און געגעבן שיעורים פון גמרא און משניות. און זאָל דאָ אויך פאַרצייכנט ווערן די חברה־קדישא, וואָס איר פליכט איז געווען ברענגען צו קבורה. די חברה האָט געפירט אַ פּנקס פון די נפטרים און געבוירענע און האָט אָפּגעהיט און אויפגעפּאַסט אויפן בית־הקברות, וואָס אַ גאָר גרויסער טייל פון די מצבות דאָרט איז שוין געווען פאַרזונקען אין דער ערד, בעת דאָס יידישע שטעטל האָט נאָך געלעבט.

היינט איז קיין זכר דאָרט ניט פאַרבליבן פון דער יידישער בעליצע. די יידישע הייזער זיינען פאַרברענט און די איינצלנע אָפּגעראַטעוועטע יידן פון אומקום האָבן אויף אייביק פאַרלאָזט דאָס שטעטל. ווער ווייסט צי ס׳איז דאָרט פאַרבליבן כאָטש אַ זכר פון די אַלטע פאַרזונקענע מצבות אויפן אַלטן בית־הקברות...

שלום כהן

# אַ דאָקומענט וועגן דער עקאָנאָמישער לאַגע (1929)

דער ווייטער געבראַכטער מאַטעריאַל וועגן בעליצע איז אַן אויסצוג פונעם „יעקאפא" פנקס „אויף די חורבות פ‍ֿון מלחמה און מהומות", אַרויסגעגעבן דורך דעם געגנט־קאָמיטעט פון „יעקאפא" אין ווילנע, אין יאָר 1930. אין דעם דאָזיקן פנקס ווערט געבראַכט אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג א. נ. „די עקאָנאָמישע לאַגע פון די שטעטלעך אין די יאָרן 1928—1929", וואָס נעמט אַרום בערך 70 קורצע אָפּהאַנדלונגען וועגן אַזאַ צאָל שטעטלעך אין ווילנער און נאָוואָגרודקער וואָיעוואָדסטוועס, אין וועלכע ס'האָט אין יענע יאָרן באַזוכט דער ספּעציעלער באַפולמעכטיקטער פון „יעקאפא" שלום כהן און גרינדלעך אויסגעפאָרשט די עקאָנאָמישע לאַגע.

מיר ברענגען דאָ דעם גענויעם טעקסט פון דער דאָזיקער אָפּהאַנדלונג וועגן בעליצע, ווי אויך צוגאָב־פּרטים וועגן שטעטל פון אַנדערע אָפּטיילן אינעם א"ד פנקס ווו בעליצע ווערט דערמאָנט.

ב ע ל י צ ע (לידער קרייז). די אַלגעמיינע צאָל פון דער באַפעלקערונג איז איבער 300 פאַמיליעס, פון זיי 130 יידישע.

די הויפּט־באַשעפטיקונג — קרעמעריי און קליינהאַנדל; דיביידע פּרנסות שטייען זייער שלעכט. עס איז דאָ אַן איבערפלוס פון קראָמען, אויסער דעם, זיינען פאַראַן קריסטלעכע קראָמען אין אַלע דערפער. אין שטעטל גופא אַרבעט אַ רייכער און גרויסער קריסטלעכער קאָאָפּעראַטיוו, וועלכער איז אַ געפערלעכער קאָנקורענט פאַר די יידישע קרעמער. ביים קאָאָפּעראַטיוו, אונטער איין און דער זעלביקער אָנפירונג, איז טעטיק אַ ליי־קאַסע („קאַסאַ סטעפטשיקאַ"), וועלכע באַזיצט גרויסע מיטלען. מען „סטראַשעט" די פּויערים, אַז זיי וועלן ניט קריגן קיין הלוואות אין דער „קאַסע", אויב זיי וועלן ניט קויפן אין קאָאָפּעראַטיוו.

איצט אָרדנט איין דער קאָאָפּעראַטיוו מיט דער הילף פון דער ליי־קאַסע אַ מילך־ווירטשאַפט. מען גיט אַרויס די קריסטלעכע באַפעלקערונג הלוואות אויף איינצושאַפן בהמות, די מילך וועלן זיי דאַרפן טראָגן אין קאָאָפּעראַטיוו און אויף אַזאַ אופן וועלן זיי אויסצאָלן זייערע הלוואות.

די לאַגע פון די יידישע קרעמער איז געוואָרן נאָך ערגער, זינט די פאַרוואַלטונג פון קאָאָפּעראַטיוו האָט אַוועקגעשטעלט, ניט קוקנדיק אויף די פּראָטעסטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, אַ גרויסן בנין אין מיטן מאַרק, ווו מען האָט איינגעאָרדנט דעם קאָאָפּעראַטיוו. איצט שטעלט מען אויף אַ צווייטן גרויסן בנין פאַר דעם זעלביקן צוועק אויף דעם

פלאַץ, ווו עס שטעלט זיך אויס דער פערד־ און בהמות־מאַרק, וואָס איז מיט אַ צייט צוריק אַריבערגעטראָגן געוואָרן פון צענטער אויסערן שטעטל.

אויפן מאַרק (קומט פאַר מיטוואָך), פאָרן אָן פרעמדע קרעמער (ס׳רוב קריסטלעכע) מיט כלערליי סחורות, אויך ברענגען אָן בעקער פון לידע און פון די אַרומיקע שטעטלעך (אויך ס׳רוב קריסטלעכע) געבעק און ברויט.

דער קליינהאַנדל פירט זיך זייער אין אַ קליינעם פאָרמאַט און ליידט אויך פון אַן איבערפלוס אין קליינהענדלער און פון דער פרעמדער קאָנקורענץ.

די בעלי־מלאכות, דערהויפט שוסטער און שניידער, זיינען געדריקט. שניידער און שוסטער זיינען פאַראַן אין אַלע דערפער. די קריסטלעכע באַפעלקערונג הויבט אַלץ מער און מער אָן נוצן פאַרטיקע שיך און זאַכן.

די פינף בעקערייען אין שטעטל זיינען אַלע געשלאָסן. מ׳האָט די בעקער געשטעלט גרויסע פאָדערונגען, וועלכע זיי זיינען ניט ביכולת צו דערפילן.

פאַר דער מלחמה האָט אַ גרויסער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין שטעטל געלעבט פון „ספּלאַוו״, פון האָלץ מיטן ניעמאַן קיין דייטשלאַנד. עס זיינען געווען פאַר־שידענע „פּאָדריאַטשיקעס״ ביים „ספּלאַוו״ אַרום וועלכע ס׳פלעגן פאַרדינען פיל מענטשן. אַנדערע פלעגן פאַרדינען פון „וואָזקע״, פון טאָג־אַרבעט ביים ברעג א. אַ. וו. איצט איז דאָס אַלץ אינגאַנצן אונטערגעגאַנגען.

### צוגאָב־פּרטים פון דעם א״ד פּנקס

אין אלגעמיינעם באַריכט פון די גמילות־חסדים־קאַסעס אין דעם טעטיקייטס־ראַיאָן פון געגנט־קאָמיטעט „יעקאפּא״ אין ווילנע פאַר די יאָרן 1926—1929, ווערט געזאָגט, אַז די גמילות־חסד־קאַסע אין בעליצע פונקציאָנירט פון יולי 1926. אין יאָר 1929 איז די צאָל מיטגלידער דערגאַנגען ביז 104. דער צוזאַמענשטעל פונעם יערלעכן בילאַנס צום 1טן יאנואַר 1930 האָט אויסגעזען אַזוי:

| הכנסות | זל׳ | הוצאות | זל׳ |
|---|---|---|---|
| הלוואה פון „יעקאפּא״ | 2,400.00 | 792 ארויסגעגעבענע הלוואות | 98,971.00 |
| אייגענע מיטלען | 2,227.96 | אויסגעצאָלטע פּקדונות | 5,507.25 |
| פּקדונות | 5,727.95 | אומגעקערט „יעקאפּא״ | 400.00 |
| אומגעקערטע הלוואות | 94,599.00 | אדמיניסטראַטיווע און אַנדערע הוצאות | 25.09 |
| ס״ה | 104,954.91 | | |
| סאַלדאָ | 51.57 | ס״ה | 104,903.34 |

דער געגנט־קאָמיטעט פון „יעקאפא" האָט געהאָלפן אויפבויען אין בעליצע איין הויז פאַר איין משפחה פון פיר נפשות פון דעם פאָנד פאַר די חרוב־געוואָרענע פון דער מלחמה הייזער און בנינים.

אין די יאָרן 1919—1921 האָט זיך „יעקאפא" באַטייליקט אין רעמאָנט פון דער באָד אין בעליצע.

אין דער ערשטער געגנט־קאָנפערענץ פון „יעקאפא" אין ווילנע, וועלכע איז פאָרגעקומען דעם 8—9—10 סעפטעמבער 1919, האָט זיך באַטייליקט אַלס דעלעגאַט פון בעליצע הרב י. רודניק. אויך אין דער צווייטער געגנט־קאָנפערענץ אין ווילנע, וועלכע איז פאָרגעקומען דעם 5—6—7 דעצעמבער 1921 האָט זיך באַטייליקט אַלס דעלעגאַט פון בעליצע הרב י. רודניק.

אין דער טאַבעלע וועגן די צאָל יידישע קינדער אין די שולן פון ווילנער געגנט אין לערן־יאָר 1929־1930, געפינען מיר אין בעליצע:

| | | |
|---|---|---|
| אין רעליגיעזע שולן | — | 50 שילער |
| אין „חדרים" | — | 25 " |
| אין דער פוילישער פאָלקס־שולע | — | 15 " |
| צוזאמען | | 90 שילער |

צווישן די 19 פאָלקס־בענק, וואָס „יעקאפא" האָט געגרינדעט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה געפינט זיך אויך די בעליצער פאָלקס־באַנק.



יוגנטלעכע פון שטעטל בעת אַן אויספלוג אינעם שכנותדיקן וואַלד



ביי דער פּוילישער פאָלקס־שולע (1935)



ביי דער העברעאישער פאָלקס־שולע (1935)

בנימין מאַקאָווסקי

# א טרער אינעם ים פון טרערן

דאָס קליינע שטעטעלע בעליצע האָט אַרויסגעגעבן שיינע געשטאַלטן, ליכטיקע יידישע פּנימער, וואָס לאָזן זיך ניט פאַרגעסן. איך קוק תמיד צוריק צו יענע יאָרן (1920/21), ווען איך בין צוגאַסט געווען אין בעליצע און זיך צוגעקוקט צו די יידישע איינוווינער, צו דער גייסטיקער שטרעבונג פון דער יידישער יוגנט, צום בית־מדרש, ווו מיין פעטער ר׳ הערצל



די משפחה פון שמעון נאָוואָגרודסקי



די משפחה פון הערצל נאָוואָגרודסקי

נאָוואָגרודסקי ז״ל האָט יום־ולילה געלערנט, און נאָך אַזעלכע געשטאַלטן. איך פיל עד היום די גייסטיקע אַטמאָספער, וואָס האָט זיך דאָרט געפילט, די הייליקייט פון דער שיינער יוגנט, וואָס האָט געהאָפט אויף אַ בעסערע וועלט, געהאַט ציוניסטישע שטרעבונגען.

איך האָב מיט אַ גרופּע שטעטלדיקע אַמאַטאָרן טעאַטער געשפּילט, שפּאַצירט צוזאַמען שבת פאַרנאַכט לעבן ניעמאַן, אַרומגערעדט די וועלטלעכע און יידישע לאַגע. און איך האָב דעמאָלט געטראַכט: וואָס פאַר אַ שיינע יוגנט אונדזער שטעטל האָט אַרויסגעבראַכט. איצט, נאָך דעם גרויסן יידישן חורבן, פרעגט זיך: איז דאָס געווען אַ חלום? אַלץ, אַלץ באמת פאַרשניטן און אָפּגעווישט?..

שלום גערניצקי

# א גליד פון א זיידן א „גיבור"

מיין מוטער חייקע אסתרס איז אַ געבוירענע אין בעליצע. איר פאָטער (מיין זיידע) זכריה, האָט זיך גערעכנט אין בעליצע פאַר אַ „גיבור". איך אַליין געדענק אים כמעט ניט, אָבער כ'האָב געהערט וועגן אים זייער פיל מעשיות נאָך לערנענדיק אין חדר, ביי ר' לייזער דעם שוחט. ר' לייזער אַליין פלעגט מיר דערציילן, אַז מיין זיידע האָט געהאַט דריי רייפן אַרום בויך (אַ סימן פון גבורה). אין בית־מדרש פלעגט ער שטענדיק שטיין און קיינמאָל ניט זיין פאַרמאַטערט. זיין פרנסה איז געווען: בעקעריי און דערצו נאָך געהאַט אַ קרעטשמע. ניט איין מאָל, אין אַ מאַרק־טאָג, ווען שיכורע פויערים פלעגן



פרומאַ גערניצקי

פּרובירן מאַכן סקאַנדאַלן און טשעפּען זיך צו יידן. פלעגט מיין זיידע זכריה אַרויסגיין מיט אַ שעפּסן־פּיסל אין האַנט און גלייך פלעגט אין מאַרק ווערן רואיק.

מיין פאָטער פּסח איז געבוירן אין ראַזשאַנקע. ער איז געווען דעם שטשוטשינער דיינ׳ס אַן אייניקל, נאָך וועלכן איך טראָג דעם נאָמען. ער האָט חתונה געהאַט מיט מיין מוטער אין 1908 און ביז צום אָנפאַנג פון דער ערשטער וועלט־קריג האָבן זיי געהאַלטן אַ פּאַקט ביי אַ פּריץ, ניט ווייט פון שטשוטשין.

ווען דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט האָבן די רוסישע סאָלדאַטן רעקווייזירט די קי פון פאַקט און מיינע עלטערן האָבן זיך עוואַקואירט קיין רוסלאַנד.

אין יאָר 1918 זיינען מיר צוריק געקומען און מיר האָב זיך באַזעצט אין בעליצע. אונדזער לאַגע איז אין אָנהויב געווען זייער אַ שווערע, ווייל מיר זיינען צוריק געקומען אָן קיין שום מיטלען צום לעבן.

מיין פאָטער האָט גענומען האַנדלען מיט קריסטן און אונדזער מצב איז געוואָרן פיל בעסער. דער טאַטע פלעגט אויפקויפן תבואה און אַוועקפירן קיין לידע. ביים אָנלאָדענען די זעק אויפן וואָגן פלעגט מיין מוטער אַרבעטן צוגלייך מיט מיין פאָטער און מיט מיר. איך פלעג דאָן זאָגן צו דער מאַמען לאַכנדיק: „דו האָסט אַ גליד פון מיין זיידן זכריה״.

איך בין געווען אויף הכשרה און שפּעטער עולה געווען קיין ארץ־ישראל.



יוגנטלעכע פון שטעטל

אלעזר־ מאיר סאוויצקי

# עטלעכע טיפן פונעם שטעטל

### יעקב קאָטליאַרסקי

געווען פון פאַך אַ קאָטליער, זייער אַפּעאיקער און קלוגער מענטש. שפּעטער געלאָזן זיין פאַך און אויסגעבויט אַ סמאָליאַרניע. ווען אויטאָבוסן האָבן אָנגעהויבן קורסירן פון בעליצע קיין ווילנע, איז ער געוואָרן איינער פון די אייגנטימער פון די אויטאָבוסן.

ער איז אויך געווען טעטיק געזעלשאַפטלעך אין אַלע שטעטלשע אינסטיטוציעס.



פון רעכטס: ר׳ יעקב שמוקלער (יע״ץ); ר׳ יעקב קאָטלאַרסקי; ר׳ חיים־נח קאַמעניעצקי; שלמה יאַסינאָווסקי

געווען אַ נדבן און שטענדיק זיך אָפּגערופן מיט אַ ברייטער האַנט. ער איז אויך געווען יאָרן דער גבאי אין בית־המדרש, און אויך קאַסירער פון שטעטלשן גמילות־חסד.

### שלמה דזיענצעלסקי

געווען אַ קצב פון די קצבים, וואָס פלעגן שחטן אַ שעפּסל אָדער אַ קעלבל. אין דער פאַמיליע זיינען געווען אַ סך קינדער, כמעט אַלע קראַנקע, איז שלמה טאַקע געווען אַ ביטערער אָרעמאַן, גלייכצייטיק איז ער געווען אַ „געבוירענער" לץ. ער פלעגט זיך שטענדיק פאָרשטעלן אַלס גרויסער סוחר, וועלכער האַנדלט גרויס און ווייט. מיט דעם האָט ער געזוכט צו פאַרזיסן אַ ביסל זיין ביטערן לעבן...

### שמואל־נחום סטאַצקי

געווען אַ שמיד, אַן ערלעכער ייד. אין פרייער צייט פלעגט מען אים שטענדיק טרעפן אין בית־המדרש ביי אַ טיש, ווו מען האָט געלערנט מיטן עולם, אָדער ביי אַ תהלים.

די גאַנצע משפחה (ער, זיין פרוי ליבע, זייער טאָכטער) זיינען אויסגעקוילעט געוואָרן אין 1921 דורך פוילישע אַרבעטער. וואָס האָבן געבויט אַ בריק אויפן ניעמאַן.

### אַלטע מיליקאָווסקי

געווען אַ שטילע, ערלעכע פרוי. פון די טייערע יידישע פרויען, וועלכע זוכן שטי־לערהייט וועמען מען דאַרף העלפן. ווו עס איז געווען אַ קראַנקער, איז זי געקומען מיט הילף.

זי פלעגט זיך אויך פאַרנעמען מיט חתונה מאַכן אָרעמע יתומות.

אין יאָר 1920, ווען די ערשטע פאָליאַקן האָבן פאַרנומען דאָס שטעטל, האָבן זיי איר פאָטער יצחק אָפּגעשניטן די באָרד מיט אַ האַלבן פּנים..

*

מיר האָבן פאַרצייכנט נאָר עטלעכע טיפּן פונעם שטעטל, וואָס האָבן זיך ספּעציעל איינגעקריצט אין זכרון מיט זייערע מידות טובות און יידישער פשטות. אַ חוץ די אויבנדערמאָנטע זיינען אין בעליצע אַוודאי געווען נאָך צענדליקער אַזעלכע פשוטע בעלי־מלאכות און איינפאַכע פרויען וואָס האָבן געטראָגן מיט זיך דעם חותם פון די גוטע מעלות פונעם קליין שטעטל.



די באָבע פייגל מעקעל
מיט אירע 5 אייניקלעך

## זרח קרעמען

# ספארט־אימפּרעזעס און פֿארווייילונגען

### וואסער־ספּארט

פֿון די ערשטע יאָרן, פֿון דעמאָלט דאָס שטעטל עקזיסטירט, האָט זיך דאָרט אַוודאי אַנטוויקלט דער וואַסער־ספּאָרט. ס׳איז קלאָר, אַז די נאָענטקייט פֿון טייך ניעמאַן האָט משפּיע געווען דערויף, אַז זומער (און אַפֿילו ווינטער) פֿלעגן יידן זיך גיין באָדן אין טייך.

פּאַר מיין זכרון שטייען אַפּט ר׳ לייזער דער שוחט (פּיסעצנער) און יע״ץ (ר׳ יעקב שמוקלער), וועלכע פֿלעגן איבערשווימען דעם ניעמאַן און באַצויבערן אונדז קינדער מיטן „לייגן קלאַפּטערס״. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט שוין די גאַנצע יוגנט געקענט שווימען און מיטן אָנקומען פֿון זומער פֿלעגן אַלע „ליגן אויפֿן טייך״.

ביז דעם אָנהויב פֿון די דרייסיקער יאָרן פֿון דעם יאָרהונדערט, פֿלעגן זיך די ווייבער באָדן באַזונדער (נעבן פּאַראָם) און די מענער באַזונדער (אויפֿן וויגאָן) — אָן באָדע־קאָסטיומען, אָט אַזוי ווי גאָט האָט באַשאַפֿן... אָבער אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ספּעציעל נאָכן אויפֿבויען דעם נייעם בריק, האָט מען זיך געגומען באָדן נעבן דעם בריק, ווי אויך אין „הויף״, פֿאַרשטייט זיך, שוין אין באָדע־קאָסטיומען.

מ׳פֿלעגט שפּרינגען פֿון ברעג אין וואַסער, אָדער פֿון די אַדורכפֿאָרנדיקע פֿליטן. אָפּטמאָל פֿלעגט מען באָרגן ביי אַ פּויער אַ לאָדקע און קאַטייען זיך אויפֿן טייך. אין די לעצטע יאָרן זיינען שוין געווען עטלעכע קאַיאַקן. דער הויפּט־קאַיאַק האָט געהערט צו נחמן באַראַנטשיק, און אָט אויף דעם איינציקן קאַיאַק האָט זיך אויסגעשולט אַ דור פֿון קאַיאַק־ספּאָרטלער...

אויך דאָס מערהייט מיידלעך האָט זיך אין די לעצטע יאָרן „געקאַיאַקעוועט״ און געקענט שווימען.



אויפן פאַראָם

## לייכט-אַטלעטיק

די ספּאָרט־פאַרמעסטונגען אין לייכט־אַטלעטיק אין און צווישן די פּוילישע און יידישע שול, פלעגן סטימולירן דאָס פאַרנעמען זיך מיט די פאַרשידענע לייכט־אַטלע־טישע ספּאָרטן (לויפן, שפּרינגען אאַ״וו). אָבער קיין ספּעציעלע איבונגען אָדער ספּאָרט־גרופּעס אין דעם געביט, זיינען ניט אַנשטאַנען.

די יוגנט האָט געצויגן בעיקר דאָס פרייע שפּילן אין פּילקע (באָל).

## נעץ-באל און פוטבאל

יעדן זומער, פאַרנאַכט, פלעגט מען הינטער די קראָמען שפּילן נעץ־באָל. ס׳רוב פלעגן פאָרקומען פאַרמעסטונגען צווישן יידן און קריסטן.. די לעצטע יאָרן פאַרן קריג, האָבן די יידן געהאַט אַ גאַנץ גוטע מאַנשאַפט.

איך געדענק אין בעליצע צוויי מאַנשאַפטן אין פוטבאָל: איינע, אין אָנהויב פון די דרייסיקער יאָרן; די צווייטע, אין די לעצטע יאָרן פאַרן קריג. אין דער ערשטער מאַנ־שאַפט האָבן זיך באַטייליקט: יעקב גאַלינסקי, אליהו מיליקאָווסקי און אַנדערע. אין דער צווייטער — לייבע, יונה און בערעלע אָזשעכאָווסקי, פּרץ זעליקאָווסקי, נחום סטאַצקי, חיים זעליקאָווסקי, אשר מאַיעווסקי, יעקב קרעמען, זרח קרעמען א״אַ.

איך געדענק אונדזערע פאַרמעסטונגען אין זשעטל (געוווּנען 2:1), אין זשאַלודאָק (געוווּנען 2:0) און אין וואָסילישאָק (פאַרשפּילט 5:0).

## ווינטער־ספּאָרט

פון גאָר אַמאָליקע צייטן, פלעגן די שטעטלדיקע קינדער זיך שליטלען אויף פּרימי־טיווע שליטלעך און זיך גליטשן אויף קאָנקעס (ס׳רוב הילצערנע, אונטערגעשמידט מיט אַן אייזן־הענטל פון אַן עמער).

שפּעטער זיינען שוין געווען געקויפטע ספּאָרט־שליטלעך און „אמתע" אייזערנע קאָנקעס (אין דעם ספּאָרט פלעגן זיך אויסצייכענען די ברידער יעקב און זרח קרעמען).

## ציקליסטיק

פון די ערשטע ציקליסטן אין בעליצע איז געווען אשר גורוויטש. ער האָט זיך אַזוי איינגעאיבט אין פאָרן אויף אַ ראָווער, אַז ער פלעגט צופאָרן מיט אַן עמער צום ברונעם, און אָנשעפּן וואַסער ניט אַראָפּגייענדיק פונעם ראָווער, און אַזוי אויך ברענגען דעם פולן עמער מיט וואַסער אַהיים. שפּעטער האָט ער אָנגעהויבן פאָרן „פאַרקערט", דאָס הייסט מיטן רוקן צום רודער און אויך „פאַרקערטערהייט" מאַכן דאָס זעלבע מיטן עמער וואַסער און ברענגען אים אַ פולן אַהיים. ער פלעגט זיך אויך אָנהאַלטן ביי אַן אויטאָ און אַזוי נאָכפאָרן אַזש ביז לידע, איינמאָל האָט ער זיך ביי אַזאַ נסיעה גוט צעקאַ־לעטשעט אָבער דאָך ווידער פאָרגעזעצט זיינע „קונצן" מיטן ראָווער.



מיט אַ קאַיאַק איבערן ניעמאַן

איינער פון די ערשטע ראָווערניסטן איז אויך געווען דב גראָדזענסקי, ער האָט אויך געלערנט אַנדערע פאָרן אויף זיין ראָווער. נאָך זיין עולה־זיין קיין ארץ־ישראל, האָבן אַלץ מער יוגנטלעכע געקויפט ראָווערן. אין די לעצטע יאָרן פאַרן קריג, איז שוין דאָס גאַנצע שטעטל געווען „מאָטאָריזירט" — ס'איז כמעט ניט געווען קיין יידישע שטוב אָן אַ ראָווער... אויף די שאָסייען קיין לידע, זשעטל און זשאַלודאָק, האָט מען געקענט טרעפן טאָג־טעגלעך פיל יוגנטלעכע פון בעליצע רייטן אויף אייגענע ראָווערן.

און צום סוף, קען מען דאָ אויך דערמאָנען די פייערלעשער, וואָס זייערע איבונגען און פאַרמעסטונגען זיינען אין אַ געוויסער מאָס באַטראַכט געוואָרן אַלס ספּאָרט־אימפּרע־זעס. די דאָזיקע פלעגן צוציען די יוגנט און אויך דערביי אַנטוויקלען זייערע פיזישע כוחות.



אַ „טראָיקע" ציקליסטן (פון לינקס): פּ. סאָוויצקי, מ. שימאָנאָוויטש, מ. יאָסינאָווסקי



אַ גרופּע יוגנטלעכע
אינעם „אַטעליע" פון שטעטלדיקן „פאָטאָגראַפטשיק"



יוגנטלעכע אין אַ שבת־ווינטער...

**חלק שלישי / דריטער טייל**

# התוכן / אינהאלט

*

# לזכור!

לזכור. עד אחרית הדורות, עד קץ הימים.
לזכור את מפלת הצדק ואת מות הרחמים.
את חשכת השנים, שבהן חגגו הזדון והטירוף נצחון עקוב־דם.
את שאננות־הנפש של עולם ערל־לב.

כל יבבה וכל אגל־זיעה; כל דמעה וכל זעקה חנוקה.
כל בור־רצח וכל קרון־רעל; כל מחנה־יאוש וכל תנור־בשר־אדם.
כל המוני־ההמונות שנצודו ונכלאו וגורשו אל קץ־הקיום ואל חדלון החיים.
כל לב שנחרד וכל שערה שנסתמרה; כל גרון שצרח וכל אגרוף שנקמץ.

לזכור את האימה שאין לתארה, ואת היאוש העמוק מתהום.
את הגבורה שצמחה בשדה־האבדון, ואת הזעם הקדוש שהצית לבבות.
את היאוש שנהפך לחרב חדה, ואת שיני־השנאה של נידונים־למוות,
שננעצו בצווארי־מרצחים.
את „שמע־ישראל" של נופחי נשמתם על־לא־עוול.

והמית אומרי „קדיש" על מותה של אומה.

(א. שלונסקי)

הרב ראובן פיין

# אבי־מורי הרה״ג ר׳ שבתאי פיין זצללה״ה

אבי־מורי, הגאון והצדיק זצללה׳ה הי״ד, נולד בסלובודקה, פרבר העיר קובנה שעל הגדה השניה של הנהר וילי.

שנת הולדתו אינה ידועה לי, אולם ידוע לי, שהוא התיצב לצבא בשנת תרע״ה (1915), היינו, בקיץ האחרון שלפני נסיגת הרוסים משטחי ליטה ורוסיה־הלבנה־המערבית. ייתכן גם שהוא התיצב אז לצבא, בפעם השניה.

אבי זצ״ל היה בנו בכורו של אביו, הגאון האמתי, רבה של סלונים, שטרם כיהן אז ברבנות. סבי למד אז בעיר מינסק, והיה יוצא ונכנס אצל הגאון „הגדול" ממינסק. גאון זה הציע לאנשי העיירה פיעסוצ׳נה שעל יד סלוצק (על יד מקורות הנהר נימאן) שיקבלו את סבי כרב לעדתם. בגיל צעיר עבר איפוא אבי עם הוריו לעיירה פיעסוצ׳נה, ומשם — לאחר זמן קצר — לעיר קיפישוק, שהיתה עיר חשובה בליטה הקובנאית. בגיל חמש־עשרה נסע אבי ללמוד לישיבת וולוז׳ין, (היא נפתחה אז מחדש, לאחר שהיתה סגורה במשך תקופה ידועה בגזירת הממשלה הצארית ובהלשנת משכילים מתבוללים שלא לומדים בחדרים ובישיבה את השפה הרוסית).

לאחר זמן, עבר אבי ללמוד בישיבת סלובודקה. משם עבר ללמוד אצל הגאון האמיתי והגדול בדורו ר׳ יצחק יעקב רבינוביץ, המכונה בפי־כל: ר׳ איצל מפוניבז׳ (משום שכיהן כרבה של העיר פוניבז׳). גאון זה היה גם רבו של סבי בצעירותו, בישיבת סלובודקה, שם היו לומדים בחירי בני הישיבות והיו מוחזקים על ידי הברון גינזבורג. אצל ר׳ איצל קיבל אבי את דרכו בלמוד, ומשם יצא שמו כלמדן גדול עד למאוד.

לאחר שהתיצב אבא לצבא, היה נאלץ להסתתר בתחום העיר וילנה עד שהרוסים נסוגו מן העיר. בגלל זה נבצר היה מאבי להצטרף להמוני־בני־הישיבות שנדדו יחד עם רבותיהם לרוסיה הפנימית, וזמן די ארוך היה לומד לבדו בעיר וילנה או אושמינה (בה כיהן אז סבי כרב).

בביתנו ראיתי עדיין את מנורת־הנפט הזעירה — אותה קראו בשעתה בשם „קופטשיך" — שלאורה הוא למד זמן ממושך.

3 דורות רבנים



הרה״ג ר׳ יהודה־לייב פיין זצללה״ה (רבה של סלונים)



הרה״ג ר׳ שבתאי פיין זצללה״ה



הרב ר׳ ראובן פיין יבלח״א

מצב זה נמשך עד כריתת „שלום״ בבריסק דליטא. בעת ההוא התחילו להגיע מרוסיה הרבה תלמידי־ישיבות ובערים שונות נוסדו מחדש מקומות של לימוד התורה, או כפי שקראו להם „קיבוצים״. „קיבוץ״ כזה נוסד גם כן בעיר ביאליסטוק, ואבי עבר לשם ללמוד.

בביאליסטוק, הציעו לו, זמן קצר לאחר המלחמה, את השידוך עם אמי־מורתי סירל־יענטה ע״ה הי״ד ועברה אליו החזקה על הרבנות של העיירה נארבה, שע״י ביאליסטוק. לאחר ארבע שנות כהונה ברבנות בעיירה זו, מקום בו נולדתי אני ואחותי הבכירה דבורה־הנא ע״ה הי״ד, עבר אבי לרבנות של בליצה, שם נולד אחר־כך אחי הצעיר יעקב־אלי׳ ע״ה הי״ד.

כידוע לכולם, נשא אבי מורי הגאון והצדיק זצללה״ה על שכמו את כהונת הרבנות באחריות גדולה, היה מעורה בחיי הצבור. יסד חברה ש״ס ומשניות, דאג להחזקת בית־הספר, והיה מופיע בפני השלטונות בהשתדלויות שונות למען הכלל.

זמן קצר לפני המלחמה העביר אבי זצ״ל חלק מכתביו וחידושיו על הש״ס ועל הרמב״ם לדפוס בעיר בילגורי שע״י לובלין, וכשהספר צריך היה לצאת לאור, פרצה המלחמה הנוראה שהשמידה את הכל. שמו של הספר צריך היה להיות: „עונג־שבת״. זכיתי והצלחתי להציל כמעט כל מה שהיה מסודר לדפוס ובעז״ה הדפסתי, לפני שנים מעטות, את הספר, בארצנו הקדושה.

אני עצמי עזבתי את בליצה מיד לאחר שמחת־תורה ת״ש והגעתי לווילנה. קורות העיירה בליצה וגורל יהודיה היקרים ידועים לי איפא רק מפי השמועה. ת.נ.צ.ב.ה.

א. מ. סוויצקי

# זקן שחזונו־חלומו נתקיים

זקן היה ר׳ חיים־נח ז״ל בכל המובנים: זקן ובא־בימים היה במותו על מיטתו בגיטו לידה, בגיל 75 שנה; זקן היה גם במובן „חכם״ — כי „זקן״ היה ר׳ חיים־נח כל ימי־חייו הארוכים, המלאים והמעניינים — במחשבותיו, במעשיו, בהנהגתו היום־יומית, וביחוד באהבתו ובפעילותו למען „חיבת־ציון״ ולמען הציונות.

כמקובל בימים ההם, היה אף הוא מחובשי בית־המדרש (בלידא שם נולד). אבל עוד בצעירותו הרגיש חיבה מיוחדת לספרי הנביאים, התחיל יום־יום ללמוד פרקים אחדים מהתנ״ך וביחוד קרא בהערצה רבה את דברי־הנחמה של נביאינו הגדולים. מדבריהם שאב את אמונותו ותקוותו, כי יבוא היום וגם עמו ישוב לארצו ויבנה שוב את מולדתו המחודשת בארצנו המובטחת.

בהיותו ר׳ חיים־נח בחור צעיר, הביא אותו ר׳ שמואל שעכטמן ז״ל (מוניע קארפלס) לביתו בכפר ניטעצע, ללמד ולחנך את בניו ובנותיו. לאחר כמה שנים נשא ר׳ חיים־נח לו לאשה את הבתולה המהוללה: מרת רחל, הבת של ר׳ משה יענטעס (קפלן) מבליצה. כאן הוא פתח לו „חדר מתוקן״ ובזמן קצר רכש לו שם של מחנך בחסד, קיבל תלמידים „מבתים־טובים״ ומעבודת ההוראה התפרנס בכבוד ומצא בה גם סיפוק רוחני ונפשי.

ר׳ חיים־נח הכניס אווירה הדשה ונעימה ב„חדר המתוקן״. ראשית, הוא היה פונה אל תלמידיו בסבר פנים יפות, בחיבה ובאהבה, ולא בצעקות ובהכאות, כמקובל אז אצל רוב המלמדים, בזה הוא קנה את לב התלמידים שחיבבו והעריצו אותו כל ימי־חייהם. שנית, הוסיף הוא ללימודים המקובלים גם את לימוד השפה העברית, הוא לא רק לימד אותה הוא גם חינך באמצעותה את תלמידיו לדבקות במסורת, להכרה לאומית, וביחוד לאהבת המולדת השוממה הקמה לתחיה.

ר׳ חיים־נח לא הסתפק ב„חדר מתוקן״ שסידר בעיירתו, הוא ביקר בערים אחרות כדי לארגן גם שמה „חדרים מתוקנים״ כדוגמת חדרו. הוא הגיע עד לעיר שעדליץ שבפולין, שם עשה כמה שנים בחינוך ובאירגון „חדרים מתוקנים״. בשעותיו הפנויות

מעבודתו הקשה, היה מנהל תעמולה עבור רעיון „חיבת־ציון", רעיון אהוב וחביב עליו ובכל מקום הלהיב בנאומיו את שומעיו וביחוד את הנוער לעבוד למען ארץ־ישראל והציונות, בהשאירו אגודה מאורגנת בכל מקום.



ר׳ חיים־נח קמינצקי

מובן, שלא חסרו גם בימים ההם מתנגדים לרעיון של שיבת־ציון, מהם טענו שזאת לא לפי האמונה והמסורת ואסור „לדחוק את הקץ" אלא לחכות באמונה שלמה לביאת המשיח, ורק הוא יגאלינו מן הגלות המרה וישיב אותנו לארץ המובטחה מה׳ לאבותינו. אבל ר׳ חיים־נח לא חת ולא כחד מהם — באמונתו התמימה שאכן כבר התעוררה השכינה להשיב בניה הנידחים לגבולם ובהתלהבותו הסוערת היה מבטל את כל טענותיהם וממשיך בעבודתו הקדושה למען „אתחלתא דגאולה" עד בא משיח צדקנו.

עוד מלפני יותר משישים שנה היתה כבר אגודת „חיבת־ציון" בעיירתנו. בראשה עמדו שלושה מחשובי העיירה: ר׳ נחמן שאבשינסקי זצ"ל — יושב־ראש הוועד; ר׳ חיים־נח קמינצקי ז"ל — מזכיר; ר׳ מיכאל לעפקובסקי ז"ל — גזבר. התעמולה למען הרעיון של „שיבת־ציון" בעיירה נעשתה ע"י שיעורים ונאומים בבית־המדרש, ור׳ חיים־נח היה הרוח החיה בתעמולה זו. גם את העבודה „השחורה" היה הוא עושה: היה רוכש חברים שיקנו „אקציעס" ובולים שהוציאה אגודת „חיבת־ציון" למען התישבות בא"י. שמעתי כמה פעמים מפיו, שאפילו נשפי־ריקודים („טאנצאוואלנע־ווערשערס")

היה מסדר למטרות אלו בחנוכה בבית־המרזח של ר׳ יעקב באראנצ׳יק ז״ל (יענקל צינקעס) ושאפילו ר׳ נחמן היה בא לנשף (הוא היה מוסיף: „מובן, שר׳ נחמן ישב בחדר מיוחד״).

חוץ מעבודתו החינוכית ופעילותו למען הציונות היה עוסק גם בכל צרכי העיירה ועליו אפשר לומר, שהיה אחד מהעוסקים בצרכי ציבור באמונה. הוא אירגן את החברות „ביקור חולים״ ו„לינת־הצדק״, סידר גמ״ח עירוני לנצרכים להלוואה, בלי ריבית. אחרי מלחמת־העולם הראשונה סידר וניהל את הבנק העממי שפעל בעזרת חברת „יעקאפא״ בווילנה (הוא ניהל את הבנק עד שבאו הסובייטים בשנת 1939 וסגרו אותו).

בפרוץ המלחמה בין הנאצים והסובייטים (1941), היה ר׳ חיים־נח במבוכה רבה. הוא היה מתהלך אנה־ואנה בביתו, שקוע ברעיונותיו, מפעם־לפעם קם ומתחיל לדבר בקול עצוב: „מה יהיה עכשו? מה ילד יום? אל אלוקי־ישראל, איך יוכלו בני־עמך לעמוד בגזרות הרעות והצרות הנוראות המתרחשות ובאות עליהם?״ אבל, לאחר כמה שעות, כאשר רבים מבני־העיירה באו לשאול את עצתו, אם כדאי לעזוב את המקום ולברוח יחד עם הצבא הסובייטי אל מרכזי רוסיה הגדולה והרחבה, התעורר בו רוחו, עיניו החלו נוצצות כתמיד, ובהחלטיות אמר: — „אני חושב, שיותר טוב שכל אחד ישאר על מקומו; מן הנסיון של מלחמת־העולם הראשונה למדתי, שמי שלא עזב את מקומו היה במצב יותר טוב מאלה שברחו לרוסיה; הם נתגלגלו למקומות זרים והיו הראשונים שנפגעו מן המגפות השונות שפרצו אז ומן הרעב הנורא ששרר שם״.

כן, זקן תמים זה, לא היה יכול להאמין ולהעלות על הדעת, שיקום שונא נורא כזה על עמו וישמידו עד היסוד, מנער עד זקן, נשים וטף, באכזריות כזאת שאין דוגמתה בהיסטוריה האנושית.

אכן, כבר ביום הראשון לכניסתם של הזדים באש־ובדם אל העיירה, נוכח הישיש בטעותו. הוא ראה במו־עיניו, כיצד חיילים גרמנים רצים כמטורפים ומציתים בית אחרי בית, רובם בתים שנבנו בעמל־דורות ועברו בירושה מאבות אל בנים, על לא עול ולא חמס בידי הבונים. ימים ספורים לאחר מכן, היה עד למעשה שוד וחמס אחר: פתאום התפרצה קבוצה של נאצים אל תוך העיירה, הם התרוצצו ברחוב בצעקות ובזילזולים. לבסוף תפסו שני אנשים תמימים וישרים (את ר׳ חיים־יצחק קרעמען ואת פייווע בן משה־דויד סטוצקי הי״ד), נתנו להם סל גדול וציוו עליהם ללכת אל היהודים „הארורים״ ולאסוף ביצים, ואם לא יקיימו את הפקודה — ימיתו אותם ככלבים. זכורני, שבשעה זו התגבר הישיש ויצא מביתו אל הסימטה היחידה שניצלה מן השריפה, שמה התאספו כל אנשי העיירה. הוא פסע בסימטה, הנה והנה וקרא:— „יידן, גיט אוועק וויפל אייער איר האט אין שטוב; טראכט ניט איצט וועגן זיך און וועגן אייערע קינדערלעך; מיר שטייען אצינד אזוי ווי אונדזערע עלטערן אמאל פאר דער מצווה פון פדיון־שבועיים; גיט אפ וויפל אייער איר האט אין הויז; לייזט אויס אונדזערע טייערע צוויי ברידער

פון די מערדערס". מובן, שבעקבות קריאתו זו, מסר כל אחד את כל הביצים שהיו בביתו לפדיון השבויים, וכך בזמן קצר הסל נתמלא ביצים.

אולם, סיומו המר של המקרה עצמו דיכא את הישיש עוד יותר. כי כאשר הביאו השניים את סל־הביצים אל הרוצחים, לקחו מהם את הביצים ואחר־כך ציוו עליהם לעלות על אוטו־משא והובילום אל מחוץ לעיירה. תחילה, לא ידע אף אחד לאן הם נעלמו, אבל אחרי כמה ימים באו איכרים מהכפר מיסילוביץ וסיפרו שהשודדים הרגו אותם וקברום בקרבת הכפר. כששמע ר׳ חיים־נח על הנבלה הזאת, הרכין כאבל את ראשו, נאנח אנחה שוברת את הלב ואמר:— „אבדנו, כולנו אבדנו".

לאחר הפוגה קלה, שוב התנפלו נאצים על העיירה, הקיפו את הרובע היהודי והתחילו לתפוס אנשים לעבודה. הם אספו באותו „יום שחור" שלושים וששה יהודים, ביניהם רב הקהילה הרב הגאון ר׳ שבתי פיין הי"ד, הביאים אל מגרש סמוך לבית־הקברות הפראבוסלבי, שם עינו אותם בעינויים שונים ומשונים, אח"כ הכריחום לחפור קבר לעצמם וירו בהם ליד אותו בור. מקרה זה שבר את ר׳ חיים־נח לגמרי, כי בין השלושים וששה היה גם בן הזקונים שלו — יצחק. ככה נשארו ר׳ חיים־נח ואשתו גיטל שכולים מבנם הצעיר לימים. צערו זה היה קשה מנשוא, כי הרוצחים התעללו בקרבנותיהם ובמשך כמה שבועות לא הרשו להעביר את הקדושים לקבר ישראל.

באותו זמן, בראש־השנה כודרו מנינים בבית אבי ובבית ר׳ יוסף וולקוביסקי, והתפילות של „הימים־הנוראים" היו השנה יותר „נוראות". כל אחד הרגיש בלבו, שהתפילות הפעם מדברות אליו, לגורלו ולגורל בני־משפחתו. כשנאמרה התפילה „ונתנה־תוקף": — מי לחיים ומי למות, מי בקיצו ומי לא בקיצו, מי באש ומי במים — היו האותיות של מלים אלה מחטים שדקרו בגופי האומרים אותן. לכל אחד נקרה במוחו השאלה — מי יודע, באיזו מיתה, אצטרך השנה לקדש את השם?

סיפר לי הבחור התלמיד־חכם ליפמן בן ר׳ דב רודמינר הכהן: „במנין שבביתו של ר׳ יוסף וולקוביסקי עבר לפני התיבה ר׳ חיים־נח, ומימי לא שמעתי השתפכות־נפש כזאת. בצחות לשונו ביאר כל מילה שבתפילות, בכמה מהן הרים ידיו למעלה וטען כלפי שמיא. כשבא ר׳ חיים־נח לתפילה הידועה (ב„שחרית") „כלה אל תעש לשארית בני־מלך", התחיל בהתלהבות לטעון: — אב הרחמן, אם אבינו אתה, איך אתה יכול לשבת בשקט על כסא כבודך ולהביט על מעשי הטמאים בבני־עמך? האם אתה באמת רוצה חס־ושלום לכלות את שארית עמך? ואם מלכנו אתה, איזה מלך תהיה בעיני כל עמי עולמך, אם תתן לזדים לעשות כלה לשארית בני־מלך? וכשהגיע ל„פדם היום מדין גמור מלחייבם מלך", הרים קול אדיר והמשיך לטעון: רבונו של עולם — היום! היום! ורק היום! דע לך, כי מחר יכול להיות מאוחר...

ביום שני של ראש־השנה תשכ"ב, אחר הצהרים, נתפשטה שמועה ברובע היהודי, שהרשעים הרשו להעביר את הגופות של קדושי הל"ו לקבר־אבות. הלכנו כולנו עם



סדר פסח בביתו של ר׳ חיים־נח קמינצקי (שנתיים לפני השואה)

מעדרים לבית־הקברות לכרות קבר־אחים ליקירינו. זכורני, שמצאתי כבר שם את ר׳ חיים־נח. כשראני, פתח את זרועות ידיו נגדי ואמר: „קומט, העלפט מיר גראבן א קבר פאר מיין איטשקען״...

התחלנו לחפור את הקבר המשותף והנה בא מישהו והודיע, שהרוצחים אינם מרשים להעביר את הקדושים לבית־הקברות ועלינו לעזוב תיכף־ומיד את בית־העלמין. כפופי־ראש ודוויי־לב שבנו מיואשים לרובע היהודי.

בערב יום־כיפור הלכתי דרך הגינות לבקר את ר׳ חיים־נח, שהיה בביתו של ר׳ ישראל הלפרין. מצאתי אותו שבור ורצוץ. זקן כפוף ומיואש. תחילה דיבר בקול עצוב וחרישי על צרותיו הפרטיות ועל הגזרות הנוראות שנשפכו על כל עמו. אולם פתאום הפסיק שיחתו, אחרי דקות אחדות התעורר, קם והתיישר במלוא קומתו ובהתלהבות עזה אמר: תדע לך, על אף שהמצב נורא ואיום, בכל זאת אינני מתיאש. גם כיום מאמין אני באמונה שלמה באימרה „עם ישראל חי וקיים״. כן, הם יכולים להרוג אותי ואת אשתי, אבל אל בתי שולמית ובני יששכר בארץ־ישראל הם לא יגיעו. איני יודע, אם אזכה אני לראות במפלתם של רוצחי עמי, אבל רואה אני ברורות, שסוף־סוף תבוא השואה לקיצה, הזעם יעבור ואחדים מאתנו יזכו לראות בבושתם של שונאינו וגם בתקומת מלוכה יהודית בארץ־אבותנו. — ככה דיבר והאמין זקן־חכם זה אפילו בשעה שחרב חדה היתה מונחת על צווארו של עמו הגוסס.

עם כתיבת שורות אלו בישראל המשוחררת והריבונית, לזכרו של זקן־חכם יהודי זה, שומע אני את צליל קולו באוזני: „כן, הם יכולים להרוג אותי ואת אשתי, אבל אל בתי שולמית ובני יששכר בארץ־ישראל הם לא יגיעו", ורואה אני במו עיני כיצד נתקיימו דבריו הנבואיים של ר' חיים־נח ז"ל.

כשרואה אני היום את בני־משפחתו החשובים בישראל, כולם מעורים בחיי הארץ הקמה לתחיה, ביחוד נכדו עזריאל הצעיר, החביב והנעים בקיבוץ מגל, העומד לשמור על גבולות ישראל הקדושה, שעליה חזה־חלם סבו ר' חיים־נח, מרגיש אני שמחה בלבי, שהשלשלת הקדושה אשר חושלה בדם־ואש לבו של הסבא הגדול, לא נפסקה.

כן, אנו עדים כיום, שחזונו־חלומו של ר' חיים־נח נתקיים.

יהי זכרו של זקן־חכם זה — ברוך.



הבת שולמית קמינצקי על קברה של האם (בשנת 1938)



הבן עזריאל קמינצקי

שלמה שילוביצקי

# מורשת בית אבותי

אבי־מורי הג׳ הצדיק ר׳ בן־ציון שילוביצקי זצוק״ל נולד בשנת תרמ״ה בעיר סלונים, לאביו ר׳ אליעזר ולאמו מרת חסיה. אביו היה מבעלי־הבתים החשובים שבעיר, איש תם וישר, שהתפרנס מיגיע כפיו, ירא שמים וקובע עתים לתורה.

עוד משחר ילדותו התבלט אבא ז״ל במידותיו התרומיות ובשקידתו הגדולה בלימוד תורה. היה משכמו ומעלה גבוה מכל בני גילו, ובגיל 15 קיים בנפשו „הווה גולה למקום תורה" ונסע לישיבת סלובודקה המפורסמת, שעמדה תחת הנהגתו הרוחנית של מרן הגה״צ ר׳ נתן־צבי פינקל זצ״ל, הידוע בכינוי „הסבא מסלובודקה".

כאשר הגיע לגיל העשרים, אחרי שמלא כרסו בש״ס ופוסקים, עבר אבא לבית „התלמוד הגדול" בעיר קלם שבליטה, מיסודו של ה„סבא מקלם" מרן ר׳ שמחה־זיסל ברוידא זצ״ל. „בית־התלמוד" בקלם, שבו למד אבי עד לנשואיו ושם עוצבה אישיותו, מלבד שהתלמידים שם התאמצו לרכוש ידיעות מקסימליות בש״ס ופוסקים, המגמה העיקרית של ישיבה זו היתה השתלמות אישית. לשם השתלמות זו, ייחדו טיפול אינדיבידואלי ע״י גדולי המחשבה ומוסר היהדות (שבראשם עמד „הסבא מקלם") וכל שנעשה שם היה מכוון למטרה זו והמוסד הפך לבית־מדרש גבוה של התעלות רוחנית. לצורך מגמה זו הקפידו מאד בבחירת הרמה המוסרית של התלמידים, מי שהתדפק על דלתות הישיבה היה נאלץ לעבור ביקורת יסודית וחקירה מדוקדקת ורק יחידי סגולה זכו להתקבל.

אבא ז״ל עבר את הבחינה בהצטיינות, נתקבל בבית־התלמוד הנ״ל והושפע הרבה מרוח ישיבה זו, עלה ונתעלה במעלות התורה והיראה ונחשב בין המצויינים שם. מענין לציין, שבספר „תנועת המוסר" (כרך ב׳), שחיבר הרב דב כ״ץ, מובא מכתב משנת תרס״ח, שנכתב ע״י קבוצת תלמידים ותיקים של בית־התלמוד ונשלח לארץ־ישראל לר׳ לייב ברוידא ז״ל, כי ישפיע על בנו ר׳ צבי ברוידא, שהיה חתנו של ר׳ שמחה זיסל, לחזור לקלם להמשיך בהנהלה הרוחנית של בית־התלמוד במקום חותנו (אחרי פטירתו); על המכתב היה חתום גם אבי־מורי ז״ל.

בשנת תרס״ט בא אבי בברית־הנשואים עם בתו של מרן ר׳ שלמה שלומוביץ מהעיירה בליצה, היא אמי הרבנית הצדקנית מרת בתיה גלה הי״ד. סבי זה היה מופלג בתורה ויראה, תורתו היתה אומנותו, ביתו היה דירת־ארעי ובית־המדרש דירת־קבע, חסיד וענו אהוב על הבריות, רחים ומוקיר רבנן. היה נזהר מאד בכבודו של כל אדם, מרביץ תורה ברבים ומלמד תורה לתשב״ר שלא על מנת לקבל פרס. מעולם לא חס על כבודו, על טרחתו ועל ממונו לעזור ולגמול חסד עם הזולת כמיטב יכולתו. אשתו שיינה־רייזל ז״ל, הסבתא שלי, היתה אשת־חיל ויראת־אלוקים, השתדלה בכל כוחה שבעלה לא יופרע מתלמוד תורה ומעיסוקיו בקודש, משום כך העמיסה על עצמה את עול הפרנסה. נולדו להם שני בנים ושתי בנות: הבנים — ר׳ דב־צבי, הבכור, שהיה שו״ב בעיירה דיבנישוק, מחוז וילנא, אחרי מלחמת־העולם הראשונה היגר לארה״ב, ובמקומו נתקבל אחיו הצעיר ר׳ אברהם־נח ז״ל בתור שו״ב בדיבנישוק; הבנות — אמי ואחותה שרה־פייגל — אשר סבי וסבתי השתדלו בכל מאודם להשיאן לתלמידי חכמים.



משפחת ר׳ שלמה שלומוביץ („שלמה דער מלמד״)

למגינת־לב המשפחה, הסבא לא זכה להיות בחתונת ילדיו, הוא נפטר בשם טוב ביום ד׳ מנחם־אב שנת תרס״ז בבליצה והוספד ע״י הרבנים הגאונים מהעיר והסביבה. אמא סיפרה לנו אודות התמסרותו של סבי ר׳ שלמה ז״ל לחינוך הילדים, עוד בילדותם היה שם לב לכל הליכותיהם, תוהה על מידותיהם הנפשיות בעודם בגיל צעיר מאד, והשתמש בכל כשרונותיו הפדגוגיים להדריכם בדרך הישרה. ואין פלא, כי צאצאיו הלכו בעקבותיו ונעשו לאנשי־מעלה: דודי הרב דב־צבי שלומוביץ שליט״א שבארה״ב, כל מי שהכירו יעיד עליו, כי הוא אציל־נפש מופלא, המשמש לסמל ולמופת לעליונות האדם.

סבתי, שהיתה נין ונכד לבעל ה„חיי־אדם״ נפטרה בשם טוב בליל שבת קודש, ערב ראש חודש אייר שנת תרע״ז, אחרי שהדליקה נרות־שבת בביתה בבליצה — פרחה נשמתה.

אמא ז״ל התבלטה עוד בצעירותה במידותיה הנאות, היה לה כשרון מיוחד להתחבב על הבריות. פקחותה וידיעתה המרובה בהוויות העולם הביאו אל ביתנו את השכנות, בין מבני־ברית ובין שאינן מבני־ברית, ליטול ממנה עצה ותושיה, והיא היתה מתעמקת בעניניהן ומשיאה להן עצות שהיו קולעות למטרה. כן הצטיינה במידות החסד, עזרה לכל קשה־יום והושיטה סעד לאביונים ועניים.

אחרי נשואיו, החליט אבא, שלא לעשות תורתו קרדום לחפור בה אלא להתפרנס מיגיע כפיו. בתקופה הראשונה עסק במסחר התבואה, אחרי שלא ראה ברכה רבה בעסק זה ניסה לייצר משקאות חריפים יחד עם ר׳ שמואל־יוסף איצקוביץ ז״ל ור׳ יעקב קוטלרסקי ובנו משה אלקה מלידה. גם בזה לא הצליח ופתח בית־חרושת לייצור סבון, ברם, המזל לא האיר לו פנים והפסיד כל כספו. היו ימים שלא היתה בבית פרוטה לפורטה, האמא היתה חולה וסבלה ממיחושים שונים ולא יכלה לעזור בפרנסת הבית, ולולא התמיכה הכספית שהושיט למשפחתנו אח אמי, ר׳ דב־צבי שלומוביץ שליט״א מארצות־הברית בתקופות הקשות האלה, היה מצב הבית קשה שבעתיים. ברם, כל זה לא פגע באבא במאומה, בשלוות נפשו ובבטחונו בה׳ — מנוחת הנפש וסבלנותו היו ראויים לציון, ובמקרים הטרופים ביותר לא ראו עליו שום התרגשות או בהילות, תמיד היה נתון בשקט נפשי ובשלווה תוך צלילות מחשבה ויישוב־דעת מלא. וסיפר אבי שבמלחמת־העולם הראשונה, בנסעו פעם עם אחד מבעלי־הבתים החשובים לעיר סלונים, הגרמנים תפשו אותם בדרך, האשימו אותם בהברחות, אסרו אותם בבית־הכלא בסלונים, ונאמר להם שיעמידו אותם בפני משפט־צבאי ואף קבעו תאריך למשפט (היה צפוי להם משפט מוות). חברו נשבר מהר מאד, אבל אבי בטח בה׳ ביתר שאת, ישועת ה׳ כהרף עין וחלילה ליפול לידי שמץ של יאוש. למחרת בבוקר,שמע כעין „בת קול״ שחוזרת על עצמה ואומרת וקוראת: ר׳ בן־ציון, באתי להודיעך בשם הרב של סלונים, שביקשני למסור לך ולחברך, שזכינו לפדות אתכם בעז״ה ועוד היום תצאו לחופש. וכך היה הדבר.

אבי מעודו לא הוציא אנחה מליבו, גם בימי חליו ובסבלו, כי רצה למנוע צער מבני־

הבית והתאמץ שלא יכירו עליו מאומה. אבי השתתף תמיד בצער הזולת, עזר ועודד כמיטב יכולתו בבחינת „אנכי עמו בצרה". הנקודה המרכזית שבאשיותו היתה האמונה ועל ציריה הסתובבו כל פעולותיו והליכות חייו. הוא ראה באמונה את יסוד־היסודות אשר על פיו ישק כל אדם, היה מתבונן תמיד בכל מחזות הטבע והנהגת העולם, שואב מתוכם התלהבות בהכרת גדלות הבורא ומשתדל לראות בכל מאורעות החיים, הכלליים והפרטיים, את דרכי ההשגחה העליונה ומחפש בהן את סיבתן הרוחנית.

מחונן בנפש רגישה ונלהבת, היו רגשותיו באים לידי גילוי ביחוד בזמירות שבת וחגים כשהיינו מסובין על יד שולחן הבית. רגשותיו היו מקבלים את ביטויים גם בתפילה אם כי תפילתו היתה שקטה מאד ומיוסדת בעיקר על המחשבה. הוא היה מתעמק מאד בתפילה ומצא בא מעיין מתגבר של רעיונות, היה מאריך מאד בתפילתו שהיתה בעמידה וגם ביום־הכיפורים היה עומד מהבוקר עד הערב. בתפילתו ראו עבודה שבלב ממש ותושבי בליצה שמצאו לכל אדם שם כנוי, התאימו לאבינו את שם הכינוי „בעל שם", וכך קראו לו: ר' בן־ציון „בעל שם".

מסירות הנפש של הורי לחינוך הילדים בדרך התורה והמוסר — היה מופלא. הם חסכו אוכל מפיהם ושום דבר קשה לא עמד בדרכם בהגשמת שאיפתם העזה, כי בניהם ילמדו בישיבות המפוארות והבת בסמינר בית־יעקב בקראקוב.

הורי זכו בחייהם לעלית בניהם לארצנו הקדושה.

בשנת תרצ"ד, הזמין רבינו מרן ר' ירוחם לייבוביץ זצ"ל, המנהיג הרוחני הגדול של ישיבת מיר, את אבינו ז"ל, והטיל עליו להרביץ תורה ומוסר בישיבה הקטנה במיר. אבי קיבל את התפקיד, עזבנו את בליצה ועברנו למיר.

ביום י"ט מרחשון שנת תש"ב — היום המר והנמהר בו ערכו הגרמנים ימ"ח וזכרם את הטבח הגדול ביהודי מיר, נספו בו ביום על קידוש ה' אבינו הקדוש ר' בן־ציון שילוביצקי זצק"ל ואמנו הצדקנית בתיה־גלה מבית שלומוביץ ז"ל, יחד עם הקהילה הקדושה של מיר, הי"ד.

*

ובסיום כמה שורות על אחות־אמי שרה־פייגל ז"ל, שאנו הילדים אהבנוה מאד והתקשרנו אליה כאחות. זכורים לנו היטב הזמנים, שהאמא היתה חולה וסבלה ממחושים רבים והאבא היה טרוד בעסקיו, אז שרה דודתנו טיפלה באמנו ובנו במסירות־נפש גדולה. הגורל התאכזר לה שלא זכתה לפרי־בטן וכל אהבתה ומסירותה הכניסה בנו. אף בן־אדם לא הרגיש בה מרירות נפש, היא היתה נוחה לבריות, בעלת חוש הומור וטובת־לב. בשנים האחרונות, לפני מלחמת־העולם השניה, דרש הדוד אברהם־נח שהיה השו"ב בדיבנישוק, את בעלה ר' ישראל ז"ל ממקום מגורם והעסיקו כעוזרו בתור שו"ב. דודתנו שרה עם בעלה ר' ישראל רובינובסקי נספו יחד עם אחיהם ר' אברהם־נח ומשפחתו, עת עלה הכורת על יהודי דיבנישוק. הי"ד.

א. מ. סוויצקי

# ה מ ל ך...

ר׳ יוסף בר׳ אליעזר גפנוביץ הכהן, היה יהודי ישר ותמים. עד חתונתו היה מחובשי בית־המדרש ושימש גם מלמד כפרי בכפר פוגר. בכפר זה התוודע לזוגתו מרת מירל ונשא אותה לאשה. אחרי חתונתם קשה היה לו להסתדר בחיים והחליט ללמוד מקצוע, כדי להתפרנס מיגיע כפיו. הוא למד את מלאכת הסנדלרות וממנה התפרנס בכבוד כל ימי־חייו.

מפעם־לפעם היה מפסיק עבודתו, ניגש אל מדף־הספרים שהיה בביתו, בורר לו ספר, מעיין בו שעה קלה, משיב הספר למקומו ושוב מתישב על השרפרף לעבודתו.

רק ביום השבת היה מסיר מלבו את כל דאגותיו וטרדותיו ומתמסר כולו לקדושת ולמנוחת יום־הקדוש. אחרי סעודת־ליל־שבת היה ממהר לשכב לנוח, ואחרי מנוחה של כמה שעות היה משכים לקום. ראשית היה מתחיל לקרא „שניים מקרא ואחד תרגום״, עם לימוד רש״י של כל הפרשה. אחרי זה היה אומר תהילים בקול ערב ונעים, וכשהאיר הבוקר, היה ממהר אל בית־הכנסת להתפלל עם מנין ה„ותיקין״. בשובו מבית־הכנסת היה מקדש על היום, אוכל סעודת־שבת, נח קמעא ושוב עוסק בספר. וככה עבר עליו יום־השבת בלימוד תורה ועבודת הבורא.

ר׳ יוסף היה גם מנגן, ומפעם־לפעם היה מקל על עבודתו בניגון מסורתי מהתפילות של „הימים־הנוראים״. רצונו העז היה, שיזכה להיות ש״ץ של הקהילה ב„ימים־הנוראים״. שאיפתו זאת נתקיימה, אכן שנים על שנים היה ה„בעל־שחרית״ בבית־המדרש „הישן״.

אחרי „שבת־נחמו״ היו שומעים כבר השכנים איך ר׳ יוסף מסלסל בגרונו וחוזר על כל התפילות של ראש־השנה ויום־הכיפורים. מאושר היה בימים אלה, שזכה להיות הוא האיש לעבור בימי־הדין לפני התיבה ולבקש מה׳ רחמים ושנה טובה בעד כל בני־עיירתו.

*

עשרה ימים אחרי שפרצו קלגסי הגרמנים בדם־ואש אל העיירה, התנפלו הרוצחים בבוקר השכם של יום־ראשון אחד והתחילו לגרש במכות ומהלומות את הגברים מן הבתים שנשארו. נורא היה המראה, זכורני, כיצד גרשו אותי ואת אבי ז״ל מביתנו ורדפו אחרינו במצלפות ובמקלות שנרוץ מהר אל המגרש שלפני הכנסיה הקאתולית. תמונה נוראה עברה אז לנגד עיני ועד היום הזה היא מרעידה את כל נימי גופי ונשמתי. אנשים רצו עם בגדיהם ובני־הבליעל לא נתנו להם להתלבש. לפני רץ הבחור ליפא רודמינר עם המכנסים בידיו ובכל פעם שנעמד ורצה ללבוש את מכנסיו, התחילו השודדים להכותו באכזריות ולא נתנו לו ללבשם. ככה הוא רץ חצי־ערום, והם התמוגגו בצחוק פראי, שמחו ונהנו מהעינויים של היהודי, עד שבא עם מכנסיו בידיו אל המקום שאספו את כולנו.

במגרש שלפני הכנסיה הקאתולית, סידרו אותנו בכמה שורות. עמדנו ככה כשעתיים, מבלי לדעת מה יהיה בסופנו, ובאותו זמן התרוצצו הגרמנים הנה־והנה בצעקות ובקללות. גם השוטרים הפולנים נסעו לכאן־ולכאן על אופניהם ובכל פעם מסרו דבר־מה לגרמנים. פתאום עבר לחש־רחש בין השורות שעל יד הכפר יעלנה כבר הכינו בשבילנו בורות.

על ידי עמד אז ר׳ יוסף גפנוביץ וכאשר שמע את הידיעה הזאת, עצם את עיניו, התחיל להתנענע ולשיר או־או, או־או... כששמעתי את קול שירתו, התחלתי לבקשו: „ר׳ יוסף, חדל לשיר, כי תביא אסון על כל העדה״. אולם הוא לא שם לב לדברי ובעיניים עצומות המשיך בניגונו העצוב והנורא עד שסיים אותו בקריאת: ה מ ל ך . . .

שנים על שנים שמעתי את ר׳ יוסף כשהוא היה שר ניגון זה בבית־המדרש, שמעתי את הניגון גם מפי בעלי־תפילה אחרים. אולם קולו של ר׳ יוסף אז היה שונה, הקול ההוא שלו או־או או־או... מתגלגל ומלווה אותי בכל הדרכים והנתיבות, שעברתי מאז ועד היום. ותמיד, כשאני שוב שומע את קולו של ר׳ יוסף מאחורי גבי, אני מרגיש בלבי, שקול זה ה מ ל ך . . . היה קול גלגול מאותם הקולות, הנשמעים מסוף־העולם עד סוף־העולם...

ישראל זלוצובסקי

# 35 שנות חיים ומאבקים (1914—1949)

## א. במלחמת־העולם הראשונה

בשנת 1914, עם פרוץ מלחמת־העולם הראשונה, גייסו את אבי לצבא הרוסי. הייתי עדיין ילד צעיר ויחד עם אחי פירנסנו את המשפחה. כבר באותו זמן ידעתי מהו סבל.

בחורף הראשון של המלחמה ירדו שלגים רבים ובעיירה פרצה מגיפת־טיפוס. לא היה רופא במקום, והאדם היחיד אשר יכול היה לעזור במשהו, היה הרוקח אברהם קרמין ז״ל. גם בביתנו היו חולי־טיפוס, ואני הייתי צריך לעזור לאמא לרפא אותם. אותו זמן מתה אחת מחברותי בבליצה, שיינה גלינסקי ז״ל, והדבר השפיע עלי מאוד.

בתי־הספר היו סגורים והחורף הקשה גרם להצטופפות הילדים בבית־הכנסת הישן, ליד התנור.

### איך נעשיתי כבאי

אחרי פסח פרצה שריפה בעיירה. התעוררתי לקול פעמוני־הכנסיה ורצתי למקום השריפה. בית הכנסת החדש כבר היה אחוז להבות והאש התפשטה לעבר בית־הכנסת הישן. דודי, יעקב מקל, ביקש מהאנשים שיעלו עם שקים רטובים ושיפרשום על גג בית־הכנסת הישן כדי להצילו מהשריפה. אולם, איש לא נענה לו. בראותי זאת, קפצתי אנכי על גגו של הבנין, שהיה מאוד אהוב עלי, וכשראו שאר האנשים ילד מטפס, החלו אף הם לעלות. כך ניצל בית־הכנסת הישן. מאז נעשתי כבאי.

### הנסיגה של הצבא הרוסי

כעבור זמן־מה נחלו הרוסים מפלה על יד פרוסיה והתחילו לסגת מזרחה לפני הכוחות הגרמניים התוקפים.

הנסיגה מכיוון גרודנו, עברה דרך בליצה, ובאחד הימים הופיע עם הצבא הנסוג אבי המגוייס. הוא יעץ לנו ולאחרים שלא לעזוב את העיירה לשם נסיעה לרוסיה, משום שמצב הפליטים בדרכים גרוע מאוד והם מתים באלפים בשל התנאים הקשים בהם הם נתונים.

בכל זאת לא שעו רבים לעצת אבי, קנו סוסים ועגלות והתחילו לעזוב את העיירה בדרכם מזרחה.

העיירה התרוקנה כמעט מתושביה. נשארו רק מתי מעט. זוכרני שפעם הסתובבנו, אני ואריה, בנו של יעקב קוטלרסקי, ברחובות העיירה, ופגשנו את רב עוזר פונימונסקי שמילא את התפקיד של ראש היהודים. הוא עצר אותנו ומסרונו לידי שני חיילים רוסיים כדי לעזור להם להוביל עדר פרות לרוסיה. באין־ברירה המשכנו לנוע עם העדר תחת שמירת החיילים עד לגשר שבתחנת הרכבת נימן, ושם, בהזדמנות הראשונה, נמלטנו וחזרנו לבליצה.

הסיבה העיקרית לעזיבת העיירה ע״י תושביה — היה מקרה שקרה: החיילים הרוסים הנסוגים התחילו לבוז את החנויות וקצין העיר ירה בחייל והרגו במקום. הפחד מפני נקמת החיילים גרם שכמעט כל התושבים החליטו לעזוב את העיירה.

ביום־כיפור של שנת 1915 החרימו הרוסים את בית־הכנסת וסידרו שם בית־חולים לחולי־טיפוס ומחלת כולירה (חולירע) שפשטה אז בין החיילים הנסוגים. באין בית־כנסת התפללנו בביתה של חיה בת משה־דוד סטוצקי.

בחצרנו עמד גדוד של קוזקים שמתפקידם היה להשאיר, בעת הנסיגה, אדמה חרוכה. הם סיפרו שקבלו פקודה להעלות באש את העיירה כולה.

בינתיים הם הציתו את הגשר על הנימן. בראותנו את השריפה, התחלנו כולנו לבכות נורא. מפקד הקוזקים, בדרגת אלוף, נגש לאמי ושאל אותה מה פשר בכיה. אמי ספרה לו את מצבה שהנה בעלה בחזית ואין לנו אפשרות לסגת עם הצבא, היות ואנו נמנים עם שכבת העניים שנשארו במקום, שעה שהעשירים עזבו את העיירה בזמן. בשומענו עתה — אמרה אמי — מפי החיילים שלו שהם מתכוננים לשרוף את ביתנו, אנו בוכים. האלוף התרשם מדברי אמי והבטיח לה לא לשרוף את העיירה.

## הגרמנים באים

יומיים אחרי יום־הכיפור נכנסו הגרמנים ב„מזל״ לבליצה. היהודים שציפו להם כמו ל„משיח״, חיש מהר התאכזבו מהם מרות. תיכף אחרי בואם לעיירה התחילו לערוך בבתים חיפושים אחרי דברי־מזון והחרימו כל מה שמצאו.

התושבים היהודיים — עיניהם נפקחו והתחילו לדאוג להכנת מזון לחורף המתקרב. כולם רצו לחלקות האדמה שהשתייכו לאלה שעזבו את העיירה ואשר היו זרועות תפוחי־אדמה ותבואות, והתחילו לאספם ולהעבירם לבתיהם.

## שנות הכיבוש הגרמני

קשות היו שנות הכיבוש הגרמני בתקופת 18—1915. סבלנו חרפת רעב. חלק מהיהודים התעסקו במסחר, אך רוב התושבים, ובמיוחד הנוער, גוייס לכריתת עצי־יער ולסלילת דרכים. למרות גילי הצעיר מינו אותי הגרמנים לראש קבוצה. הרווחתי 3 מרק ליום, ופרנסתי את כל המשפחה.

את המינוי בתור ראש הקבוצה קיבלתי הודות להמלצתו של יצחק־משה גפנוביץ שהיה ראש המנהלים במשרדו של המהנדס הראשי.

בשנת 1917, אחרי מהפכת־אוקטובר, חזר אבי מרוסיה פצוע־קל.

## „בנדיטים" שברחו מהשבי

אחרי הכיבוש הגרמני נשארו בסביבה חיילים רוסיים שברחו מהשבי הגרמני והתחבאו ביערות. בהתחלה הם היו באים בלילות לכפרים ומבקשים אוכל והלבשה. אך, במרוצת־הזמן התארגנו, השיגו נשק ובחוזק־יד לקחו אצל הכפריים את מזונם. הם גם רצחו הרבה מהאיכרים שהתנגדו להם ולפעולתם. לפעמים התנפלו על עוברי־דרך, ולעתים — אף על יחידות הקטנות של חיל־המצב הגרמני שהיו פזורים בכפרים.

בסוף 1917, כשהגרמנים עדיין היו בעיירה, ביצעו ה„בנדיטים" בלילה אחד התנפלות על כמה בתים. הקרבן הראשון של התנפלות זו היה יהושע יסינובסקי ז"ל אותו הם הרגו למוות. ה„בנדיטים" בזזו את הבתים של אליהו מקל ושל משפחת ברנצ'יק אייזיק. לאחרונים הרביצו מכות נמרצות ועינו אותם קשות.

## התנפלות ליסטים על העיירה

ביום שבת אחד, ב־1918, עזבו הגרמנים את העיירה, היהודים לא הספיקו לארגן הגנה עצמית כראוי. לרשותם היו: כמה אקדוחים ורובה־ציד.

במוצאי־שבת ניסו הליסטים לכבוש את העיירה, אך ההגנה המקומית התחילה לירות בבת־אחת מהאקדוחים ומהרובה שעשה רעש גדול. המתנפלים ירו כמה רקיטות ולאורם ראינו אותם נסוגים בכיוון הנימן.

יום ד' בשבוע שלאחר מכן היה יום יריד. זוכר אני שמישהו בא ואמר שכמה מהליסטים, שהשתתפו בהתנפלות הקודמת על ביתו של ברנצ'יק, נמצאים בעיירה. התחיל ויכוח בין אנשי ההגנה העצמית אם לעצרם או לא. לבסוף הוחלט שלא לעצור אותם והיתה זאת טעות פטלית, כי מתפקידם של אלה היה לרגל ולהודיע כמה נשק יש בידי היהודים. הם ראו שאנשי ההגנה התהלכו עם אקדחים ללא רובה אחד.

בשעה 2 אחרי הצהריים בערך, התחילו הכפריים לעזוב במהירות את העיירה ואז

## דעם זקנס נקמה

אָ! שוואַרצע געדיכטע פינצטערניש
ווער קען אין דיר געפינען דעם וועג?
נאָר העלדישע איניקלעך פון זיידעס
גענומען האָבן נקמה אין אפלה טעג...
פינצטערניש נידערט און שלינגט שמאָלע שטעגן
אָרעמער וואַנדערער בלייבט אויף זיין אָרט.
נאַכט אויפגעגעסן האָט רוישיקע וועגן
שאַ, שטיל אין חלל, קיין קלאַנג, קיין וואָרט,
און דאָרט אויפן צווייטן זייט ניעמאַן
אונטער פליגל פון חושך רוט דאָס שטעטל.
יעדע כאַטקע, יעדע שטיבל, יעדע געסל
אַן אויסגעצויגענער מת אויפן טהרה־ברעטל.
איינגעשלעפערט שטייט אויך דער וואַלד
אונטערן גראָ־פאַרגאַרטלטן הימל.
נאָר ער, דער צעבראָכענער אַלטער משה־לייב
ליגט ניט רואיק אין זיין ערדיש־שטיבל.
ליגט ער און חלומט פון נייע גדעונס
הערצער געלאָדן מיט הייליקן נקמה־פייער.
פלאַמען געגליט אין קוזניעס פון דורות
געצויגן פון שטיין ביים עפרה׳ר שייער...
איינס צוויי, איינס צוויי, ציטערן זיי
אונטער צאַפּל פון נאַכטיקן שווערד.
איינס צוויי, איינס צוויי, פיבערן זיי
אונטערן קרעכץ פון פאַרווינטערטער ערד.
קריגלעך פעסט־געבויטע אין הענט
האָלאָוועשקעס פאַרקנויטלטע אויף פּלייצע.
זיי ציען צעשמעטערן דעם שונאס שטאָלענע ווענט
צעשטערן, פאַרשווערן זיין עצה.
ליגט דער זקן ביז האַלבער נאַכט
ער דרעמלט, חלומט און טראַכט.
צעשניידט פלוצלינג די שטילקייט ערשטער שאָס
נעמט דער אַלטער אָפּריכטן חצות.

זיין תפילה אַ נעבעכדיקע, אַ קלאָגעדיקע,
ווערטער אָרעמע, אַ תפילה געשעפּטשעט מיט גאַל.
קלאַנגען געצוויגענע פון זיפצן צעריסענע
פון אַ שוואַרץ־תהומיקן פאַרגליווערטן קוואַל.
פּלוצלינג דערהערט זיך דער צווייטער שאָס
דערשפּירט דער אַלטער אַז פול איז די מאָס.
געענדערט ווערט זיין תפילה זיין טאָן
מיט שניידיקע ווערטער פון ס׳ניי ער הויבט אָן.
איך בעט ניט, איך פאָדער, איך מאָן!
פון דיר, ווייל כ׳טראָג דיין הייליקע פאָן.
אָ בורא! פאַר דיר דאַרף איך קיין תפילה ניט טאָן
איך בעט ניט, איך פאָדער, איך מאָן!
כ׳פאָדער נקמה פאַר מיין קינד דעם צאַרטן
פאַר די וואָס האָבן אויפן טויט געדאַרפט וואַרטן.
פאַר הערצער פאַרן טויט פאַרגליווערטע
פאַר אויגן ביים לעבן אויסגעלאָשענע.
נקמה פאַר אַ גרייז־גראָער זקנה
אַ נשמה אַ הייליקע, אַ האַרץ אַ ריינע
פאַר אַן אייניקל אַ צאַרטן אַ קליינעם
מיט אברים געטאָקטע, אַ פּנים אַ שיינעם.
מיטאַמאָל צעשטערט דעם אַלטנס נקמה־געבעט
אַ טרעשטשעריי פון צווייגן אין דער נאָענט.
הויבט ער זיך שנעל פון זיין ערדישן בעט,
הערט זיך צו צום גערויש און גערודער.
אַהאַ! דאָס קערן זיך פון זייער אַרבעט אום
די העראָישע גדעון׳ס ברידער.
זיי, די טרעגער פון אויפרייס־מינעס
דערציילן ווי אַ באַן איז געפלויגן פון שינעס.
ער האַלדזט זיי דער אַלטער אין קושט זיי
אַ פרייד און אַ ברכה פון ריינער נשמה.
ער שיקט זיין בליק צו גאָט אין די הימלען:
מיר! מיר האָבן גענומען נקמה!...

(געשריבן אין וואַלד, 1943)

חיים יאָסעלעוויטש

# מלחמה און יידן־פאַרניכטונג

דער שלעכטער פאָרגעפיל פון אַ נייער וועלט־מלחמה, האָט זיך דערוועקט שוין אין אָנפאַנג 1939 יאָר. די שטרעבונג צו פאַרנעמען און צו פאַרניכטן פוילן, איז אין דעם נאַציש־דייטשן רעזשים רייף געוואָרן קורץ נאָך דער אָקופּאַציע פון סודעטן־געביט (1938). היטלער און זיין רעגירונג האָבן געשטרעבט צו באַהערשן גאַנץ אייראָפּע. צווישן דער גאַנצער באַפעלקערונג אין פוילן האָט זיך פאַרשפּרייט דאָס געפיל, אַז אָט אָט וועט די מלחמה אויסברעכן, ספּעציעל האָט זיך עס אויסגעווירקט אויף דער יידישער גאַס.

אַנטיסעמיטישע אויסברוכן און באַליידיקונגען זענען געוואָרן טאָג־טעגלעכע דערשיינונגען. דער עקאָנאָמישער און מאָראַלישער מצב פון די יידן איז געוואָרן אַלץ שווערער, דאָס לעבן האָט זיך פאַרערגערט אין יעדן הינזיכט. אַזוי ווי אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך, האָט זיך אויך אין בעליצע געמערקט אומעט און נידערגעשלאָגנקייט.

די מלחמה האָט אויסגעבראָכן דעם 1.9.1939. די קאַמפן האָבן נישט לאַנג געדויערט. אין צוויי וואָכן האָט די דייטשע ארמיי אָקופּירט האַלב פוילן. די סאָוויעטן האָבן פאַרנומען מערב־ווייסרוסלאַנד און מערב־אוקראַינע. בעליצע איז אַריינגעפאַלן אין דער אָקופּירטער זאָנע פון די סאָוויעטן.

די סאָוויעטישע מאַכט האָט שנעל איינגעשטעלט איר נייע אָרדענונג אין דעם געביט און האָט נאַציאָנאַליזירט אַלע גרעסערע אונטערנעמונגען, פאַבריקן און פאַרמעגנס פון פריצים. די בעלי־בתים פון פאַבריקן און געשעפטן, ווי אויך די פריצים האָט מען אַרעסטירט און פאַרשיקט. אויך אַ טייל פון אָנגעזעענע כלל־טוער איז אונטערגעפאַלן דער גזירה און פאַרשיקט געוואָרן.

לאַנגזאַם האָט זיך דער מצב סטאַביליזירט אונטערן נייעם סאָוויעטישן רעזשים. מ׳האָט זיך צוגעוווינט צום נייעם לעבן און עס איז געוואָרן „גאַנץ גוט“. אַלס גלייכע בירגער פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד, האָבן פיל פון דער יוגנט זיך גענומען צום לערנען, אין

אויף פאַרנומען פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס. אַ טייל איז אַרויסגעפאָרן אין אַנדערע שטעט, בכדי זיך דאָרט איינאָרדענען אויף אַרבעט.

אין אָנפאַנג 1940 האָבן זיך גענומען דערטראָגן די שרעקלעכע ידיעות וועגן דער לאַגע פון די יידן אויפן צווייטן זייט גרענעץ, ביי די דייטשן. טויזנטער יידישע פּליטים פון וואַרשע, לאָדזש, קראָקע און פון פיל אַנדערע שטעט, וואָס זענען אונטערגעפאַלן דעם דייטשן רעזשים, האָבן אָנגעהויבן שטראָמען אין די סאָוויעטיש־באַזעצטע געביטן. זיי האָבן מיטגעבראַכט די שוידערלעכע ידיעות וועגן גרויל־טאַטן, געטאָס און צוואַנגס־אַרבעט. עס האָט זיך ממש נישט געוואָלט גלויבן, אַז די דייטשן טוען באמת אַזעלכע סאַדיסטישע מעשים וועגן וועלכע די פּליטים האָבן דערציילט.

די דיפּלאָמאַטישע באַציאונגען צווישן סאָוויעט־רוסלאַנד און דייטשלאַנד זענען געווען גענוג גוטע ביזן אָנפאַנג יאָר 1941, מען האָט נאָך פאָרלויפיק וועגן גאָרנישט געטראַכט. ערשט אין אָנפאַנג זומער 1941, האָט זיך גענומען מערקן די ענדערונג פון דער פּאָליטיק, די סאָוויעטן האָבן אָנגעהויבן בויען אַעראָדראָמען און פיל אַנדערע וויכטיקע פאַרטיידיקונגס־פונקטן.

נישט ווייט פון בעליצע האָט מען אויך גענומען בויען אַן אַעראָדראָם. יעדער איינער האָט גערעדט וועגן די דאָזיקע אַרבעט און מען האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז עס איז ווידער נישט ווייט פון אַ קריג.

## די ערשטע וואָך פון מלחמה

זונטיק, דעם 22.6.1941, האָט זיך צו אַלעמען דערטראָגן די שרעקלעכע ידיעה וועגן דעם פּלוצימדיקן דייטשן אָנפאַל אויף די רוסישע שטעט און זייער באָמבאַרדירונג. איך האָב געאַרבעט דאַן אויפן אַעראָדראָם און פון די ערשטע געוווסט וועגן די געשעע־נישן. די סאָוויעטישע קאָמאַנדשאַפט האָט פון קיין זאַך נישט געוווסט. די פּאַניק איז געוואָרן גרויס און אַלע האָבן גענומען לויפן פון דער אַרבעט. אין האַלבן טאָג איז שוין אין שטעטל געווען קריגס־צושטאַנד און דאָס שטעטל איז שוין געווען באַוואַכט.

זונטיק ביינאַכט איז געמאָלדן געוואָרן וועגן אַ מאָביליזאַציע פון 18 ביז 45 יאָר. אַלע האָבן זיך אויפגעקליבן נעבן דער גמינע און זענען אַוועק צופוס אין לידע. דאַן האָט זיך אָנגעהויבן די באָמבאַרדירונג אויף דער שטאָט לידע און די שריפה האָט זיך צעפלאַקערט. די ביוראָען פון די ווערביר־פונקטן און פון דער קאָמענדאַנטור זיינען געוואָרן צעשטערט און פון האַלבן וועג האָבן זיך אַלע אומגעקערט צוריק אין שטעטל.

דעם זעלבן מאָנטיק, פון פרימאָרגן אָן, זיינען ווידער אָנגעקומען צופליען דייטשע אַעראָפּלאַנען און באָמבאַרדירט לידע און די סטאַנציע ניעמאַן (10 קילאָמעטער פון בעליצע). אין האַלבן טאָג איז שוין די גאַנצע שטאָט לידע געווען אַרומגענומען מיט גרויסע פלאַמען־פייער און די רויכן האָבן זיך געזען פאַר צענדליקער קילאָמעטערס.

די שריפה איז געווען צו שרעקלעך, שוין דעם זעלבן טאָג זיינען געווען קרבנות און שווער־פאַרוואונדעטע. לידער יעדן האָבן געגומען לויפן מאַסנווייז. אין בעליצע זיינען אָנגעלאָפן זייער פיל לידער פּליטים. ביי אַלעמען זיינען די הייזער געווען באַלאַגערט מיט די אַנטלאָפענע, בעליצער יידן האָבן געטון אַלץ פאַר די פּליטים, וואָס מעגלעך. כל זמן עס איז געווען, האָט מען זיך געטיילט מיטן לעצטן, מען האָט אַלעמען אויפגענומען זייער וואַרעם.

די מלחמה איז געגאַנגען אין גאַנצן ברען און דער דייטש האָט זיך גענומען דערנענטערן. די יוגנט האָט זיך גענומען צום אַנטלויפן מיט דער אָפּטרעטנדיקער רוסישער אַרמיי. פון בעליצע האָבן זיך אויפגעקליבן פיל יונגע בחורים און מיידלעך, וועלכע זיינען אויך אַוועק (דאָס איז געווען מאַנטיק אין אָוונט). צווישן די אַנטלויפנדיקע זיינען געווען: ר׳ שמואל יוסף איצקאָוויטש און זון, לייזער, שמעון באַטשקאָווסקי, יאַנקל דזיענציעלאָווסקי און רחל ביעליצקי מיט יאַנקל קרעמיען. די אַלע זיינען דערגאַנגען קיין רוסלאַנד, אָבער די אַלע איבעריקע, וועלכע זיינען אַוועק שפּעטער האָבן זיך געמוזט אומקערן צוריק פון האַלב־וועג, ווייל די דייטשן האָבן זיי פאַרכאַפּט אַרום מינסק.

די רויטע־אַרמייער זיינען געלאָפן הונגעריק, באָרוועסע אָן שיך. דאָנערשטיק האָט מען שוין געהאַט אַ גרוס אַז גראָדנע איז אָקופּירט און מען האָט זיך געריכט אַז אָט, אָט, קומט אָן דער דייטש אַהער. די קריסטן (מיעשטשאַנעס) פון שטעטל האָבן גלייך גענומען רויבן פון די קאָאָפּעראַטיווע געשעפטן, דאָס שטעטל איז געבליבן אָן שום מאַכט. פאַרנאַכט האָבן זיך אַריינגעריסן עטלעכע סאָוויעטישע אַנטלויפנדיקע זעלנער, וועלכע האָבן אויפגעהאַלטן אַביסל די אָרדענונג און דריי (3) פון די רויבער צעשאָסן (טשעכאַנאָוויטשעס צוויי ברידער און בורבע).

די נאַכט פון דאָנערשטיק אויף פרייטיק האָבן זיך געהערט זייער נאָענטע שיסערייען און מען האָט זיך געריכט אויפן אָנקומען פון די דייטשן. פרייטיק פרי, זיינען פאַרשפּרייט געוואָרן קלאַנגען, אַז עס גייען אַרום שפּיאָנען, וואָרשיינלעך איז דאָ אַראָפּגעלאָזן געוואָרן אַ דעסאַנט, און מען זאָל זיך ניט דרייען אויפן גאַס. פרייטיק פאַרנאַכט איז שוין געווען זשאלודאָק פאַרנומען, די שרעק האָט אַרומגענומען יעדן איינעם און עס איז ניט געווען קיין פלאַץ וווּ זיך צו באַהאַלטן.

דער שבתדיקער טאָג האָט זיך געצויגן לאַנג אַזוי ווי אַ יאָר. 3 אַזייגער נאָך מיטאָג, איז אַריינגעפאַלן די ערשטע דייטשע אויספּיר־גרופּע אין שטעטל (2 מאַן אויף אַ מאָטאָציקל), געקומען פון דער ריכטונג זשאלודאָק. אין אַ שעה אַרום האָט גענומען אָנקומען אין שטעטל די רעגולערע דייטשע אַרמיי, אָבער אין צווישנצייט איז אויך אָנגעקומען אַן איבערגעבליבענער טייל סאָוויעטישע זעלנער פון אַעראָדראָם. די סאָוויעטן זיינען געקומען פון דער פאַרקערטער ריכטונג (פון וואסילישאָק) און עס האָט

זיך פאַרבונדן אַ גרויסער קאַמף. די שיסעריי איז געווען שטאַרק, אָבער נאָך אַ שעה איז געוואָרן רואיק. די דייטשן האָבן צעקלאַפּט די סאָוויעטישע זעלנער און האָבן זיך גענומען צו די יידישע איינוווינער. זיי האָבן אָנגעהויבן צו ברענען הייזער, געגאַנגען פון שטוב צו שטוב און געצונדן. די מיעסטשאַנעס האָבן פאַרמסרט, אַז דער רב האָט אויף די דייטשן געשאָסן פון בית־מדרש, האָבן זיי אַרויסגעשלעפּט די ספרים פון ארון־קודש און גמרות און פאַרברענט. דעם בית־מדרש האָבן זיי אויפגעריסן מיט דינאַמיט. ווען זיי פלעגן כאַפּן פלעגן זיי באַלד שיסן אויפן אָרט. עס זיינען דאָן געפאַלן עלף מאַן (ס׳רוב פליטים פון אַנדערע שטעט) צווישן זיי דער ערשטער קרבן פון בעליצע: נאַטקע באַראַנטשיק (עזריאלס זון). די מערדער האָבן אים געשאָסן אין קאָפּ אויפן גאַנעק פון זיין פלימעניק, מענדל פיישעס. אין דער שיסעריי איז לייזער גאַפּאַנאָוויטש פאַרוווּנדעט געוואָרן אין פוס און בלויז מיט ניסים זיך געראַטעוועט. יידן צעשראָקענע פון גרויסן אומגליק, האָבן גענומען לויפן פון שטעטל אין דער ריכטונג צום וואַלד אָדער אין די נאָענטע דערפער.

אונדזער פאַמיליע (צוזאַמען מיט יאָסלען און זיין פרוי) זיינען אַנטלאָפן אין דער ריכטונג פון נאָענטן דאָרף קריוויטש, דאָרט זיינען מיר איבערגעלעגן די נאַכט אין פעלד פון קאָרן. אויף מאָרגן — זונטיק פרי, איז געקומען צו אונדז דער בעל־הבית פון דעם פעלד (וואיטושקע), ער האָט אונדז דערציילט וועגן אַלץ, וואָס איז געשען אין שטעטל. בייטאָג איז דער קריסט אַוועק אין שטעטל און קומענדיק צוריק האָט ער דערציילט, אַז דאָס גאַנצע שטעטל איז פאַרברענט געוואָרן אָבער פיל פון די יידן קערן זיך צוריק. אונדזער הויז איז פאַרברענט געוואָרן, האָבן מיר באַשלאָסן צו בלייבן דאָ נאָך אַ פּאָר טעג און זעען וואָס וועט זיין ווייטער. דאָנערשטיק האָבן מיר זיך אומגעקערט צוריק אין שטעטל און אַוועק צו לייזער דעם שוחטס פאַמיליע. (זייער שטוב איז געבליבן פון דער שריפה). אין צווישנצייט האָבן די מיעסטשאַנעס פאַרכאַפּט די מאַכט און אָנגעהויבן באַווייזן וואָס זיי קענען. דער בעליצער קריסט באַלאַבאַנסקי אַנטעק איז געוואָרן דער בירגערמייסטער פון שטעטל און האָט גענומען שיטן מיט פאַרשידענע גזירות אויף יידן, די פּאָליציי האָט געטריבן טאָג־טעגלעך צו די שווערסטע אַרבעט און געשלאָגן מכות־רצח.

### די ס.ס.־לייט בושעווען און מאָרדן

ווען ס׳איז אָנגעקומען די ספּעציעלע ס. ס.־גרופּע, האָט מען אויפגעטריבן אַלע מענער נעבן חיים־ראובן באַראַנטשיקס שטוב און דערקלערט, אַז פון איצט אָן האָבן יידן קיין רעכט זיך צו באַוועגן פריי, יעדער דייטשער זעלנער קאָן טון אַלץ מיט זיי, וואָס זיין האַרץ גלוסט, יעדער ייד מוז אָנטון אַ ווייסע לענטע מיט אַ בלויען מגן־דוד אויף דער לינקער האַנט. צווישן די מענער איז אויך געווען דער בעליצער רב הרב ר׳ שבתי

פיין ז״ל. די דייטשן האָבן אים דערקלערט, אַז היות ווי די בעליצער ייִדן און ער האָבן געשאָסן אויף דער דייטשער אַרמיי פון בית־מדרש, וועט מען זיך איצט באַזונדער אָפּרע־כענען מיט זיי. מען האָט אויסגעקליבן 10 מאַן, צווישן זיי דעם רב, דעם אַפּטייקער וויסמאַנסקי א. אַ. און געהייסן זיי שלעפּן אַ וואָגן אָנגעלאָדן מיט ביקסן און ראַדיאָס ביזן דאָרף פּאַרעטש ווו עס איז געשטאַנען דער הויפּט־שטאַב. דעם רב און דעם אַפּטייקער האָט מען איינגעשפּאַנט אין וואָגן און די איבעריקע האָבן געשטופּט און די מערדער האָבן זיי אויפן וועג אָן אויפהער געשלאָגן. אין פּאַרעטש האָט מען פאַר זיי איבערגע־לייענט אַ ליסטע פון „קאָמוניסטן" וועלכע ווערן געזוכט. צווישן זיי די נעמען פון דעם אַפּטייקער וויסמאַנסקי, יאַנקל קרעמיען, זרח קרעמיען, מאיר אייזשקעס. מען האָט די גרופּע פון די 10 א״ד געהאַלטן אין פּאַרעטש, דאַן האָט מען זיי אַלע אָפּגעלאָזט אַהיים, צעבראָכן און צעשלאָגן, אויף עטלעכע טעג.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָבן די זעלבע ס. ס.־לייט זיך טאַקע אַריינגעריסן ווידער אין שטעטל, געכאַפּט חיים־איטשע קרעמיען (חיה־שרה׳ס זון) און פּייווע סטאָצקי (משה־דודס יינגסטער זון) און זיי באַפוילן גיין זאַמלען אייער איבערן שטעטל. מען האָט זיי געפירט אונטער אַ וואַך פון שטוב צו שטוב און נאָכן אויפקלויבן די אייער האָבן די מערדער זיי ביידן אָוועקגעפירט הינטערן שטעטל, ווו מען האָט זיי דערהרגעט (נעבן דאָרף מיעשלאָוויצי). נאָך דער געשעעניש איז געוואָרן די לאַגע זייער אָנגע־שטרענגט, יעדער האָט געציטערט פאַר די ווענט און זיך געהיט ניט אַרויסגיין אויפן גאַס, ווייל נאָך דער מעשה פאַרעטש האָט מען שטרענג פאַרזאָגט, מען זאָל זיך ניט דרייען אין גאַס אָן אַ ווייסע לענטע מיטן מגן־דוד און וועמען מען וועט כאַפּן אָן דעם וועט מען גלייך שיסן.

די זעלבע ס. ס.־לייט האָבן זיך ווידער אַריינגעריסן אין שטעטל אין אַ פרימאָרגן, אַרומגערינגלט אַלע ייִדישע הייזער, אויפגעטריבן אַלע מענער צום פּלאַץ אנטקעגן דער פּוילישער קירך, און יעדערן שטאַרק געשלאָגן. איך מיטן ברודער האָבן זיך פאַרשטעקט אויף אַ בוידעם, בעת די מערדער זיינען אומעטום געקראָכן און געשנאָפּט אין אַלע לעכער כדי אַרויסצושלעפּן די פאַרשטעקטע. זיי האָבן אונדז ביידן געפונען, מיך אַראָפּגעוואָרפן מיט געוואַלד פון בוידעם און געשלאָגן מיטן ביקס און גומענע שטעקנס איבער די פיס. איך בין דערלאָפן צום מאַרק אַ פאַרבלוטיקטער און געפונען דאָרט אַלע מענער פון שטעטל, געוואָרט אויפן אורטייל, פיל פון זיי שטאַרק צעהרגעט, אַז דאָס בלוט האָט גערונען.

די מערדער האָבן אַלעמען אַרומגערינגלט מיט מאַשין־געווער. מען איז געווען זיכער, אַז מען וועט אַלעמען צעשיסן. אין אַ האַלבער שעה שפּעטער איז געקומען דער קאָמאַנדיר, האָט יעדן איינעם אָנגעקוקט פון אויבן ביז אונטן און געשלאָגן מכות־רצח. דער בירגערמייסטער (באַלאַבאַנסקי) איז צוגעקומען, געבראַכט אַ ליסטע פון די

„קאָמוניסטן“ און איבערגעגעבן דעם דייטש און ער האָט אויסגעלייענט 14 מאַן, צווישן זיי שמעון הערצלס, דער אַפּטייקער וויסמאַנסקי, מאיר אייזשקעס און נאָך איניקע, וועלכע מען האָט ווידער אַוועקגעפֿירט אין פּאַרעטש. דאָרט האָט מען זיי אַריינגעפֿירט אין אַ שייער, פֿאַרשפּאַרט און געהאַלטן אַרעסטירט.

פֿון די אַלע איבעריקע, וואָס זיינען געבליבן אויפֿן פּלאַץ, האָט מען די עלטערע מענטשן אָפּגעלאָזן אַהיים און אַלע ייִנגערע אויסגעשטעלט אין אַ שורה. די רוצחים האָבן גענומען רייסן די שטאַכעטן פֿון די פּלויטן און מיט דעם, ווי אויך מיט גומענע שטעקנס, האָבן זיי געשלאָגן ביז טויט. די מערדערישע גרופּע איז באַשטאַנען אומגעפֿער פֿון 80 מאַן, יעדער ייִד האָט געמוזט דורכלויפֿן דורך די רייע שלעגער, וועלכע זיינען געווען אויסגעשטעלט אין צוויי שורות. די מערדער האָבן געשלאָגן איבערן קאָפּ כדי מען זאָל פֿאַרלירן דעם באַוווסטזיין און אַפֿילו, אַז מען איז שוין געלעגן אָן באַוועגונג אויף דער ערד, פֿלעגן זיי נאָך אַלץ שלאָגן.

מיטוואָך, דעם 23־טן יולי 1941 האָבן זיך די זעלבע מערדער ווידער אינדערפֿרי אַריינגעכאַפּט אין שטעטל און אָנגעהויבן בושעווען פֿון דאָסניי. יונג און אַלט האָבן אָנגעהויבן צו אַנטלויפֿן אין די אַרומיקע וועלדער און פֿעלדער, כדי זיך צו פֿאַרשטעקן פֿון די גזלנים. די פּויליש קראַנקנשוועסטער מאַריאַ לישיצקאַ, וועלכע איז געווען אַ גרויסע אַנטיסעמיטקע, האָט געהעצט אויף די ייִדן. אַ האַלבן טאָג זיינען די ס.ס.־לייט ביי איר געזעסן און געטרונקען און זי האָט זיי צוגעגעבן חשק אויסצוהרגענען אַלע ייִדן פֿון שטעטל. אַרום אַזייגער 2 האָבן זיי אָנגעהויבן אַ כאַפּעריי אויף אַרבעט. ווער עס איז אַריינגעפֿאַלן אין די הענט, האָט מען אים געפֿירט ביז צו דער רוסישער צערקווע. מען האָט ווידער אַרעסטירט דעם רב און דעם אַפּטייקער, און מיט זיי אַ גרופּע פֿון דער אינטעליגענץ. ספּעציעל דעם רב און דעם אַפּטייקער האָבן די מערדער אָנגעטאָן די גרעסטע עינויים, מען האָט זיי בײדן באַפֿוילן צו וואַשן אַ פֿערד און טרינקען דאָס וואַסער. שפּעטער האָט מען דעם רב צוגעבונדן צום פֿערד, וואָס איז געלאָפֿן מיט שנעלקייט און אים געשלעפּט איבער דער ערד. נאָכדעם האָט מען געריסן פֿון רבס באָרד איינציקווייז די האָר און אים אָפּגעטון די פּײנלעכסטע יסורים, ביז ער איז אויסגעגאַנגען פֿון גרויס ווייטיק.

דעם טאָג האָט מען צעשאָסן 36 מאַן ניט ווייט פֿון דער רוסישער צערקווע, די געשרייען פֿון די אומגליקלעכע, האָט מען געהערט עטלעכע קילאָמעטער און פֿיל פֿון זיי האָט מען פֿאַרשאָטן לעבעדיקערהייט. צווישן די אומגעקומענע זיינען געווען: יצחק קאַמענעצקי, שלמה קרעמיען, איטשע דער שמש, שעפּטע קויפֿמאַן, אברהם־הירש קויפֿמאַן, זכריה־שלמה ניעגניעוויצקי, יודל־בערקעס רייזנער, יעקב־צינקעס, ראובן רויט־שטיין (פֿייגל סטאָצקיס אַן אײדעם), איליוטאָוויטש (אַ לידער, אברהם־דוד דאָבקאָווסקיס אַן אײדעם) א״אַ. די מיעשטשאַניעס פֿון שטעטל האָבן זיי שפּעטער באַערדיקט אויפֿן זעלבן

פלאַץ, אָבער וואָכן־לאַנג נאָכדעם האָט זיך דאָרט נאָך געשפּאָלטן די ערד פון דעם פרישן בלוט.

## דער גירוש פון 10.11.1941

נאָך יענעם בלוטיקן טאָג האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן גזירות אויף די צעשראָקענע פאַרבליבענע יידן פון בעליצע. בלויז צוויי יידן האָבן געהאַט דעם זכות זיך צו באַגע־גענען מיטן בירגערמייסטער באַלאַבאַנסקי און שמועסן מיט אים וועגן אויספילן זיינע גזירות — ישראל זלאָצאָווסקי און אליהו סאָקאָלאָווסקי. אָט די צוויי האָבן אַריינגע־לייגט זייער גאַנצער ענערגיע און געזונט און לעבן, כדי צו ראַטעווען דעם כלל, אָבער עס האָט קיין זאַך ניט געהאָלפן. אַלע טאָג פלעגט מען טרייבן צו דער שווערסטער אַרבעט, שלאָגן און צונעמען דאָס לעצטע וואָס מען האָט פאַרמאָגט. אָט אַזוי זיינען איבערגעלאָפן עטלעכע חדשים פון צרות און פיין ביז עס איז אָנגעקומען די גזירה אַז אַלע בעליצער יידן מוזן איבערפאָרן אין די גרעסערע שטעט, ווו עס ווערן געשאַפן די געטאָס. בעליצע האָט זיך געדאַרפט אַרויסקלויבן אין לידע און די דאַטע פון גירוש בעליצע האָט געדאַרפט זיין אין דער ערשטער העלפט נאָוועמבער 1941.

פאַרן גירוש האָבן די גזלנים אַרויפגעלייגט אויפן שטעטל אַ קאָנטריבוציע פון הונדערט פופציק טויזנט רובל, זיי האָבן זיך גלייך באַוואָרנט און אַרעסטירט 25 מאַן אַלס ערובניקעס. ישראל זלאָצאָווסקי האָט זיך גענומען שטאַרק צו דעם ענין און געלאָפן אין אַלע שטעטלעך אַרום צופוס (זשעטל, לידע און שטשוטשין) ביז עס האָט אים געלונגען צו שאַפן דאָס געלט און ראַטעווען די 25 נפשות.

דעם 10.11.41 איז פאָרגעקומען דער גירוש־בעליצע. דעם טאָג איז אָנגעפאָרן אַ ספּעציעלע גרופּע מערדער (ס. ס.־לייט) און אַלעמען געטריבן מיט געוואַלד פון די הייזער, געשלאָגן און קיין זאַך ניט געלאָזט מיטנעמען. צומאַרגנס אינדערפרי, האָט זיך שוין קיין איינאונאייניציקער ייד ניט געפונען אין שטעטל — דער גרעסטער טייל איז אַוועק אין זשעטל, די איבעריקע זיינען אַרויסגעפאָרן אין לידע און שטשוטשין.

די בעליצער מיעשטשאַנעס האָבן פון דעם גירוש שוין פריער געוווסט און האָבן דערלאַנגט ביטעס צום לידער געביטס־קאָמיסאַר, אַז די יידן זיינען שעדלעכע און מען זאָל זיי וואָס שנעלער אַרויספירן, כדי עס זאָל בלייבן פאַר זיי דאָס האָב און גוטס. די צייט פון אַרויספאָרן איז געווען באַגרענעצט, די מיעשטשאַנעס האָבן ניט דערלאָזן, אַז מען זאָל נעמען דאַרפישע פורן צום אַוועקפירן די זאַכן. מען האָט געמוזט זיי דינגען און אויסגעשטאַנען גרויסע צרות, ביז מען פלעגט קומען צו אַ פאַרשטענדיקונג מיט זיי פאַרן פור־געלט. פאַר יעדער קלייניקייט האָבן זיי די הויט אַראָפּגעריסן, בפרט אַז דאָס אַרויספאָרן אין די אַנדערע שטעט אַחוץ לידע האָט געמוזט זיין בגניבה, די דייטשן זאָלן פון דעם ניט וויסן. דער בירגערמייסטער באַלאַבאַנסקי האָט גענומען געלט מיט גאָלד

כדי מען זאָל קאָנען אַרויספאָרן פרייער, מען זאָל ניט פאַרהאַלטן אויפן בריק איבערן ניעמאַן און מען זאָל ניט נאָכשיסן. אַ דאַנק ישראל זלאָצאָווסקי און יצחק קראַסנאָסעלסקי אין עס אַלץ געמאַכט געוואָרן און אַלע זיינען אַרויסגעפאָרן און דורכגעפאָרן בשלום.

אָט אַזוי האָט אונדזער פאַמיליע צוזאַמען מיט אַנדערע אַרויסגעפאָרן מיט דאָס ביסל לעצטע אָרעמקייט קיין זשעטל. מיין מוטער האָט שוין געהאַט דאַן זייער אַ שלעכטן פאָרגעפיל און האָט געזאָגט: „מיר פאָרן אַרויס אַלע, אָבער גאָט ווייסט וויפל וועלן זיך צוריקקערן?“. (מען האָט אונדז געגאַרט און געזאָגט, אַז מיר פאָרן בלויז אויף דריי חדשים). אַ גאַנצע נאַכט האָט זיך געשלעפּט די קאַלאָנע־פורן מיט דאָס ביסל בעבעכעס און אָרעמקייט, מען איז אַלע געגאַנגען נאָך די פורן צעבראָכענע, די הערצער מיט בלוט פאַרגאָסן, אָן קיין שום צוקונפט, היימלאָזע מענטשן, וווהין? — צו טויט! די איינוווינער פון די דערפער ביים שאָסיי גייען אַרויס פון די הייזער, זיי באַטראַכטן אונדז, אַ טייל פון זיי באַדויערט אונדז, אָבער דער גרעסטער טייל לאַכט אָפּ פון אונדז: „זשיד־לאַקעס, עס האָבן זיך געענדיקט די גוטע צייטן פאַר אייך, איצט וועלן מיר לעבן!“.

אויפן פרימאָרגן זיינען מיר אָנגעקומען אין זשעטל, אונדזער פעטער יאָסל איז געקומען פריער און איז אונדז געקומען באַגעגענען. קיין וווינונג האָבן מיר ניט געהאַט, זיינען מיר געבליבן ציטוויייליק שטיין אויפן גאַס. גלייך איז דערטראָגן געוואָרן צו דער זשאַנדאַרמעריע, אַז פרישע יידן זיינען אָנגעקומען, זיינען געקומען צו לויפן די זשאַנדאַרן און פאַרהאַלטן אונדזערע אַלע פורן מיט די זאַכן. אַ דאַנק דעם, וואָס די מוטער האָט געקענט גוט דייטש, האָט זי געגומען שטאַרק בעטן און מען האָט אָפּגעלאָזן אונדזערע פורן, האָבן מיר געגומען אַ וווינונג מיט נאָך פינף פאַמיליעס צוזאַמען. אונדזער משפחה איז געווען שטאַרק אָרעם קומענדיק אין זשעטל, קיין געלט האָבן מיר ניט פאַרמאָגט און אונדזערע אַלע זאַכן זיינען פאַרברענט געוואָרן. עס איז נאָר געווען אויף עטלעכע וואָכן אַביסל עסנוואַרג (קאַרטאָפל און מעל אויף ברויט). נאָך אַ קורצער צייט האָבן מיר געגומען פילן דחקות. עס האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן צרות, אַלע טאָג האָט מען געטריבן צו שווערער אַרבעט.

## אין זשעטלער געטאָ

**דעם** 12.2.42, פרייטיק איז עס געווען, איז אַראָפּגעקומען די גזירה פון געביטס־קאָמיסאַר פון נאָוואָגרודעק וועגן שאַפן אַ געטאָ אין זשעטל. אַ שרעק און פּאַניק האָט אַרומגעכאַפּט דעם גאַנצן עולם. מען האָט געקלערט, אַז עס וועט פאָרקומען גלייכצייטיק אַ שחיטה, ווי עס איז פאָרגעקומען אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך.

אויף צומאָרגנס האָבן די מערדער אַרומגערינגלט דעם יידישן קוואַרטאַל און אַלעמען געטריבן פון די הייזער. אויך פון די אַרומיקע דערפער און שטעטלעך האָט מען צונויפגענומען אַלע יידן און זיי געטריבן אין געטאָ. די טעריטאָריע פון געטאָ האָט

אַרומגענומען די גאַנצע שול־גאַס, ליסאגורע און א טייל הייזער פון סלאָנימער און דוואָרעצער גאַסן. ביז אָונט האָט מען אַריינגעטריבן אַלעמען אין דער „טעריטאָריע", דאָס געטאָ איז געשאַפן געוואָרן און דער יודענראַט און ידישע פּאָליציי האָט איבערגע־נומען די מאכט. פון אַלע זייטן האָט מען אויפגעשטעלט אַ הויכן צוים פון ברעטער און שטעכיקע דראָט, און אין דער הויפּט־גאַס אַנטקעגן דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע אַ גרויסן טויער. פון איין זייט טויער איז געשטאַנען אַ ווייסרוסישער פּאָליציי־מאַן (די וואַך פון געטאָ) און פון דער אינעווייניקסטער זייט איז געשטאַנען אַ ידישער פּאָליציימאַן פון געטאָ. ביים אַרויסגאַנג פון געטאָ האָט יעדער געמוזט האָבן אַ ספּעציעלן אַרבעטסשיין.

יעדן פרימאָרגן פלעגן די אַרבעטער־קאָלאָנעס זיך צעגיין צו פאַרשידענע אַרבעטן דורכן טויער מחוץ דעם געטאָ. אַ ספּעציעלע וואַך פון די דייטשן פלעגט רעווידירן די מענטשן און קאָנטראָלירן צי מען טראָגט נישט אַרויס קיין זאַך. נאָך דער קאָנטראָל פלעגן די גרופּן דורכגיין דעם טויער, דאָס זעלבע פלעגט פּאַרקומען ביים צוריקקער אין געטאָ. די קריסטן האָבן קיין רעכט ניט געהאַט צו אַריינקומען אין געטאָ און קיין ייד האָט ניט געהאַט די רעכט צוצוגיין נאָענט צום צוים. ווען מען פלעגט כאַפּן אויסערן געטאָ, אָן אַ שיין, פלעגט מען שיסן אויפן אָרט. אין געטאָ גופא האָט געפירט די מאַכט און די אָרדענונג דער יודנראַט, אונטער דער לייטונג פון דעם זשעטלער אַדוואָקאַט אלתר דוואָרעצקי. אָן אַ געלן מגן־דוד פון לינקן זייט אויף דער ברוסט און פּלייצע, איז געווען פאַרבאָטן אַפילו דער אַרויסגאַנג פון שטוב צו אַ שכן (אין פאַל ווען אַ דייטש האָט עס באַמערקט האָט ער געהאַט דאָס רעכט צו שיסן).

ווי עס האָט נאָר גענומען ווערן קעלטער, האָט מען געטריבן יעדן טאָג צו דער שווערסטער אַרבעט. איך מיטן ברודער זיינען געווען דאָן יונגע יינגלעך (13—14 יאָר) און דער יודנראַט האָט אונדז ביידן אַוועקגעשיקט מיט נאָך אַנדערע יוגנטלעכע אין נאָוואָיעלניע (זשעטלער קרייז) אויף אַרבעט אין באַן־מייסטעריי. די אַרבעט איז געווען זייער אַ שווערע פאַר אונדזערע יאָרן, די באַשפּייזונג 120 גראַם ברויט אַ טאָג און אַ ביסל שיטערע זופּ, געשלאָפן איז מען אויפן גאַס אין גרויס שרעק. אונטערן גומענעם שטעקן פלעגט מען אַרבעטן 12 שעה אַ טאָג, ביי לאָדן תבואה און געהילץ אָדער קאַרטשעווען וואַלד. ניט איינמאָל איז מען געשלאָגן געוואָרן מכות־רצח, דער ס. ס.־מאַן פלעגט שטיין מיט אַ רעוואָלווער אין איין האַנט און אַ גומענעם שטעקן אין דער צווייטער און טרייבן אָן אויפהער.

דעם פאָטער האָט מען די ערשטע צייט ניט געשיקט צו שווערער אַרבעט, נאָר שפּעטער צו ווינטער, ווען עס פלעגן אויספעלן אַרבעטער, פלעגן מוזן די עלטערע מענטשן אויך גיין צום שניי־רוימען אויף די שאָסעען, ווו מען פלעגט דאַרפן שווער אַרבעטן ביז שפּעט אין דער נאַכט. אין אַ קורצער צייט אַרום זיינען געשאַפן געוואָרן אַרטעלן (וואַרשטאַטן) פאַר בעלי־מלאכות ווו יידן האָבן געאַרבעט פאַר אומזיסט מיט

שרעק פאַר די שונאים. אַנדערע פאַכלייט האָבן באַקומען שטעלעס ווו זיי האָבן געאַרבעט לויט ספּעציעלע אַרבעטס־שיינען און געהאַט מער פּריווילעגיעס ביי די דייטשן.

די קריסטן פון די אַרומיקע דערפער האָבן געהאַט דאָס רעכט צו באַשטעלן זאַכן אין די יידישע אַרטעלן אָן קיין שום געצאָלט, אָבער ערלעכע קריסטן פלעגן ברענגען מתנות פאַר דער אַרבעט און אַזוי פלעגן זיך די פאַכלייט לעבן פיל לייכטער. אַנדערע ספּעציאַליסטן, וועלכע פלעגן גיין צו דער אַרבעט, האָבן מיט זיך אַרויסגעטראָגן עפּעס פון קליידונג, דאָס פאַרקויפט אויסערן געטאָ און ביים צוריקקומען געבראַכט עפּעס פון עסנוואַרג. די מענטשן וועלכע פלעגן דאָס ניט קאָנען באַווייזן האָבן געליטן זייער פיל דחקות און הונגער. אין געטאָ האָבן זיך געלאָזט הערן קלאַנגען, אַז צוליב די גוטע אַרבעט פון די בעלי־מלאכות איז זשעטל איינע פון די בעסטע געטאָס אין גאַנץ ווייס־רוסלאַנד (די מערדער איז זייער געפעלן געווען די אַרבעט פון די שוסטער).

זייער אָפט פלעגן קומען זשאַנדאַרן־מערדער פון נאַוואָגרודעק און מינסק און פאָדערן צוצושטעלן צענדליקער פאַרשידענע זאַכן, וואָס מען האָט עס פאַר קיין געלט ניט געקאָנט קריגן. איינמאָל האָבן זיי באַפוילן צוצושטעלן 75 פאַרשידענע פרידמיעטן און דער יודנראַט איז געלאָפן פון שטוב צו שטוב און מיט גרויס מי און ענערגיע געשאַפן די אַלע זאַכן.

מיט גרויס פּראָטעקציע האָט דער פאָטער באַקומען אַ שטעלע אַלס אַ שוואַרצער־אַרבעטער אין אַ ציגל־פאַבריק, ניט ווייט פון שטעטל. די אַרבעט איז געווען זייער אַ שווערע, גראָבן ליים, קנעטן און פירן טאַטשקעס, אַזוי ווי די יידן אין מצרים... טראָץ דעם איז מען געווען גליקלעך, אַז מען קאָן אַרבעטן, אפשר וועט עס זיין אַ סגולה צו בלייבן לעבן. מענטשן זיינען געבליבן מיט איין העמד אויף זיך, נאָר קיינעם האָט עס ניט געאַרט, יעדער האָט נאָר געדאַגהט, ווי אַזוי איבערלעבן די שרעקלעכע צייט.

דעם 23.3.42 איז געקומען אַ באַפעל פון נאַוואָגרודעק, אַז אַלע יידן מוזן אָפּגעבן זייער גאַנצע גאָלד, זילבער און קופּער, ווערטפולע זאַכן, זייגערלעך און פוטערוואַרג, ביי וועמען מען וועט דאָס שפּעטער געפינען איז טויט־שטראָף. אַלע האָבן געבראַכט וואָס מען האָט נאָר פאַרמאָגט, כדי אויסצוקויפן זיך פון דער גזירה, אָבער דער סכום פון די אָפּגעגעבענע זאַכן איז געווען אַ קליינער און די מערדער האָבן געפאָדערט נאָך. אַ זשעטלער פרוי (ליבע די בעקערקע) האָט געבראַכט איר גאַנץ האָב און גוטס, אָבער בעת דער קאָנטראָליע האָט מען ביי איר געפונען פאַרשטעקט אַ גאָלדן רינגל אין טאַש און דער אורטייל איבער איר איז געווען טויט־שטראָף.

ביי אַ זשעטלער ייד (קראַוויעץ), האָט מען געפונען אַ ניי־מאַשין (עס איז געווען שטרענג פאַרבאָטן, אַז אַ ייד זאָל עס פאַרמאָגן), האָט דער יודנראַט אינטערווענירט, מען זאָל דעם יידן פריי־לאָזן נאָר עס האָט גאָרניט געהאָלפן. די מערדער האָבן אים די זעלבע נאַכט פון דער רעוויזיע געשאָסן. צענדליקער אַזעלכע פאַלן פלעגן פאַרקומען

טאָג־טעגלעך, אַלץ מיטן אויסרייד אַז די יידן זיינען איבערגעגאַנגען דעם געזעץ פון דייטשן רייך. קיין מאַסן־שחיטות זיינען נאָך פאָרלויפיק ניט פאָרגעקומען, נאָר עס האָט זיך שוין גענומען שפּירן די בלוט־דורשטיקייט פאַרן אָנקומען פון די גרויזאַמע טאַטן.

די טעג זיינען געווען פאַרביטערט פון שרעק, צרות, פּיין און הונגער. גאַנצע נעכט פלעגט מען זיין אויף דער וואַך, זיצן אָנגעטועטערהייט און וואַרטן. די לאַגע אין געטאָ איז געוואָרן זייער אָנגעשטרענגט, יעדער איינער איז געוואָרן האָפענונגסלאָז. עס זענען דערגאַנגען ידיעות, אַז ניט ווייט, אין האָראָדישטש, איז שוין פאָרגעקומען די שחיטה, נאָכהער אין קאַזלאָווטשינע, נאַכהער אין נאָוואָגרודעק, און אָט איז זשעטלער געטאָ אויף דער רייע. עס לויפן, עס יאָגן פאַרשידענע געדאַנקען: זיך פאַרשטעקן, זוכן אַן עצה, אפשר וועט מען עס איבערלעבן? מענטשן גראָבן באַהעלטענישן, — מען וועט זיך פאַרשטעקן און אפשר וועלן די מערדער ניט געפינען.

## ...ווער צום לעבן און ווער צום טויט

דעם 25.4.42 איז אָנגעקומען צום יודנראַט אַ באַפעל פון געביטס־קאָמיסאַריאַט פון נאָוואָגרודעק, אַז מען זאָל צושטעלן 800 מאַן, עלטערע לייט און פרויען מיט קינדער, וועלכע זיינען ניט פעאיק צו דער אַרבעט. דער פאָרזיצער פון יודנראַט אלתר דוואָרעצקי, האָט פאַרשטאַנען די סכנה פון אָט דער פאָדערונג, וואָס איז מער ניט ווי אַ פּראָוואָקאַציע. מיט אַ טאָג שפּעטער האָבן די דייטשן צווויסן געגעבן, אַז מען האָט געכאַפּט אַ ייד מיט געווער, וועלכער איז געגאַנגען צו די פאַרטיזאַנער. פון אָנהויב האָט מען געמיינט אַז עס איז אויך אַ פּראָוואָקאַציע, נאָר עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז טאַקע ריכטיק. מען האָט געכאַפּט אַ ייד אויסערן געטאָ און אָן געלע־לאַטעס, דאָס איז געווען דער יונגער בחור שלום פּיאלון, אַ פּליט פון פּוילן, וועלכער האָט זיך באַזעצט אין דער צייט פאַר די סאָוויעטן אין זשעטל. ער איז געווען אַ פאַרבינדלער צווישן דער יידישער אונטערגרונט־באַוועגונג, וואָס האָט געהאַט אַ פּלאַן אַרויספירן דעם גאַנצן געטאָ אין וואַלד צו די פאַרטיזאַנער.

צו דער אונטערגרונט־באַוועגונג האָט געהערט אלתר דוואָרעצקי, האָט ער טאַקע נאָך דער מעשה מיט שלומען (מיט אַ גרופּע יונגע בחורים, אַלע מיט געווער) אַנטלאָפן אין וואַלד. די מערדער האָבן געפאָדערט, אַז ער זאָל זיך צושטעלן, אַ גאַנצן טאָג האָבן זיי אים געזוכט אומעטום און ניט געלונגען צו געפינען. אין אָוונט האָבן די רוצחים דערקלערט, אַז אויב מען וועט ניט געפינען דוואָרעצקין, וועלן פאָרקומען שרעקלעכע קאָנסעקווענצן אין געטאָ. שפּעט אין דער נאַכט, אַז ער האָט זיך ניט געמאָלדן, האָבן די רוצחים אַרעסטירט די איבעריקע מיטגלידער פון יודנראַט און זיי דערמאָרדעט. זיי האָבן געלאָזן ביים לעבן בלויז איין מיטגליד פון יודנראַט — אַלינקע פּייטשעס, וועלכער האָט געדאַרפט בילדן אַ נייעם יודנראַט.

דעם 30.4.42 איז דאָס געטאָ געוואָרן אַרומגערינגלט פֿון אַלע זייטן מיט אַ ספּעציעלער וואַך פֿון ס. ס.־לייט און ווײַסרוסישע פּאָליציי. די נאַכט איז שוין קיינער ניט געשלאָפֿן, מען איז געווען אָנגעטון. אונדזער פֿאַמיליע האָט זיך פֿאַרשטעקט אין אַ באַהעלטעניש (מלינע). די שיסערײַ איז געווען זייער גרויס אַ גאַנצע נאַכט. צו מאָרגנס ווי עס איז נאָר אויפֿגעגאַנגען די זון איז געוואָרן שטילער. אין געטאָ האָט גענומען ווערן אַ באַוועגונג פֿון מענטשן, די וואַך איז כלומרשט אַראָפּגענומען געוואָרן.

די ייִדישע געטאָ־פּאָליציי איז געגאַנגען איבער די הײַזער און גערופֿן צו דער אַרבעט. זיי זײַנען אַרײַן צו אונדז און מיך גערופֿן צו דער אַרבעט אין נאָוואָיעלניע. איך בין אַרויס פֿון דער מאַלינע, זיך אַרומגעוואַשן, גענומען עפּעס צו עסן און זיך געזעגנט מיט מײַנע נאָענטסטע. פֿאַרשטאַנען האָב איך גוט, אַז גלאַט קאָן די מעשה ניט דורכגיין, כאָטש די וואַך אַרום געטאָ איז געווען אַראָפּגענומען. איך בין געגאַנגען אין דער ריכטונג צום יודנראַט־ביוראָ און די פּאָליציי־לייט האָבן מיר דערציילט, אַז די דײַטשן פֿאָדערן בלויז אַרבעטער. אָבער אין האַלבן וועג האָב איך באַמערקט דעם אומגליק און גלײַך געוואָלט לויפֿן צוריק. איך האָב דערזען נעבן יודנראַט פֿיל מענטשן, ווי אויך צוויי שורות ס. ס.־לייט און ווײַסרוסישע פּאָליציי־לייט. די רוצחים האָבן מיך פֿאַרהאַלטן און אַרײַנגעפֿירט אין יודנראַט, דאָרטן האָב איך געטראָפֿן פֿיל באַקאַנטע. אַלע פֿאַרזאָרגט פֿון דער געשאַפֿענער לאַגע. קיינער האָט ניט געוווּסט וואָס דאָ דאַרף פּאַסירן, אייניקע האָבן גערעכנט, אַז מען וועט עטלעכע מענטשן נעמען אַלס ערובניקעס אָדער אפֿשר צעשיסן פֿאַר דעם גאַנצן שטעטל. מען האָט אונדז אַלעמען געהיט אונטער אַ שטרענגער וואַך, מען האָט אַפֿילו ניט אַרויסגעלאָזן אויף מענטשלעכער באַדערפֿעניש.

9 אַזייגער האָט זיך אָנגעהויבן דער גרויסער אומגליק. די גרופּע מערדער, וועלכע זײַנען אויסגעשטעלט געווען נעבן יודנראַט, האָבן אַרומגערינגלט דעם געטאָ. אַ טייל פֿון זיי זײַנען אַוועק אין דער ריכטונג צום אַלטן בית־עולם, דאָרטן אַוועקגעשטעלט פּאָסטנס. מען האָט גענומען טרײַבן פֿון די הײַזער צום פּלאַץ (אויפֿן בית־עולם). די גרופּע אַרבעטער, וועלכע זײַנען געזעסן אין יודנראַט האָט מען געבראַכט אויך אַהער. דער פּלאַץ האָט זיך אָנגעפֿילט און די מינוטן, מען האָט אָנגעהויבן שלאָגן און פּײַניקן. די טראַגעדיע איז געוואָרן קלאָר, יעדער האָט פֿאַרשטאַנען דעם גרויסן אומגליק. עס איז קיין אויסוועג געווען צו אַנטלויפֿן. עטלעכע שעה נאָכאַנאַנד האָט מען געטריבן די אומגליקלעכע צום פּלאַץ ביז ס'איז פֿאַרפֿולט געוואָרן דער גאַנצער בית־עולם. דאַן איז אַראָפּגעפֿאָרן דער גרויסער גזלן, דער געביט־קאָמיסאַר, און מען האָט באַפֿוילן זיך אויסצושטעלן לויט משפּחות (מאַן, פֿרוי און קינדער). מען האָט דערקלערט, אַז איצט וועט מען ברענגען דעם גרויסן פֿאַרברעכער (פּיאַלונען) פֿאַר אַלעמען אין די אויגן דאָ שיסן אַלס בײַשפּיל פֿאַר די איבעריקע, דאַן וועט מען אָפּלאָזן דעם גאַנצן פֿאַרזאַמלטן

עולם אַהיים. די ווירקלעכקייט איז געווען, מען האָט דאָס פֿאַרשטאַנען און געוווּסט געניי, אַז עס וועט זיך אָנהויבן אַ סאָרטירונג אויף לעבן און טויט.

די מערדער האָבן יעדן איינעם אַריינגעקוקט אין די אויגן, צי ער איז נאָך פֿעאיק צו אַ־רבעטן פֿאַר זיי. ווער עס איז דעם מערדער געפֿעלן געוואָרן, האָט מען אָפּגעלאָזן צום לעבן, און אַרויסגעשלעפּט פֿון דער ריי אָפּגעזונדערטע צום טויט. אַ טייל יונגע מענטשן, וועלכע האָבן געהאַט אַרבעטס־שיינען, זיינען אויסגעשטעלט געוואָרן אויף דער לינקער זייט, געשיקט צום לעבן. נאָך אַ פּאָר שעה סאָרטירן, ווען די צאָל צום לעבן איז שוין דערגרייכט געוואָרן, האָבן די אַלע איבעריקע געמוזט גיין צום טויט.

ניט בייזיין דערביי, קאָן מען זיך ניט פֿאָרשטעלן די גרויזאַמע גרוילטאַטן, וואָס עס האָבן זיך אָנגעהויבן, ווען מען האָט גענומען טרייבן די קאָלאָנע מענטשן צום טויט. צענדליקער מענטשן זיינען געהרגעט און צעטראָטן געוואָרן אונטער די פֿיס פֿון דעם אַראָפּגעגאַנגענעם פֿון זינען המון. זייער פֿיל זיינען ממש משוגע געוואָרן אויפֿן פּלאַץ און ניט געוווּסט, וואָס עס קומט פֿאָר. אַ בלינדער מענטש איז פֿון גרויס שרעק זעענדיק געוואָרן. די מהומה איז געוואָרן זייער גרויס. די געוויינען און געשרייען פֿון די ווייבער און קינדער האָבן זיך געהערט פֿאַר צענדליקער קילאָמעטער. דער הימל האָט זיך געקאָנט שפּאַלטן פֿון די רייסנדיקע קולות פֿון די אומשולדיקע קליינע עופֿהלעך.

די מערדער האָבן געשלאָגן מיט די פּריקלאַדן און ביקסן און געשאָסן אין דעם המון מענטשן. פֿיל עלטערע מענטשן, וועלכע האָבן ניט געקאָנט נאָכגיין נאָך דער קאָלאָנע, האָבן די מערדער דערשאָסן אויפֿן אָרט. פֿאַר מיינע אויגן האָבן זיי דערשאָסן אַ יונגן בחור (גערצאָווסקי), וועלכער איז געלאָפֿן פֿון די „לעבעדיקע״ ראַטעווען זיין כלה. אויך אַן אַלטע פֿרוי, וואָס האָט זיך ניט געקאָנט רירן און אַן אַלטן שמיד פֿון 96 יאָר, וועלכער האָט זיך געראַנגלט מיט אַ פּאָליצאַנט האָבן די מערדער דערהרגעט מיט שטעקנס.

מיך אַליין האָבן די רוצחים אויסגעסאָרטירט צום לעבן, נאָר די פֿאַמיליע מיינע געשיקט צום טויט. עטלעכע מאָל בין איך אַנטלאָפֿן פֿון די „לעבעדיקע״ צוריק צו מיין משפּחה, כדי מיט זיי צוזאַמען זיך ראַטעווען אָדער אומקומען. אַליין האָב איך ניט געוואָלט בלייבן לעבן, איך בין אַוועק מיט זיי צוזאַמען צום טויט.

די מערדער האָבן געזאָגט, אַז מ׳פֿירט אונדז קיין נאָוואָיעלניע (ניט ווייט פֿון זשעטל) אויף אַרבעט. דער המון האָט זיך געצויגן אין אַ לאַנגע קאָלאָנע אין דער ריכטונג צום בעליצער שאָסיי. עס האָט אויסגעזען צו שרעקלעך, עס זיינען געגאַנגען לעבעדיקע מתים, האַלב משוגע פֿון פּיין און קלעפּ, אָן אויסוועג צו קאָנען זיך ראַטעווען, ווי שאָף צו דער שחיטה. יעדער 3 מעטער איז געגאַנגען אַן ס. ס.־מאַן און געשלאָגן מיטן ביקס מכות־רצח איבערן קאָפּ, כדי מען זאָל פֿאַלן און צעטראָטן ווערן דורך די פֿיס. מיין ייִנגסטער ברודערל מאָטעלע ע״ה האָט זיך געבעטן ביי מיר: „לאָז מיך אָפּ, איך בין אַ קליינער און וועל אַנטלויפֿן און זיך ראַטעווען, איך וויל לעבן, איך וויל ניט גיין צו

דער שחיטה"... די מוטער האָט זיך זייער גוט געהאַלטן און האָט געזאָגט: „ברעך אויס אַ ברעט פון פּלויט, אפשר וועט זיך אים איינגעבן צו ראַטעווען און בלייבן לעבן". איך האָב אויסגעבראָכן אַ ברעט פון פאַרבייגייענדיקן צוים, מאָטעלע איז אַנטלאָפן דורכן לאָך און מער איז ער שוין צו אונדז ניט געקומען.. אַ ווייסרוסישער פּאָליציי־מאַן האָט עס באַמערקט, מיך גענומען שלאָגן מיטן פּריקלאַד איבערן קאָפּ און אַוועקגעטריבן ווייטער.

אויפן מאַרק האָב איך דערזען דעם דייטש, וועלכער איז געווען מיין בעל־הבית פון דער אַרבעט אין נאָוואָיעלניע. איך בין צוגעלאָפן צו אים און גענומען אים שטאַרק בעטן, ער זאָל אונדז ראַטעווען. ער האָט מיך דערקענט, צוגעזאָגט דאָס צו טאָן און געפרעגט „האָסטו איין פאַמיליע?". איך בין צעמישט געוואָרן פון פרייד ווען ער האָט אַ זאָג געטאָן „דו בלייבסט לעבן", איך האָב אַ רוף געטאָן מיין פאַמיליע און ער האָט אונדז אַלעמען געראַטעוועט. מיט נאָך אַ גרופּע מענטשן, געראַטעוועטע פון טויט, צווישן זיי מיין שכנה בראָנשטיין, זיינען מיר אַוועק אונטער זיין שוץ צוריק אין געטאָ (ער האָט אונדז געפירט דורך אַ הינטערגאַס, כדי מען זאָל אונדז ניט באַמערקן).

## די מאַסן־עקזעקוציע ביים גרוב

דער צום טויט פאַר־משפּטער המון, האָט זיך געצויגן ווייטער אין דער לאַנגער קאָלאָנע, אונטער דער באַגלייטונג פון קלעפּ און שיסעריי. באַקאַנטע, וועלכע האָבן אונדז באַמערקט, האָבן זיך געזעגנט מיט אונדז פון ווייטן צום לעצטן מאָל. זייערע געוויינען האָבן זיך לאַנג געהערט און געוואָרן שטאַרקער ווען זיי זיינען צוגעקומען צום גרוב — דריי קילאָמעטער פון שטעטל, אויפן וועג קיין בעליצע. קריסטן פון די נאָענטע דערפער האָבן געגראָבן די גרוב אַ גאַנצע נאַכט, די לענג פון בערך אַ 50 מעטער, פיר מעטער די ברייט און 5 מעטער די הויך.

ווען דער גאַנצער המון איז צוגעקומען נאָענט צום גרוב, האָבן די מערדער באַפוילן זיך לייגן אויפן בויך און ניט וואַגן אויפהייבן דעם קאָפּ. אַ שיטערער וועלדל האָט פאַנאַנדערגעטיילט די אומגליקלעכע פון דעם פּלאַץ ווו עס זיינען אויסגעפירט געוואָרן די גרוילטאַטן און מאַסן־מאָרד.

די זון האָט וואַרעם געשיינט, דער טאָג איז געווען אַזוי ווי אין מיטן זומער, די נאַטור האָט גאָרניט געשפּירט דעם גרויסן אומגליק. די מערדער פלעגן אָפּציילן צו 25 מאַן אין אַ גרופּע און אַוועקפירן זיי אויפן צווייטן זייט וועלדל. ביים גרוב פלעגט זיך יעדער מוזן אויסטון ביז נאַקעט און באַזוכט ווערן צי האָט מען ניט ביי זיך קיין גאָלד אָדער ווערטפולע זאַכן (ביי וועמען עס זיינען געווען גאָלדענע ציין, פלעגן זיי אַרויס־רייסן). יעדער איינער האָט געמוזט אַרויפגיין אויף אַ פּלאַטפאָרמע, זיך שטעלן מיטן פּנים צו די מערדער, וועלכע פלעגן שיסן אויף די אומגליקלעכע מענטשן מיט מאַשין־

געווער, די האַלב־טויטע און פאַרוווּנדעטע פלעגן אַראָפּפאַלן פון דער פּלאַטפאָרמע אין גרוב, פיל פלעגן אויסגיין איידער זיי זיינען דערשאָסן געוואָרן.

פאַר די קליינע עופהלעך האָט מען געזשאַלעוועט קוילן צום שיסן, האָט מען זיי אַריינגעוואָרפן לעבעדיקערהייט אין גרוב אַריין אָדער אַנגעטאָן אויפן „שטיך" פון אַ ביקס. פון די צוקוקער, וועלכע האָבן זיך דאַך געראַטעוועט און געקומען צוריק פון גרוב, זיינען פיל אַראָפּ פון זינען. די עקזעקוציע האָט געדויערט פיר שעה, ביז די מערדער האָבן זיך אָנגעזעטיקט מיט יידיש בלוט, און עס זיינען אויסגעקוילעט געוואָרן אין די אייניקע שעה העכער טויזנט אומגליקלעכע יידן.

אין צווישנצייט האָבן אין געטאָ געבושעוועט די קריסטן פון שטעטל, זיי האָבן זיך אַריינגעכאַפּט אין יידישע הייזער און געראַבירט. די ווייסרוסישע פּאָליציי האָט געשאָסן פון צווייטן זייט צוים אין געטאָ אַריין און אַזוי זיינען געפאַלן צענדליקער מענטשן, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון גרוב. אין די גאַסן האָבן זיך געוואַלגערט פיל מתים, וועלכע מען האָט ניט געקענט ברענגען צו קבורת־ישראל.

פאַרנאַכט איז געוואָרן אַביסל שטילער. די יידישע געטאָ־פּאָליציי איז געגאַנגען איבער די הייזער, גערופן מענטשן מקבר־זיין די מתים, וועלכע וואַלגערן זיך אין די גאַסן. איך בין אַוועק מיט נאָך יוגנטלעכע צו דער אַרבעט. די עלטערן מיט מיין יינגע־רער שוועסטערקע זיינען געבליבן אין שטוב צעבראָכן און פאַרגאָסן דאָס האַרץ מיט בלוט. (מיין עלטערער ברודער משה איז געווען אין נאָוואָיעלניע אויף אַרבעט און אַזוי אַרום אויסגעמיטן דעם אומגליק).

אויפן וועג בין איך אַריין אין דער דירה פון מיין פעטער יאָסל, זעען וואָס הערט זיך ביי זיי. פון דעם גאַנצן הויז ווו עס האָבן געוווינט 5 משפחות האָט זיך נאָר געראַ־טעוועט די בעל־הביתטע פון שטוב. זי האָט מיך דערציילט, אַז אירע קינדער זיינען אומגעקומען אין דער שחיטה און אַז אונדזער יאָסל מיט זיין פרוי איז אויך געווען ביים גרוב. וואָס עס האָט געשעען מיט זיי ווייסט זי ניט, זי ווייסט אַפילו ניט, ווי אַזוי זי האָט זיך אָפּגעשיידט פון אירע קינדער. אין מיטן די רייד איז אַריינגעקומען אין שטוב דער פעטער און זיין פרוי, ביידע בלאַס ווי די וואַנט, לעבעדקע מתים. אַ היסטעריקע האָט אונדז אַלעמען אַרומגעכאַפּט, קיינער האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן פון געוויין, ווייל מיר האָבן שוין ניט געגלויבט זיך צו זעען מער.

איך בין אַוועק אויפן בית־עולם און צוזאַמען מיט נאָך יונגעלייט מקבר געווען די מתים. דאָרט האָב איך זיך דערוווּסט וועגן אַ טייל פון באַקאַנטע און נאָענטע פריינט פון בעליצע, וועלכע זיינען דעם טאָג אומגעקומען. דאָ זיינען אויסגערעכנט נאָר פופצן נעמען פון פאַמיליעס: 1) שמעון נאָוואָגרודסקי (הערצלס אַ זון), זיין פרוי מינטשע, די טעכטער באַשקע און דאָבקע; 2) לייבקע אָזשעכאָווסקי (בערקעס אַ זון); 3) דבורה גאָלינסקי (חיה־שרה׳ס אַ טאָכטער); 4) ר׳ זלמן פליישער און זון וועלוול (יאַכעס זון);

5) משה סאַוויצקי (איטשע־לייב דעם סטאָליערס זון); 6) פייגל סטאַצקי און איר טאָכטער דאָבע (ראובן שאמשקעס אַ טאָכטער); 7) אַלטע מיליקאָווסקי (איטשקע מינקעס טאָכטער); 8) דוד־לייב שעשקע (יהודה דעם סטאָקער־ס אַ ברודער) און פרוי; 9) יאָשקע שעשקע; 10) ר׳ לייזער דעם שוחטס משפחה (זיין פרוי חיה־ביילע, די עלטסטע טאָכטער פרומקע מיטן מאַן און קינדערלעך, די יינגערע צוויי טעכטער גיטל און דאָבקע, דער יינגסטער זונעלע דודקע); 11) בנימין גרין און פאַמיליע (פון הושטש); 12) הינדע לאהטשעס; 13) חיים באראַנטשיק און פאַמיליע (ליבקעס זון, יאַנקל צינקעס איניקל); 14) ישעיה־משה קושעלעוויטש (זלמן אליהוס אַ זון); 15) לאָזער שמוליעוויטש.

## צווישן איין שחיטה און דער צווייטער

אין געטאָ זיינען אַרומגעגאַנגען אין גאַס מענטשן־סקעלעטן און ניט געקענט קומען צו זיך נאָך די שרעקלעכע בילדער, וואָס עס זיינען געשטאַנען פאַר די אויגן. ביי אונדז אין שטוב האָט זיך געלאָזט שטאַרק פילן דאָס פעלן פון יינגסטן ברודערל מאָטעלע, אומעטום איז ער אונדז געשטאַנען פאַר די אויגן. די מורא פאַרן טויט איז געווען אַזוי גרויס, אַז גאַנצע נעכט פלעגט מען ניט שלאָפן און זיין אויף דער וואַך. די טעג פלעגן זיך ציען לאַנגווייליק. די אַרבעטער זיינען געגאַנגען צוריק צו דער אַרבעט און יעדער האָט געוואָלט אויסנעמען מיט זיין אַרבעט, כדי צו שאַפן חן ביי די מערדער אויף צו באַקומען דעם גליקלעכן שיין אויף לעבן. פיל יוגנטלעכע זיינען אַוועק צו אַרבעט אויף די וועגן און אין די וועלדער בערך אַ 10 קילאָמעטער פון שטעטל. קומענדיק צוריק פון דער אַרבעט פלעגן זיי ברענגען נייעס וועגן קריג און וועגן דער אָרגאַניזירונג פון די אַנטלאָפענע רוסישע קריגס־געפאַנגענע און פאַרטיזאַנער־גרופן. קיינער האָט אין דעם ניט געוואָלט גלויבן און פיל רעדן וועגן דעם האָט מען אויך ניט געקענט, ס׳זאָל חלילה ניט דערגיין צו די מערדער.

עטלעכע וואָכן שפּעטער איז צו אונדז אָנגעקומען די ידיעה, אַז דעם 8.5.42 איז פאָרגעקומען די שחיטה אין לידע און עס זיינען דאָרט אומגעקומען העכער 4500 יידן (מיין מומע יענטע און די משפחה זיינען אויך דאַן אומגעקומען). אין געטאָ האָט ווידער זיך גענומען פילן מורא און אומעט, מען האָט ווידער גענומען זוכן עצות, ווי אַזוי זיך צו פאַרשטעקן. פיל האָבן גענומען בויען באַהעלטענישן (מאַלינעס), אַנדערע האָבן אָנגעהויבן פלאַנעווען ווי אַזוי צו אַנטלויפן אין וואַלד.

דער גרעסטער טייל פון דער יוגנט האָט זיך פאַרבונדן אין פאַרטיזאַנער־גרופן, וואָס האָבן געהאַט דעם ציל צוצוגרייטן דאָס אַרויסגיין פון געטאָ אין וואַלד בשעת דער סכנה פון אַ נייער שחיטה. אַלץ איז געוואָרן געמאַכט בסודי סודות, פאַרבינדלער מיט פאַרטיזאַנער פלעגן אַריינקומען אין געטאָ און ברענגען ידיעות פון פראָנט און פון

דער אונטערגרונט־באַוועגונג. זיי פלעגן מיטנעמען נויטיקע זאַכן און מעדיקאַמענטן און דערציילן וועגן קאַמפן און צוזאַמענשטויסן פון דייטשן מיט פּאַרטיזאַנער.

די זשעטלער זשאַנדאַרמעריע איז אַוועק אויף אַן אַבלאַווע אויף פּאַרטיזאַנער און דאַן האָט מען געגומען גלויבן, אַז עס זיינעןווירקלעך פאַראַן פּאַרטיזאַנער און אַז די ידיעות זיינען טאַקע ריכטיק. די דייטשן האָבן זיך צונויפגעטראָפן מיט די פּאַרטיזאַנער אין אַ דאָרף ניט ווייט פון דוואָרעץ ווו עס האָט זיך פאַרבונדן אַ קאַמף. פון די דייטשן זיינען געפאַלן עטלעכע טויטע, פון צווישן די זשעטלער זשאַנדאַרן איז שטאַרק פאַרוווּנדעט געוואָרן דער מערדער גריפינקער און ס׳איז אויך געהרגעט געוואָרן אַ ווייסרוסישער פּאָליציי־מאַן פון זשעטל. די ידיעה איז גלייך דערגאַנגען אין געטאָ און מען האָט זיך זייער שטאַרק געשראָקן פאַר דעם טאָג פון דעם באַגרעבעניש פון גזלן, די מיטגלידער פון יודנראַט זיינען געגאַנגען איבער אַלע הייזער און אָנגעזאָגט שטרענג, אַז מען זאָל זיך ניט אַרומדרייען דעם טאָג אין גאַס.

דער טאָג פאַר וועלכן מען האָט זיך שטאַרק געשראָקן איז דורכגעגאַנגען רואיק, אָבער אין עטלעכע טעג שפּעטער, דעם 4.8.42, אין מיטן נאַכט, איז געוואָרן אַ גרויסע שיסעריי אין געטאָ. די פּאַניק איז געוואָרן גרויס, מען האָט ניט געוווּסט, וואָס עס האָט פּאַסירט, ניט אַנדערש, עס איז ווידער אַ שחיטה. אַ סך האָבן זיך פאַרשטעקט אין די מאַלינעס, אַ גאַנצע נאַכט איז מען געווען וואַך און זיך צוגעהערט צו יעדן שאָרך. ווען די שיסעריי איז געוואָרן שטילער, האָט מען זיך דערוווּסט, אַז פּאַרטיזאַנער זיינען אַריין אין געטאָ און געשאָסן אויף די זשאַנדאַרמעריע־פּאָסטנס. די דייטשן זיינען זיך צעלאָפן, ערשט שפּעטער זיינען זיי אַריין אין געטאָ זוכן, ווער עס האָט אויף זיי געשאָסן. די ווייסרוסישע פּאָליציי האָט געשאָסן אויף יעדן איינעם, ווער עס האָט נאָר פּרובירט אַנטלויפן מחוץ דעם געטאָ. פון די אַנטלויפנדיקע מענטשן האָט מען דאַן געהרגעט אַ זשעטלער בחור און פאַרווּנדעט אַ בעליצער מיידל (שרה קרעמיען, ישראל מיירימס אַ טאָכטער). אַ ווייסרוסישער פּאָליציאַנט האָט איר געשאָסן אין בויך און נאָך שווערע ליידן איז זי אויסגעגאַנגען.

פיל זיינען געלאָפן ביז דוואָרעץ און ניטווייט פון שטעטל האָט אַ גרופּע בחורים און מיידלעך זיך באַהאַלטן אין אַ פעלד פון קאָרן. די קריסטן האָבן זיי באַמערקט און דערטראָגן די פּאָליציי, וועלכע האָט געמאַכט אַן אַבלאַווע אין פעלד און האָט זיי אַלעמען געפונען. זייער ווייניקע איז געלונגען צו אַנטלויפן און זיך ראַטעווען, די מערהייט איז אַריינגעפאַלן צו די מערדער אין די הענט און זיינען אומגעקומען מיט זייער אַ שרעקלעכן טויט. עס זיינען דאַן אומגעקומען די בעליצער: משה שימאַנאָוויטש, בערל אָזשעכאָווסקי (לייבע בערקעס אַ זון), יונהלע לייבאָוויטש (חנה שייקעס אַ זון) און נאָך פיל זשעטלער יונגע מיידלעך און בחורים. דער מצב איז געווען זייער אַ טרויערי־קער, ווען עס זיינען דערגאַנגען די ידיעות וועגן דעם אין געטאָ. קיינער האָט שוין ניט

געגלויבט אין לעבן, יעדן טאָג האָט מען זיך געריכט אויפן אָנקומענדיקן פרישן אומגליק, עס האָט זיך געפילט די נאָענטקייט פון פרישן אומגליק.

## דאָס ליקווידירן פון דעם זשעטלער געטאָ

דעם 6.8.42 (כ״ג אב תש״ב) 4 אַ זייגער אינדערפרי, ווי עס האָט נאָר אָנגעהויבן ווערן ליכטיק, האָט זיך אין געטאָ דערפילט, אַז היינט וועט פּאַרקומען די שחיטה און דאָס מאָל וועט שוין זשעטל בלייבן „יודן־ריין״. דער געררויש פון טאַנקן און מאַשינען האָט אויפגעוועקט דעם שלאָפנדיקן עולם, די מערדער זיינען געקומען מיט אַלע כלי־זין אַזוי ווי צום גרעסטן קאַמף. אויף דעם צווייטן זייט פון פּלויט איז די גאַס געווען איבערפולט פון מערדער: דייטשן, לאַטישן, עסטאָניער און ווייסרוסישע פּאָליציי.

מיר האָבן זיך גלייך אָנגעטון און אַרויסגעלאָפן אויפן גאַס. די פּאַניק אין געטאָ איז געווען שרעקלעך, די געוויינען און געשרייען פון בלאַסע צעשראָקענע יידן, האָבן זיך אויסגעמישט מיטן טומל פון די גזלנים. אַלע זיינען געלאָפן צום הויכן פּלויט פון געטאָ, מען האָט געזוכט אַ וועג ווי אַזוי דורכצוררייסן די בלאָקאַדע פון די מערדערישע ס. ס.־לייט און ווייסרוסישע פּאָליציי. די רוצחים האָבן אָבער אַרומגערינגלט דעם געטאָ אַזוי אַז סאיז ניט געבליבן קיין וועג און קיין אויסזיכט זיך צו ראַטעווען דורך אַנטלויפן אין וואַלד אָדער אַפילו אין די נאָענטע פעלדער. אַ גרופּע יוגנטלעכע (בחורים און מיידלעך) איז געלונגען אַרויסרייסן זיך פון געטאָ גופא, אָבער עס זיינען דאָך געווען ארום שטעטל די פעלדער, דורך וועלכע עס איז געווען אוממעגלעך זיך דורכצורייסן לעבעדיקערהייט. עס איז געוואָרן אַ שרעקלעכע שיסעריי נאָך די אַנטלויפנדיקע און אַזוי זיינען פאַרשניטן געוואָרן די לעבנס פון צענדליקער, יונגע בחורים און מיידלעך, דאָס שענסטע בליענדיקע יוגנט פון געטאָ.

ביז 9 אַ זייגער זיינען די רוצחים ניט אַריין אין געטאָ, זיי האָבן נאָר געשאָסן דורכן הויכן צוים. מיטן מאָמענט ווען דער באַפעל איז אָנגעקומען, האָבן די מערדער צעבראָכן די צוימען, זיך אַריינגעריסן ווי ווילדע חיות אין די יידישע הייזער און אַלעמען געטריבן אויף דעם מאַרק־פּלאַץ.

אויפן מאַרק האָבן די מערדער אויסגעסאָרטירט 225 פאַכלייט צום אָפּשיקן אין אַרבעטס־לאַגער פון נאָוואָגרודעק. נאָך אַ פּאָר הונדערט מאַן (מערסטנס יונגע שטאַרקע בחורים) האָט מען אויסגעטיילט צום גראָבן אָקאָפּעס אויפן פראָנט נאָך סמאָלענסק און וויטעבסק (דער גרעסטער טייל איז דאָרטן שפּעטער אויסגעשטאָרבן פון קעלט און הונגער). אַלע איבעריקע יידן האָט מען געטריבן אין לאַנגע קאָלאָנעס צום זשע־טלער בית־עולם הינטערן שטעטל, אויפן וועג צו בעליצע און דאָרט האָט מען זיי גרופּנווייז צעשאָסן און אַריינגעוואָרפן אין טיפע גריבער. אַזוי האָט זיך געענדיקט דער ערשטער טאָג פון דער שחיטה.

די שפּעטערדיקע טעג האָבן די מערדער געגישטערט נאָך פאַרשטעקטע יידן אין די באַהעלטעגישן, אַרויסגעריסן זיי איינציקווייז פון די הייזער, אַוועקגעפירט אין בנין פון קינאָ און דאַן גרופּעסווייז אָפּגעפירט אויף אויטאָס צום בית־עולם און דאָרט זיי צעשאָסן. אין משך פון 7 טעג האָבן די מערדער אויסגעליידיקט דעם געטאָ. זיי האָבן געלאָזן בלויז איין יידישע ציין־דאָקטאָרין און 3 אנדערע ספּעציאַליסטן, וועלכע זיי האָבן געדאַרפט פאַר זייער געברויך. אין די 7 טעג זיינען די הייזער צעראַבירט געוואָרן פון דעם צעווילדעוועטן קריסטלעכן המון, וועלכער איז באַפאַלן אַזוי ווי בינען די בידנע פאַרמעגנס, וואָס זיינען נאָך פאַרבליבן.



אליהו מיליקאָווסקי



יענטע טראַצקי (יאַסעלעוויטש) און מאַן

יוסף פליישער

# ביי די גריבער פון אומקום

## א. גזירות און אומקום אין בעליצע

ווען היטלערס ווילדע רוצחים זיינען אַריינגעקומען אין שטעטל, האָבן זיי באַלד פאַרברענט אונדזערע הייזער. ס'זיינען פאַרבליבן בלויז איניקע הייזער אין ניטעצער געסל, און דאָרט האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן אַלע איינוווינער פון שטעטל. די ענגשאַפט איז גלייך געוואָרן זייער גרויס, ווייל צענדליקער מענטשן האָבן געמוזט וווינען אין יעדער שטיבל. אַזוי אַרום איז פון זיך אַליין געשאַפן געוואָרן דאָס „יידישע געטאָ״ אין אונדזער שטעטל.

איניקע טעג שפּעטער איז אָנגעקומען אַ שטראָף־קאָמאַנדע. זיי האָבן באַלד צונויפ־געטריבן אַלע מענער ביים פערד־מאַרק, געהייסן זיך אויסשטעלן אין צוויי שורות און דאַן האָט דער אָנפירער פון די מערדער געמאָלדן, אַז מיר יידן האָבן שוין ניט קיינע מענטש־לעכע און אייגנטום־רעכט.

זיי האָבן אַרויסגענומען פון די שורות דעם רב און נאָך עטלעכע מענטשן און מען האָט זיי איינגעשפּאַנט אין אַ וואָגן. עס האָבן זיך אויפן וואָגן אַרויפגעזעצט עטלעכע מערדער און די יידן האָבן זיי געמוזט פירן אין דאָרף פּאַרעטש, 8 קילאָמעטער פון בעליצע. אין שטעטל איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע פּאַניק, אַלע האָבן דערפילט, אַז עס קומען אָן טרויעריקע צייטן אויף אונדז יידן.

צומאָרגנס זיינען עטלעכע מענטשן מיט דער רביצין בראָש אַוועקגעגאַנגען קיין פּאַ־רעטש און געפּועלט ביי די רוצחים, זיי זאָלן באַפרייען דעם רב מיט די פאַרכאַפּטע יידן און אַלע צוזאַמען האָבן זיך צוריקגעקערט אין שטעטל.

אין עטלעכע טעג אַרום איז ווידער אָנגעקומען אַ באַנדע נאַציס. אין אַ זונטיק פאַרטאָג האָבן די דאָזיקע ווידער צונויפגעטריבן אַלע מענער אויפן פּלאַץ אַנטקעגן קאַשטשאָל. דעם זעלבן טאָג האָבן אַנדערע דייטשישע מערדער דערשאָסן אַלע יידישע מענער פון סטאַנציע ניעמאַן. ווי עס האָבן אונדז שפּעטער דערציילט אונדזערע מעש־

טשאַנעס האָבן זיי יענעם טאָג אָפּגעבעטן ביי די דייטשן פאַר אונדז דעם לעבן. אָבער אינגאַנצן פריי האָבן אונדז די רוצחים ניט געלאָזן. מיט ווילדקייט האָבן זיי צעבראָכן דעם פאַרקאָן אַרום דער פוילישער שקאָלע און זיך אויסגעשטעלט אין צוויי שורות. יעדער איינער פון אונדז האָט געמוזט אַדורכלויפן צווישן די שורות און די צעיושעטע רוצחים האָבן מערדערלעך געשלאָגן.

עס זיינען פאַרביי אייניקע טעג און ווידער איז אַ באַנדע גזלנים אָנגעקומען אין שטעטל. דאָס מאָל האָבן שוין אונדזערע מעשטשאַניעס זיי אויפגענומען מיט שמחה און זיי גוט אָנגעטרונקען. די שיכורע נאַציס האָבן זיך אַרויסגעלאָזט כאַפּן יידן. אין יענעם פינצטערן טאָג האָבן זיי צונויפגעכאַפּט די ערשטע 36 מענער צווישן וועלכע עס איז געווען דער רב און די שענסטע בעלי־בתים פון שטעטל. מען האָט די 36 יידן געפּייניקט מיט פאַרשידענע עינויים, צום סוף האָט מען זיי געצוווּנגען אויסצוגראָבן אַ גרוב אין וועלכער מען האָט זיי אַלעמען דערשאָסן.

נאָך דער דאָזיקער טרויעריקער געשעעניש האָבן די מענער אויפגעהערט צו נעכטיקן אין די הייזער, זיי זיינען געלעגן באַהאַלטן אין די פעלדער אַרום שטעטל. אויך האָט מען אין די עטלעכע פאַרבליבענע הייזער גענומען מאַכן סכראָנעס מיינענדיק אַז דאָס וועט אונדז ראַטעווען פון די רוצחישע הענט.

אָבער גאַר גיך האָבן מיר איינגעזען, אַז די דייטשן וועלן אונדז ניט לאָזן פאַר־בלייבן אין שטעטל. דער גרעסטער טייל האָט שטילערהייט זיך צעלאָפן אין די אַרומיקע שטעט.

דער פוילישער בורמישטש פון שטעטל (באַלעבאַנסקי) האָט דערטראָגן דער דייטשישער מאַכט אין לידע, אַז די בעליצער יידן צעפאָרן זיך, אָן אַ באַפעל פון דער מאַכט. האָבן מיר טאַקע באַלד באַקומען אַ באַפעל, צושטעלן 25 מאַן צו דער אַרבעט. היות ווי אין שטעטל איז שוין דאָן שווער געווען צוזאַמענקלייבן 25 מענער, זיינען צווישן די 25 אויך אַריינגעפאַלן פרויען.

ווען מיר האָבן זיך צוגעשטעלט צו דער אַרבעט, האָט אונדז פלוצלינג אַרומגע־רינגלט די פוילישע פּאָליציי. דער בורמישטש האָט אויסגעלייענט אַ באַפעל פון דער דייטשישער מאַכט אין לידע, אַז די בעליצער יידן מוזן אַריינטראָגן אַ קאָנטריבוציע פון 150 טויזנט מאַרק אַלס שטראָף פאַרן פאַרלאָזן דאָס שטעטל אָן אַ באַפעל פון דער מאַכט. צום סוף האָט ער צוגעגעבן: אויב די דאָזיקע סומע וועט ניט אַריינגעטראָגן ווערן אין משך פון 5 טעג, וועט איר אַלע דערשאָסן ווערן. מען האָט אונדז אַלעמען פאַרשלאָסן און די פּאָליציי האָט באַוואַכט דעם בנין.

עס איז באַלד געוואָרן אַ גרויס געוויין פון די פרויען און קינדער. מען האָט גענומען זוכן מיטלען, ווי אַזוי צו שאַפן די סומע געלט, ווייל באַלד דעם ערשטן טאָג פון זייער אָנקומען האָבן דאָך די דייטשישע מערדער פאַרברענט דאָס שטעטל און דער

גרעסטער טייל פון די איינוווינער זיינען פאַרבליבן מיט גאָרניט. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו שיקן שליחים אין די אַרומיקע שטעט בעטן הילף. זיסל קאַלמאַנאָוויטש איז געפאָרן קיין לידע און אַ צווייטער איז אַוועק קיין זשעטל. אין עטלעכע טעג אַרום איז פון זשעטל געקומען אַן אַלטער, קליינער ייִדעלע ר׳ ישראל־לייזער און האָט געבראַכט געלט. מיר האָבן שוין דאַן די געלט ניט געדאַרפט, ווייל מיט אייגענער אַנשטרענגונג איז די סומע געשאַפן געוואָרן און מען האָט אונדז באַפרייט.

## ב. די ערשטע שחיטה אין זשעטל

אין אַ קורצער צייט נאָך דער פּאַסירונג איז אָנגעקומען אַ באַפעל, אַז מיר מוזן פאַרלאָזן אונדזער שטעטל. מיט ביטערע הערצער האָבן מיר פאַרלאָזן אונדזער היימיש שטעטל און פון דאַן איז דאָס טייערע שטעטעלע פאַרבליבן „יודען־ריין״.

מיר האָבן זיך צעשיידט און צעשפּרייט איבער אַלע זייטן: ווער עס איז געגאַנגען קיין לידע און ווער אין אנדערע שטעטלעך, די מערהייט איז אַוועק קיין זשעטל. דעם ווינטער 1942־1941 זיינען מיר געזעסן אין זשעטלער געטאָ און פון צייט צו צייט באַקומען ידיעות, אַז אין אַרומיקע שטעטלעך האָט מען אויסגעהרגעט די ייִדן. די ידיעות האָט מען באַקומען פון אייניקע, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון די אויסגעקוילעטע שטעטלעך און זיך דערשלאָגן קיין זשעטל.

י״ג אייר תש״ב, 29־טער אַפּריל 1942 האָט מען אונדז פאַרטאָג אַרויסגעטריבן פון די הייזער און צונויפגעזאַמלט אויפן אַלטן זשעטלער בית־עולם. דאָרט האָט מען געהייסן זיך אויסשטעלן לויט פאַמיליעס, און דאַן האָבן די רוצחים גענומען סאָרטירן וועמען צום לעבן און וועמען צום טויט. די מענטשן זיינען צעטומלט געוואָרן און ניט געוווּסט ווו צו גיין. דאַן האָבן די מערדער אָנגעהויבן צו שיסן אין די פאַרזאַמלטע ייִדן. אַ סך מענטשן זיינען דערשאָסן געוואָרן אויפן פּלאַץ.

איך האָב געזען מיט מיינע אויגן, ווי די רוצחים האָבן אויסגעזעצט אַלע קאַליקע אויפן פאַרקאַן פון בית עולם און זיי פון הינטן צעשאָסן.

שפּעטער האָט מען אונדז, די אָפּגעסאָרטירטע צום טויט, אַוועקגעטריבן צו די גריבער, וואָס זיינען שוין געווען צוגעגרייט. אַרויסטרייבנדיק אונדז פון געטאָ, האָב איך געזען מאַשינען אָנגעפּילטע מיט אַלטע לייט, וועלכע מען האָט געפירט צו די גריבער. די געשרייען פון די זקנים צו די הימלען זיינען געווען שוידערלעך.

איך מיט מיין פרוי און אונדזערע פיר קינדערלעך האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען ביי די גריבער. מען האָט אונדז געהייסן זיך אויסלייגן אויף דער ערד מיט די פּנימער אַראָפּ. דאָרט האָב איך שוין געפונען אַזוי ליגנדיק פיל מענטשן. ליגנדיק אַזוי האָבן מיין פרוי און קינדערלעך שרעקלעך געוויינט, אָבער מיין האַרץ איז פאַרשטיינערט

געוואָרן און איך האָב קיין טרער פון מיינע אויגן ניט געקאָנט אַרויסלאָזן. אין די שרעקלעכע מינוטן האָב איך נאָר געטראַכט, אַז דער ווייטיק פון די קוילן זאָל ניט זיין קיין גרויסער. כ׳האָב שטיל געשעפטשעט מיט מיינע פאַרטריקנטע ליפּן „שמע ישראל" און געטראַכט פון יענער וועלט.

פּלוצלינג האָט מיין יינגסטע קינד אין אַ יאָמערלעך געוויין גענומען בעטן: „מאַמע גיב עסן", דאָס צווייטע האָט געכליפּעט: „מיר איז קאַלט", און די צוויי גרעסערע האָבן גענומען פרעגן: „טאַטע ווען וועט מען אונדז שוין שיסן?" האָב איך זיך אָפּגערופן צו מיין רחל־ליביטשקען: „וויין ניט, מיין טייערע, דו שרעקסט דאָך די קינדערלעך און אפשר וועט זיך גאָט אויף אונדז דערבאַרעמען און וועט גאָר אונדז אַרויסהעלפן"... נעבן מיר איז געלעגן דוד־וועלוול דער זשעטלער, ער האָט דערהערט מיינע ווערטער, אַ שפּיי געטאָן מיר אין פּנים און געזאָגט: „ווו איז דאָ אַ גאָט, ווען יידן שרייען „שמע ישראל" און מען שיסט זיי?"

מיטאַמאָל האָט זיך מיין פרוי אויפגעשטעלט פון דער ערד און געזאָגט צו מיר: „קום, יוסף, איך קען ניט צוזען ווי מען שיסט דאָ, קום מיר וועלן פרווון גיין". איך האָב גענומען איין קינד אויף די הענט און זי דאָס צווייטע קינד, די צוויי עלטערע האָבן זיך געהאַלטן אָן אונדז און אַזוי זיינען מיר אָפּגעגאַנגען אַ פּאָר הונדערט מעטער, און אַ נס איז געשען, אַז קיינער האָט אונדז ניט געשטערט. מיר זיינען צוגעגאַנגען צו אַ פּלאַץ ווו די דייטשישע מערדער האָבן נאָך סאָרטירט ווער צום לעבן און ווער צום טויט (צום לעבן רעכטס, צום טויט לינקס). איך און מיין פרוי זיינען צוגעפאַלן צו די דייטשן מיט אַ גרויס געוויין און מיר האָבןביידע גענומען בעטן: „מיר זיינען נאָך יונג און פעאיקע אַרבעטער, לאָזט אונדז לעבן". און ס׳האָט טאַקע געטראָפן ווידער אַ נס — מען האָט מיר, מיין פרוי און אונדזערע 4 קינדערלעך אַוועקגעשיקט רעכטס, צום לעבן. אין דער דאָזיקער גרופּע האָבן מיר געטראָפן אַ סך באַקאַנטע און אויך דוד־וועלוול (דער זשעטלער), דער וועלכער האָט מיר פריער אַריינגעשפּייט אין פּנים. מיר האָבן איינער צום צווייטן ניט גערעדט. ער האָט זיך געשעמט אויפצוהויבן זיינע אויגן... אויך האָב איך דאָרט געטראָפן מיין שוועסטער שרהל און שוואָגער ניסל מיט זייערע קינדער. ווען מיין שוועסטער האָט מיר דערזען, איז זי געפאַלן אין חלשות, אַז מען האָט איר קוים אָפּגעמינטערט.

דאָ האָט מען אונדז אָפּגעהאַלטן אַ גאַנצן טאָג, ביז די רוצחים זיינען פאַרטיק געוואָרן מיט זייער מערדערלעכער אַרבעט.

כ׳האָב געזען ווי אַזוי לייבע אָרזשעכאָווסקי האָט געפירט זיין טאָכטער חיה־ליבע, איר האָט מען אָפּגעסאָרטירט צום לעבן און אים האָט מען אַוועקגעשיקט צום טויט. ווען מען האָט איר אָפּגעשיידט פון איר פאָטער, האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער ערד און אויסגעשריען: „טאַטע ווו ביסטו אַוועקגעגאַנגען פון מיר?". נאָך פיל

שוידערלעכע זאַכן האָב איך געזען אין יענעם שרעקלעכן טאָג. נאָך איצט הער איך דאָס שיסעריי פון דער זייט, ווו עס האָבן זיך געפונען די גריבער פאַר די אָפּגעסאַר־טירטע צום טויט.



רחל־ליבע פליישער (מעקעל) און זונעלע

פאַרנאַכט האָט מען די, וועלכע מען האָט געלאָזט לעבן, צוריקגעפירט אין געטאָ אַריין. אין הויז ווו איך האָב געוווינט מיט מיין גאַנצער משפחה, האָב איך געטראָפן מיין יינגערן ברודער זלמן, וועלכער האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין א סכראָן. ווען ער איז אַרויס פון באַהעלטעניש און אונדז קיינעם ניט געטראָפן, האָט ער אויס־געבראָכן אין אַ שרעקלעכן געוויין. מענטשן האָבן אים געטרייסט: „אפשר וועט זיך נאָך ווער צוריקקערן פון די גריבער?" אַזוי איז טאַקע געשען. מיר זיינען באַלד אָנגעקומען און אונדזער שמחה אויף אַ קורצער צייט איז געווען גרויס.

באַלד איז אַריינגעקומען צו אונדז אין הויז ישראל־מיירים קרעמיען און גערופן גיין העלפן באַערדיקן די קאַליקע און אַנדערע, וועלכע זיינען דערשאָסן געוואָרן אויפן

בית־עולם. איך בין גלייך געגאַנגען און געהאָלפן צונויפקלייבן די הרוגים און זיי געבראַכט צו „קבר ישראל". ווי שרעקלעך עס זאָל אויסזען אין די אויגן פון מענטשן, וועלכע האָבן עס ניט איבערגעלעבט, אָבער דאָך איז עס אַזוי געווען. מיר, נאָך דערווייל די לעבעדיקע, האָבן דאַן מקנא געווען די טויטע, וואָס האָבן זוכה געווען צו קבר ישראל, ווייל מיר גופא זיינען דאַן ניט געווען זיכער צו האָבן דעם „זכות".

נאָך דער ערשטער שחיטה האָבן די דייטשישע מערדער באַפוילן דעם יידנראַט דאָס געטאָ צו פאַרקלענערן און פאַרזיכערט, אַז מער קיין שלעכטס וועט שוין די יידן אין זשעטלער געטאָ ניט טרעפן. די פאַרבליבענע ביים לעבן זיינען ווייטער געטריבן געוואָרן צו פאַרשידענע שווערע אַרבעטן. אַלע זיינען געגאַנגען צו דער אַרבעט מיט דער האָפענונג, אפשר וועלן זיי שוין טאַקע בלייבן לעבן. אָבער טיף אין האַרצן האָבן מיר ניט געגלויבט די הבטחות פון די מערדער, און די ניט זיכערע לאַגע האָט זיך אַזוי טרויעריק געצויגן. אין מיינע שמועסן מיט מיין פרוי אין יענע טעג, פלעג איך שטענדיק זאָגן, אַז איך וועל שוין מער צו די גריבער ניט גיין.

באַלד האָבן ווידער אָנגעהויבן אָנקומען ידיעות פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך, אַז דאָרט זיינען ווידער פאָרגעקומען שחיטות און דאָס מאָל האָבן די רוצחים אַלעמען אויסגעהרגעט און געמאַכט די ערטער יידן־ריין.

אַזוי זיינען אַריבער נאָך דריי שרעקלעכע חדשים אין זשעטלער געטאָ, ביז עס איז געקומען אויך אונדזער צייט צו גיין אויף „קידוש השם".

אין די דאָזיקע לעצטע דריי חדשים פלעג איך יעדן טאָג אויפשטיין זייער פרי, זיך פריער גוט אויסוויינען און דאַן גיין אין שול אַריין זאָגן קדיש נאָך מיין פאָטער, וועלכער איז אומגעבראַכט געוואָרן אין לידער געטאָ, נאָך מיין ברודער חיים און זיין פרוי מינטשע און נאָך דער שוועסטער רחל, וועלכע זיינען אומגעקומען אין שטשוטשינער געטאָ.

### ג. זשעטל „יודן־ריין"

אין דעם פרימאָרגן פונעם לעצטן טאָג אין זשעטלער געטאָ, בין איך אויפגעשטאַנען ווי שטענדיק פרי, אויפגעעפנט די טיר און אַרויס אין גאַס. פלוצלינג איז אָנגעלאָפן אַ יידישער פאָליציאַנט פון געטאָ און אַ זאָג געטון צו מיר: „דאָס געטאָ איז אַרומגע־רינגלט פון דייטשן, היינט וועט זשעטל ווערן ליידיק פון יידן". איך האָב גלייך צוריק געעפנט די טיר און אַריינגעשריען „רחל־ליבקע, שטיי אויף, טו אָן די קינדער, דער געטאָ איז אַרומגערינגלט", און אַליין בין איך געלאָפן צום טויער פון געטאָ.

אויפן וועג האָב איך שוין געטראָפן פיל מענטשן, וועלכע זיינען אויך געלאָפן צום געטאָ־טויער. מיר האָבן באַלד געזען ברעכן די טויערן און די גזלנים האָבן אָנגעפאַנ־גען שיסן. דאָס טומל און געשטופעריי איז געווען שרעקלעך. פיל מענטשן זיינען באַלד

געפאַלן טויט, אייניקע האָבן זיך אַדורכגעריסן און זיינען אַנטלאָפן. איך אַליין בין געלאָפן 3 קילאָמעטער ביז איך בין אָנגעקומען אין אַ וואַלד און דאָרט איבערגעוואַרט אַ טאָג און אַ נאַכט. צומאָרגנס האָב איך געשיקט אַ באַקאַנטן קריסט אין זשעטל, ער זאָל מיר ברענגען אַ ידיעה, וואָס עס הערט זיך אין געטאָ. ער איז צוריקגעקומען און געבראַכט די שרעקלעכע בשורה, אַז מען הרגעט אַלעמען אויס אין געטאָ, און ביים לעבן וועט מען לאָזן נאָר 170 יונגע, אַרבעטס-פעאיקע מענער, וועלכע מען וועט אַרי־בערפירן אין נאָוואָגרודקער אַרבעטס-לאַגער.

קריגנדיק די טרויעריקע ידיעה האָב איך באשלאָסן גיין צוריק, אָבער ניט קיין זשעטל, ווו איך האָב אַלעמען פאַרלאָרן, נאָר צוריק אין מיין היימיש בעליצער סביבה. דערשלאָגן, עלנט און פאַריתומט בין איך אַוועק צו פּרוּוון מיין מזל אין די וועלדער אַרום מיין היימשטעטל.

(באַאַרבעט צום דרוק פון א. מ. סאַוויצקי)



די משפחה פון שרה (פליישער) און ניסן באַראַנטשיק

שמעון בייקער

# מ׳האט אים באקלאגט אלס טויטן

## אַ קינד וואָס האָט דורכגעמאַכט נאַצישע געטאָ און וואַלד צווישן פּאַרטיזאַנער — זיין ווונדערלעכע רעטונג

(„טאָג־מאָרגן־זשורנאַל״, ניו־יאָרק, 1961)

אין די נאָענטסטע טעג וועט אין איינעם פון די באַרימטע אַריסטאָקראַטישע האָטעלן, אויף דער עלעגאַנטער פּאַרק עוועניו, אין ניו־יאָרק, פּאָרקומען אַ גרויסע, שיינע חתונה פון אַ 24־יאָריקן מאַן, וואָס הייסט סענפאָרד מעי. צווישן זיינע פּילצאָליקע לאַנדסלייט פון לידער געגנט איז ער באַקאַנט אַלס סענדער מאַיעווסקי. ער הייראַט אַ 22־יאָריקע חנעוודיקע אַמעריקאַנער־געבוירענע יידיש מיידל, מיט וועלכער סענדער האָט זיך באַקאַנט, מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, אויף אַ ניי־יאָר אויפנאַמע.

צווישן די מחותנים, וואָס וועלן קומען צו דער גרויסאַרטיקער חתונה ווערן דערוואַרט צוויי קאַטעגאָריעס געסט: „וואַלד־מענטשן״, דאָס הייסט אַזעלכע וואָס האָבן איבערגעלעבט די יאָרן פון דער שוידערלעכער וועלט־מלחמה אין די וועלדער, נאָך דעם ווי ס׳איז זיי געלונגען צו אַנטלויפן פון די ברענענדיקע געטאָס, און — אמתע „יענקיס״.

דאָס וועט זיכער זיין אַ חתונה אַזוי ווי אַלע אַמעריקאַנער יידישע שמחות. מען וועט פיין פאַרברענגען און דער עולם וועט האָבן פיל הנאה. אָבער דערפאַר איז דער הויפּט־העלד פון דער שמחה, דער חתן, אַ פיין־געבויטער יונגערמאַן, וואָס איז עטוואָס העכער פון מיטעלן וווּקס און האָט אַ פּאָר בלויע אויגן, אַ יחיד במינו. די איינגעלאַדענע געסט, וואָס קענען נישט זיין „ביאָגראַפיע״, וועט זיכער ניט איינפאַלן, אַז דער דאָזיקער יונגער בחור האָט הינטער זיך אַ „פאַרגאַנגענהייט״, וועלכע קלינגט אומגלויבלעך.

סענדער איז, ווי געזאָגט, ניט מער ווי 24 יאָר אַלט, אָבער דאָס וואָס ער האָט דורכגעמאַכט בלויז אין די ערשטע 5 יאָר פון זיין לעבן שפּיגלט אָפּ דעם גרויל, פּיין און ליידן פון יידישן פאָלק אין דער אָקופּירטער אייראָפּע אין די בלוטיקע אומקום־יאָרן פון דעם

צווייטן וועלט־קריג. ער סימבאָליזירט אויך דעם נצחון פון יידישן גייסט איבער די שונאי־ישראל.

די איינצלהייטן וועגן די קינדער־יאָרן פון דעם חתן, סענפאָרד מעי, וואָס זענען אָנגע־לאָדנט מיט אַזוי פיל שפּאַנונג און האַרץ־קלאַפּעניש, האָבן מיר איבערגעגעבן זיינע עלטערן יוסף און דבורה מאַיעווסקי. זיי וווינען איצט אין פלאַשינג, און קיין אַמעריקע זענען זיי גע־קומען אַלס פליטים פון אַ לאַגער ביי מינכען, דייטשלאַנד, אין יאָר 1947. יוסף מאַיעווסקי איז איצט אַ בוי־אונטערנעמער, ער שטאַמט פון שטעטל בעליצע ביי לידע, און זיין פרוי, פון דער היים שמוקלער, האָט געלעבט פאַר דער חתונה אין שטעטל איווִיע. אין אַמעריקע איז ביי זיי געבוירן געוואָרן אַ טאָכטער (מאַשאַ), וואָס איז איצט אַלט 14 יאָר.

די מאַיעווסקיס, וואָס האָבן געהאַט אויפן מאַרק־גאַס אין בעליצע אַן אייזן־קראָם האָבן חתונה געהאַט אין 1939, קורץ פאַר דעם ווי היטלער־דייטשלאַנד איז באַפאַלן פוילן. מיט אַ יאָר שפּעטער האָט דבורה געבוירן אַ זון, וועמען מ׳האָט אַ נאָמען געגעבן סענדער. געווען איז עס שוין אין 1940, ווען דאָס שטעטל ווו זיי האָבן געוווינט, האָט — אַלס רעזולטאַט פון דער דייטש־פּוילישער מלחמה — געהערט, פונקט ווי גאַנץ מערב־ווייסרוס־לאַנד, צום סאָוויעטן־פאַרבאַנד.

די צייט איז געלאָפן און ס׳איז געקומען דער טאָג פון 22סטן יוני 1941, ווען דייטשלאַנד איז באַפאַלן סאָוויעט־רוסלאַנד. יוסף, סענדערס טאַטע, איז געווען מאָביליזירט אַ קורצע צייט ביי די רוסן, אָבער זיי האָבן אים באַפרייט פונקט אין טאָג פאַר דעם, ווי היטלערס עראָפּלאַנען זענען אָנגעלאָפן אויף די סאָוויעטישע שטעט. דאָס אַליין ווייזט, אַז דער קרעמל האָט זיך ניט געריכט אויף אַ דייטשן אָנגריף, גלייבנדיק דעם „פאַרב־נדעטן״, היטלערן, ימח־שמו, אויפן וואָרט. מיט זעקס טעג שפּעטער, דעם 28סטן יוני, האָבן שוין די געסטאַ־פּאָ־לייט זיך געפונען אין שטעטל, אָנקומענדיק פון דער ריכטונג פון לידע און זשאַלודאָק. די דייטשן האָבן גלייך פאַרברענט דעם מאַרק אין בעליצע, ווו ס׳האָבן געוווינט אַן ערך 130 יידישע משפחות צווישן אַ דאָפּלטער צאָל קריסטן. יידיש האָב־און־גוטס איז אַוועק מיטן רויך. דאָס איז אָבער ניט געווען גענוג פאַר די דייטשע מערדער. האָבן זיי נאָך אַרויפגעלייגט אַ קאָנטריבוציע פון 75.000 רובל אויף די דאָרטיקע יידן, און כדי זיך צו פאַרזיכערן, אַז די יידן וועלן די דאָזיקע סומע שאַפן, האָבן די רוצחים ביי זיך געהאַלטן 40 ערובניקעס.

פאַר בעליצער יידן — נשרפים — איז עס געווען אַן אַסטראָנאָמישע ציפער. אָבער פונקט דעם זעלבן טאָג האָט אַן עלטערער ייד פון שכנותדיקן שטעטל זשעטל, ר׳ ישראל לייזער האָט ער געהייסן, געבראַכט צו פוס קיין בעליצע 25 טויזנט רובל, אויסדריקנדיק זיין גרייטקייט צו גיין צוריק אַהיים און ברענגען נאָך געלט פון זשעטלער יידן, אויב דאָס איז נייטיק. „דאָס איז געווען אַן אַקט פון אויסערגעוויינלעכער מסירת־נפש״, האָט מיר געזאָגט יוסף מאַיעווסקי (מעי). פון זשעטל קיין בעליצע אין אַ מהלך פון אַ 20 וויאָרסט.

מיט עטלעכע חדשים שפּעטער איז בעליצע געוואָרן יודענריין, און די לעבנגעבליבענע

יידן זענען אַריבערגעפירט געוואָרן אין זשעטלער געטאָ, ווו די אָרטיקע יידן האָבן זיך מיט זיי געטיילט מיט זייערע ענגע דירות און לעצטן ביסן פון מויל.

די ערשטע שחיטה אין געטאָ איז פאָרגעקומען אין חודש אייר, 1942. דער משפחה מאַיעווסקי איז געלונגען זיך צו ראַטעווען, אַ דאַנק דעם, וואָס זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אויף אַ טאָפּלטן בוידעם, וואָס יוסף, וועלכער האָט געקענט סטאָלעריי, האָט פאַר זיי צוגע־גרייט. אַנדערש איז אָבער געווען בעת דער צווייטער שחיטה, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט איבער דריי חדשים שפּעטער (23 טעג אין אָב), ווען ס׳איז פאַרניכטעט געוואָרן די אַלטע און באַרימטע זשעטלער יידישע קהילה.

דעם ערשטן טאָג פון דער אַקציע האָט זיך איינגעגעבן יוספן, דבורהן און זייער 2יאָריק זונעלע, סענדערל, איבערצולעבן אין אַ גרוב, וואָס מאַיעווסקי האָט צוגעגרייט אונטער אַן אָפּטריט. אָבער ווי נאָר ס׳איז פאַר זיי קלאָר געוואָרן, אַז זיי וועלן פון דאָרט קיין לעבעדיקע ניט אַרויס, זענען זיי די ערשטע נאַכט נאָך דער אויסראָטונג אַנטלאָפן אין וואַלד מיטן קינד אויף די הענט. לויפנדיק האָבן זיי געזען פאַר זיך טויטע קערפּערס פון זייערע נאָענטסטע און טייערסטע, וואָס זיינען געווען אויסגעלייגט איבערן געטאָ.

צוקומענדיק צו אַ טייכל (קאָנאַרייקע), זענען זיי געווען אַזוי צעטומלט, אַז דאָס פּאָר־פאָלק מיט זייער קינד זענען שיער ניט דערטרונקען געוואָרן. בלויז על־פּי־נס זענען זיי אַריבער אויף דער צווייטער זייט, דערשלאָגנדיק זיך צום וואַלד, אין זאַטשעפּיטש, ווו זיי האָבן אויפן פאַרטאָג געטראָפן אַנדערע שטעלשע יידן, וואָס זענען אויך אַנטלאָפן פון פייער. „מיר זענען געווען פאַרטויבט פון די געשרייען פון די קדושים, וואָס האָבן אָפּגע־הילכט דעם גאַנצן וועג", האָט מיר געזאָגט פרוי מאַיעווסקי, בעתן אינטערוויו פאַר „„טאָג־מאָרגן־זשורנאַל".

*

שווער און ביטער איז געווען דער גורל פון ייד אונטער דער דייטשער הערשאַפט, צי דאָס איז געווען אין געטאָ, אין וואַלד, אָדער אין קאָנצענטראַציע־לאַגער. אָבער נאָך ערגער איז געווען, ווען מ׳האָט זיך גערדאַרפט אַרומטראָגן מיט אַ צוויי־יאָריק קינד אויף די הענט. אַ קינד ווייסט נישט פון קיין קונצן, אויב עס איז הונגעריק, אָדער דורשטיק, הייבט עס אָן צו שרייען און וויינען. און געווען איז עס אַ צייט, ווען יעדער שאָרך האָט געקענט דער־פירן צו אַ דייטשער אָבלאַווע, וואָס וואָלט געמאַכט אַ סוף צו די יידישע רעשטלעך.

נאָך זייענדיק ביי זיך אין שטעטל אין בעליצע, האָבן די מאַיעווסקיס אָוועקגעגעבן זייער קינד צו אַ קריסטין, קאַטיאַ לעביעצקאַ. אָבער מיט צוויי טעג שפּעטער האָט יענע חרטה געקריגן אויפן „מסחר". אַ מיידעלע, האָט זי געזאָגט, וואָלט זי גענומען, אָבער ניט קיין ייִנגל, וואָס מ׳קען דערקענען, אַז ער איז אַ ייד. די קריסטין האָט זיך אַנטשולדיקט מיט דעם, וואָס זי וויל ניט איינשטעלן איר לעבן איןְ סכנה. אמת איז, אַז ווען זיי זענען נאָך געווען אין זשעטלער געטאָ, האָט שוין סענדערל, וואָס האָט געהאַט אַ בלאָנדן קאָפּ האָר,

פאַרשטאַנען, אַז ער טאָר ניט וויינען און ניט הויך רעדן. אָבער קומענדיק אין וואַלד, ווו ער האָט געליטן הונגער, דורשט און קעלט, האָט ער ניט געוווּסט פון קיין תירוצים — דאָס צוויי־יאָריקע קינד האָט געוויינט.

די מאַמע האָט אים געשפּייזט מיט גראָז, אָבער דאָס יינגעלע פלעגט עס אויסברעכן מיט בלוט. זי האָט זיך באַמיט צו לעשן זיין דורשט, ווען ער איז שוין געלעגן אויסגע־צויגן ווי אַ טויטער, מיט אַנדערע מיטלען, אָבער אויך זיי האָבן פיל ניט געהאָלפן. באַ־קאַנטע מענטשן וואָס זענען מיט זיי געווען אין וואַלד האָבן זיך פון זיי דערווייטערט, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט, אַז דאָס קינד מיט זיינע געשרייען, וועט צוציען די אויפ־מערקזאַמקייט פון די דייטשן, אָדער זייערע ווייסרוסישע און פוילישע מוסרים. זייענדיק אויסבאַהאַלטן אין די „סכראָנעס" פון וואַלד, האָבן די יידן זיך געדאַרפט היטן ניט בלויז פאַר די דייטשן און זייערע נאַכשלעפּער. אויך די „ווייסע" פּאָליאַקן, די אַזוי גערופענע „אַרמיאַ קראַיאָוואַ", וואָס האָט געקעמפט פאַר פוילנס אומאָפּהענגיקייט, האָבן געמאָר־דעט יידן. דאָס זעלבע האָבן געטאָן די „וואָלאָסאָווצעס", און אַפילו די פּאַרטיזאַנער פון די סאָוויעטישע אָטריאַדן זענען געווען ווייט פון זיין צדיקים לגבי די יידן.

פון דעסטוועגן זענען געווען יידן, וואָס האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן און געהאָלפן די מאַיעווסקיס מיט זייער יינגל, ביים איבערטראָגן אים פון פּלאַץ צו פּלאַץ, ווען די דייטשן האָבן געיאָגט. אַזאַ מסירות־נפש האָט אַרויסגעוויזן אַ בחור מיטן נאָמען וועלוול קריי־נאָוויטש, הי"ד.

*

אָבער אַזוי ווי טאַטע־מאַמע האָבן געטראַכט, אַז ס'איז אַ פאַרשפּילטער קאַמף, האָבן זיי זיך געווענדעט צו אַ באַקאַנטן קריסט, סאַשאַ, פון דאָרף נאָוואָסיאָלאָק, אַז ער זאָל קומען אין מיטן נאַכט אין וואַלד און מיטנעמען מיט זיך דאָס קינד, כדי אים אויסצובאַהאַלטן ביז די מלחמה וועט זיך ענדיקן. דערביי האָבן זיי אים איבערגעגעבן אַלס שכר, זייער פאַר־מעגן, וואָס זיי האָבן געהאַט פאַרגראָבן ביי אַן אַנדערן גוי אין אַ דערבייאיקן דאָרף.

ביינאַכט איז סאַשאַ געקומען אין וואַלד מיט אַ גרויסן לידיקן תבואה־זאַק, וו ער האָט אַריינגעלייגט סענדערן. סאַשאַ האָט פאַרבונדן דעם זאַק מיט אַ דיקן שטריק און אים פאַרוואָרפן אויפן אַקסל, שוין זייענדיק גרייט צו גיין צוריק אַ היים.

„אָבער ווי מיר האָבן דערזען, אַז סאַשאַ הייבט אָן צו שטעלן די ערשטע שריט", האָט מיר אַ פאַרוויינטע דערציילט די מאַמע, בעת איר מאַן האָט אויך מיטגעוויינט, „האָבן מיר אָנגעהויבן צו רייסן דאָס פלייש פון זיך און יוסף האָט אָנגעהויבן צו שרייען: „סענדער איז מיר אַזוי שווער אָנגעקומען, וועל איך אים אַזוי לייכט ניט אָוועקגעבן פון זיך".

דערהערנדיק אַזעלכע ווערטער איז דער קריסט געוואָרן צעטומלט. ער האָט זיך אָנגעהויבן צו צלמען און געזאָגט: „איך וויל ניט קיין עברות, גאָט וועט מיך שטראָפן, ווייל כ'האָב אייגענע קינדער, נאָט אייך צוריק אייער זון".

ווען מ׳האָט אויפגעבונדן דעם זאַק, איז סענדערל געלעגן מיט פאַרגלאָצטע אויגן און אויסגעדאַרטע ליפּעלעך, וואָס האָבן געלעכצט נאָך אַ טרונק. ס׳האָט זיך זיי אַלעמען געדאַכט, אַז זיין הערצעלע האָט אויפגעהערט צו קלאַפּן און אַז ס׳איז שוין נאָך אַלעמען... אָבער מיט געציילטע מינוטן שפּעטער האָט ער ווידער אָנגעהויבן אַרויסווייזן סימנים פון לעבן.

מיט אַמאָל האָבן זיך די עלטערן אַרומגעזען, אַז אין וואַלד האָט זייער קינד ניט קיין אויסזיכט צו בלייבן לעבן, האָבן זיי ווידער אָנגעהויבן בעטן דעם פויער, אַז ער זאָל סענדערן מיטנעמען. אָבער סאַשאַ האָט שוין פון דעם ניט געוואָלט הערן. „אייערע געווינען האָבן צעבראָכן מיין האַרץ און איך וועל אייער קינד פון אייך ניט צונעמען", האָט ער זיי געענטפערט.

ס׳זענען געמאַכט געוואָרן אַנדערע פאַרזוכן ווי אַזוי סענדערן אַרויסצונעמען פון וואַלד. ס׳האָט אַפילו פּאַסירט עטלעכע מאָל, אַז מ׳האָט אים „צוגעשטיקט", כדי ער זאָל ניט שרייען, ווען די דייטשן האָבן אַרומגערינגלט די „זיעמליאַנקעס". אָבער דאָס קינד איז אַרויס גאַנץ. אים איז געווען באַשערט, אַז ער זאָל דורכלעבן די מלחמה אין לובי־טשאַנסקער „פּושטשע" און אַרויסגיין מיט גאַנצע ביינער. ניט איין מאָל האָבן אים די עלטערן געזען אַ „טויטן", אָבער ס׳פלעגט ניט נעמען לאַנג און ער פלעגט זיך „אויס־טשוכען". ער האָט שוין געוווּסט, אַז ווען די דייטשן „סיסן", דאַרף ער „סוויגן".

אַ געוויסן טאָג, אין 1944, ווען סענדערס פאָטער איז אַוועק אין אַ דאָרף זוכן קאַרטאָפל און דאָס קינד איז געבליבן אין וואַלד מיט דער מוטער, זענען מיט אַמאָל אָנגעפאַלן די דייטשן. די יידן פון די אַרומיקע „גריבער" האָבן אָנגעהויבן צו לויפן. אין יענעם מאָמענט איז דאָס ייִנגל, מיט דער מאַמען ביי דער זייט, צוגעגאַנגען צו יעקב מאָלטשאַדסקי, וואָס ווױנט איצט אין טאָראָנטאָ, און אויסגעשריען: „ליבער יאַנקל, נעמט מיך מיט, כ׳וויל לעבן, האָט רחמנות, לאָזט מיך ניט איבער מיט דער מאַמען אַליין, מ׳ir וועלן דאָ אומקומען. איך זאָג אייך צו, אַז כ׳וועל ניט וויינען". סענדער האָט זיין וואָרט געהאַלטן.

ס׳האָט אויך פּאַסירט, אַז דאָס ייִנגעלע, וואָס פלעגט גיין אַרומגעוויקלט מיט שמאַטעס, איז אין אַ פראָסטיקן טאָג, אין וואַלד, אַריינגעפאַלן אין אַ ברונעם און ס׳איז גאַרניט געווען קיין לייכטע אַרבעט אים אַרויסצוציִען אַ לעבעדיקן. זיין מאַמע דערמאָנט זיך, אַז ווען מ׳האָט פון סענדערן אַראָפּגעצויגן די שמאַטעס, האָט זיך אויך אָפּגעשיילט די הויט.

*

און ווי זעט איצט אויס סענדער אָדער סענפאָרד? כ׳האָב אים געזען, ווען כ׳האָב זיך געטראָפן מיט זיינע עלטערן. ער איז אַ בחור אַ „קראַסאַוועץ" און האָט פיל מעלות: ער איז איידל, קלוג, אינטעליגענט און האָט אַ גוטן חוש פאַר הומאָר. מיידלעך זענען אים שטענדיק נאָכגעלאָפן, ער האָט אַ חן, וואָס קען באַצויבערן יעדן מיטשמועסער.

דער 24־יאָריקער בחור האָט גראַדואירט פון קווינס קאָלעדזש און האַלט ביים פאַר־ענדיקן געזעץ אין דער „ברוקלין לאָו סקול“. אַלע זיינע יאָרן איז ער אַן אויסגעצייכנטער סטודענט און אַרבעט אויך, כדי ער זאָל זיך קענען אַליין אויסהאַלטן און ניט דאַרפן אָנקו־מען צו די עלטערן, וועלכע לעבן, אגב, באַקוועם. ער איז זעלבשטענדיק, רעדט יידיש, אַזוי ווי ער וואָלט ערשט נעכטן געקומען פון בעליצע...

ווען כ׳האָב פאַרענדיקט מיין געשפּרעך מיט סענדערס עלטערן, איז שוין געווען איינס אַ זייגער פאַרטאָג, אויף דער גאַס האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט. לאַנגע מינוטן האָב איך געטראַכט וועגן דער איראָניע פון גורל...

איך האָב אויך געטראַכט וועגן דער ח׳צפּה, פון דער באָן־רעגירונג, וואָס בלויז צוואַנציק יאָר נאָכן סוף פון קריג, איז זי שוין גרייט צו געבן אַן אַמנעסטיע די דייטשע רוצחים פון יידישן פאָלק.

יוסף מאַיעווסקי

# א פאמיליע וואס האט איבערגעלעבט

## די צווייטע שחיטה אין זשעטל

גאַנץ פרי, ווי נאָר די זון איז אויפגעגאַנגען, האָט זיך געהערט אַ שרעקלעכער טומל אין דרויסן. די שחיטה האָט זיך אָנגעהויבן און עס איז שוין געווען צו שפּעט צו אַנטלויפן.

איך און מיין פרוי און קינד זיינען אַרויסגעלאָפן דורכן אונטערשטן פענצטערל אין גאָרטן אַריין ווו עס איז געווען צוגעגרייט אַ סכראָן. דאָרט איז שטענדיק געווען וואַסער, ברויט און אַ ליכט, ווייל דאָס קינד אונדזערס, סענדערקע, האָט מורא געהאַט צו זיצן אין דער פינצטער.

דער סכראָן, וואָס איז געמאַכט געוואָרן מיט צוויי חדשים פריער איז געווען זייער געלונגען מיט אַ ספּעציעל טירל פון בעטאָן. איך האָב געמוזט אַריינגיין דער לעצטער, כדי אַזוי צוצומאַכן דאָס טירל, אַז מען זאָל גאָרניט דערקענען. אין דעם מאָמענט איז צוגעקומען אַ שכן — אברהמל דער קאָזלאָוושטשינער און זיך געבעטן אים אַריינצולאָזן אין סכראָן. טראָץ דעם, וואָס עס איז ניט געווען גענוג פּלאַץ, איז ער אויך אַריין צוזאַמען מיט אונדז. מיר האָבן זיך פאַרשלאָסן און געבליבן רואיק זיצן אין סכראָן. במשך פון

לאַנגע שעהן האָבן זיך געהערט געשרייען. פּלוצלינג האָבן מיר דערהערט, אַז מען דער־נענטערט זיך צום סכראָן.

די רוצחים האָבן אַריינגעקוקט אין דעם נאָענטן קלאָזעט און איינער האָט אַפילו אַריינ־געוואָרפן אַ שוועבעלע נאָך דעם ווי ער האָט אָנגעצונדן אַ פּאַפּיראָס. אַן אָנגעצונדן שוועבעלע איז טאַקע אַריינגעפאַלן צו אונדז אין סכראָן. מיר זיינען געווען זיכער, אַז עס וועט אָנהויבן ברענען און מיר וועלן דאָ פאַרברענט ווערן. קיינער האָט זיך ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז אונטן איז אַ סכראָן און אַז דאָרט באַהאַלטן זיך אויס לעבעדיקע מענטשן.

דעם אַ טאָג זיינען מיר אויסגעזעסן אין פינצטערן קעלער און ווי עס איז נאָר געוואָרן טונקל, האָב איך באַשלאָסן, אַז ביי נאַכט מוזן מיר פון דאַנען וואָס שנעלער אַוועקגיין, ווייל צו מאָרגנס וועט די לאַגע זיכער ווערן ערגער: מען וועט זוכן די אויסבאַ־האַלטענע נאָך דעם ווי אַלע געכאַפּטע יידן אין די הייזער זיינען שוין טויט. אברהמל האָט געפרעגט ווּהין מיר רעכענען צו גיין. איך האָב געענטפערט אַז פריער דאַרף מען דורכלויפן דעם געטאָ און דאַן וועלן מיר זען. אברהמל איז אַרויפגעגאַנגען צו זיך אין שטוב אַריין כדי צו הערן אויב די פאַמיליע זיינע איז גרייט צו גיין און אויך זען צו



פון לינקס: די ברידער לייזער און יוסף מאַיעווסקי; אברהם רודניק (אביר), מאיר זאָגער

זיין פריינט, אַבע ווילינקע, איז נאָך פאַראַן. אַ פערטל שעה שפּעטער, איז ער צוריק־געקומען מיט דער נייעס, אַז דער סכראַן איז אָפן און קיינער איז נישטאָ.

די צייט איז געווען צו קורץ כדי צו מאַכן אַנדערע פּלענער. מיר זיינען גלייך אַוועק אין דער ריכטונג פון דער גאַס. עס איז געווען אַ שטילע נאַכט, מען האָט נאָר געהערט די טריט פון דעם רוצחישן זשאַנדאַרם, וועלכער איז אַרומגעגאַנגען אויפן פּאָסטן. טראַגנ־דיק דאָס קינד אויף די הענט, בין איך, מיין פרוי און אויך אברהמל פאַרביי שניידערס האָטעל. מיר זיינען דורך די גאַס — און בשלום צוגעקומען צום טייכל קאַנאַרעיקע. דאָרט זיינען מיר צעטומלט געוואָרן און אָנשטאָט איבערצוגיין דאָס טייכל אויף דער צווייטער זייט, זיינען מיר געגאַנגען לענג אויס און מיר זיינען דערגאַנגען ביז צו דער מיל, ווו דאָס וואַסער איז געווען טיף. אברהמל האָט עס באַמערקט און געזאָגט, אַז גייענדיק אַזוי, וועלן מיר אַריין צוריק אין שטאָט און אַריינפאַלן אין די הענט פון גזלנים. מיר זיינען דעריבער אַריין אין טייכל אין דער טיפעניש פון וואַסער, האַלטנדיק איינער דעם צווייטן פאַר די הענט. אַזוי זיינען מיר בשלום צוגעקומען צו די מאָגילקעס, וואָס פירן קיין בעליצע. אברהמל האָט געוואָלט בעסער גיין צו זיין געגנט — קאָזלאָווטשינע, ווו ער האָט געהאַט זאַכן ביי אַ קריסט און ער איז געווען זיכער, אַז מען וועט אים דאָרט אויסבאַ־האַלטן במשך דער קריג. ער האָט אויך אונדז צוגערעדט צו גיין מיט אים. איך האָב בעסער געוואָלט גיין אין דער ריכטונג פון בעליצע, מיט דער האָפענונג נאָך צו טרעפן וועמען פון דער פאַמיליע. איך האָב נאָך געהאַט 250 רובל, איך האָב זיך געטיילט מיט אים מיטן געלט און מיר האָבן זיך געזעגנט. ער איז אַוועק אין זיין וועג און מיר זיינען אַוועק אין אונדזער וועג, אין דער ריכטונג פון בעליצע.

צוקומענדיק צו זיקאָווטשינער הויף, האָבן מיר דערהערט טריט. מיר זיינען שטיין געבליבן. איך האָב געקלערט אַריינצולויפן אין דעם נאָענטן פעלד פון קאָרן. נאָר מיר איז איינגעפאַלן, אַז ס'קאָן זיין, אַז דאָס זיינען ניט קיין דייטשן, ווייל אַנדערש וואָלטן זיי געשאָסן אויף אונדז. ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צו די וואָס זיינען אונדז נאָכגע־גאַנגען, האָבן מיר דערזען בעליצער יידן, אַנטלאָפענע פון געטאָ. מיר האָבן זיך זייער דערפרייט מיט זיי. די מענטשן זיינען געווען: מוליע שימאַנאָוויטש מיט דער פרוי און קינדער ווי אויך לייזער קריינאָוויטשעס קינדער: וועלוול, מאַשקע און פייגל. עטלעכע קילאָמעטער האָבן זיי צוגעהאָלפן טראָגן דאָס קינד אונדזערס.

ביים דאָרף נאָוואָשיאָלקי האָט מיך מוליע געפרעגט וווהין מיר גייען. איך האָב אים געזאָגט אַז מיר גייען צום קריסט קאַשקאַ. מוליע האָט מיר געזאָגט, אז אויך ער גייט צו אים, אָבער ער ווייסט ניט צי ער וועט האָבן גענוג פּלאַץ פאַר אַלעמען? מוליע מיט זיין פאַמיליע זיינען אַוועק ווייטער או מיר זיינען צוגעקומען צו קאשקעס הויז און אָנגע־קלאַפּט אין פענצטער. ער האָט ניט געוואָלט עפענען און אונדז ניט אַריינגעלאָזט צו זיך.

עס האָט אונדז דאָן שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס מיר האָבן זיך צעשיידט מיט מוליעס פאַמיליע.



ראָדקע מאַיעווסקי

עס איז געבליבן ביי אונדז צו גיין אין וואַלד, נענטער צו בעליצע. די ערשטע נאַכט איז געווען שרעקלעך צו ליגן אונטער די רוישנדיקע בוימער. אין אונדזערע אויערן האָבן זיך נאָך געטראָגן די קולות און געשרייען פון די אומגליקלעכע קרבנות אין געטאָ, בעת מען האָט זיי געוואָרפן פון די הייזער און געשלעפט ווי די חיות צום טויט. די קעלט איז ביי נאַכט געווען זייער גרויס און מיר האָבן זיך געטוליעט איינער צום צווייטן. ריידן האָט מען מורא געהאַט, כדי מען זאָל אונדז ניט דערהערן. די טרוקענע צווייגעלעך פלעגן טרעשטשען ווען מען פלעגט מאַכן אַ שריט פאָרויס. נאָר דאָך האָט מען זיך געפילט זיכערער, ווייל עס איז דאָך אַ וואַלד און מען קען בעת אַן אָנפאַל אַנטלויפן.

גאַנץ פרי האָבן מיר זיך אויפגעכאַפּט און געהערט טריט ניט ווייט פון אונדז. דורך די געדיכטע קוסטעס האָבן מיר דערזען דורכגיין מענטשן און מיר האָבן דערקענט חיים ראובנס קינדער — נאַחקע און זיין שוועסטער פראַדקע מיטן מאַן און ברודער הענעך. מיר זיינען ניט געווען זיכער מיט דעם אָבער דאָך האָבן מיר געהאַפט, אַז עס איז נאָך עמעצער געבליבן לעבן. פון דעם אַליין איז געוואָרן אַ ביסל פריילעכער אויפן האַרץ. עטלעכע שעה שפּעטער זיינען פאַרבייגעגאַנגען: וויכנע חיים ראובנס פרוי און שרהקע איר

טאָכטער, מיר האָבן זיך זייער דערפרייט מיט זיי. איצט זיינען מיר זיכער געווען, אַז די, וואָס זיינען פריער פאַרביי זיינען געווען נאָחקע און זיין פאַמיליע. מיר זיינען צוגע־גאַנגען נענטער צו זיי און מיר האָבן אָפּגענומען אַ גרוס פון די, וועלכע זיינען געבליבן לעבן. זיי האָבן אויך אונדז דערציילט, אַז זייער זון הענעך איז פאַרווונדעט געוואָרן, ווען ער איז אַנטלאָפן פון געטאָ. מען מוז אים טראָגן, ווייל דער ווּנד איז אין פוס. וויכנע מיט שרהקען זיינען ניט געזעסן לאַנג מיט אונדז. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז דאָס קינד אונדזערס זאָלן אָנהויבן וויינען.

וויכנע האָט געזאָגט, אַז זי איז דורשטיק און וועט גיין צו אַ באַקאַנטן קריסט קריגן אַ ביסל זופּ. איך האָב זי געבעטן, זי זאָל ניט גיין אין מיטן העלן טאָג, עס דרייען זיך אַרום דייטשן און קריסטן און מען וועט איר כאַפּן. זי האָט אָבער ניט געהערט און איז אַוועק. אין אַ 20 מינוט שפּעטער איז זי געקומען צוריק מיט אַ קריסט. ער האָט געהייסן מאכנאַ און האָט מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן. איך האָב צו איר געזאָגט: „וואָס האָט איר געטאָן? ער וועט דאָך אונדז אַרויסגעבן און מען וועט אונדז דאָ אַלעמען אויסהרגענען". וויכנע האָט אונדז באַרואיקט, אַז ער איז אירס אַ גוטער באַקאַנטער און ער וועט ניט טון קיין שלעכטס. איך האָב אים אַוועקגעגעבן די לעצטע 150 רובל און געבעטן אים, ער זאָל אונדז גאָרניט טאָן און רחמנות האָבן אויפן קינד.

דער קריסט איז אַוועק און אין אַ שעה שפּעטער האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ שיסעריי אין וואַלד, איבער אונדזערע קעפּ. אונדזער סענדערל האָט זיך דערשראָקן און האָט אָנגעהויבן שטאַרק וויינען. ווי נאָר מען פלעגט אים צומאַכן דאָס מיילכל, פלעגט ער נאָך שטאַרקער שרייען. מען האָט אים צוגעשטיקט און דאַן איז די שיסעריי אויך געוואָרן שטילער. מיר האָבן באַשלאָסן וואָס שנעלער צו אַנטלויפן טיפער אין וואַלד. אַזוי לויפנדיק האָבן מיר געטראָפן יאַנקל און לייזשקע זלמן־יאַכעס זין, מיט זייער שוועסטער חיה־צערנע. איך האָב זיי שטאַרק געבעטן, אַז זיי זאָלן אונדז ניט איבערלאָזן, נאָר בלייבן אין איין קאַמפּאַניע. זיי זיינען געווען גאָטס שליחים פאַר אונדז און מיר זיינען טאַקע געווען די גאַנצע צייט צוזאַמען. פון דעם טאָג אָן האָט זיך פאַר אונדז אָנגעהויבן דאָס שרעקלעכע וואַלד־לעבן, ניט וויסנדיק קיין מאָל, וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען. קנאַפּע צוויי יאָר האָבן מיר דורכגעמאַכט אין וואַלד מיט אַנדערע לעבן־געבליבענע בעליצער יידן.

מיין ברודער דוד און די מומע און טאָכטער זיינען אומגעקומען אין דער צווייטער שחיטה. דער ברודער שלמה מיט זיין פרוי באַשקע און פייגל בן־ציונס קינדער זיינען אומגעקומען ביי אַ קריסט, ווו זיי זיינען געווען אויסבאַהאַלטן.

איך, מיין פרוי און מיין זון סענדער, ווי אויך מיין ברודער לייזער מיט זיין פרוי פערעלע האָבן איבערגעלעבט אין וואַלד. דער ייִנגסטער ברודער אשר האָט איבערגעלעבט די קריג ווי אַ סאָלדאַט ביי די רוסן. מיר אַלע לעבן אין אַמעריקע, אין ניו־יאָרק.

ח. ב. שזיב

# אין וואַלד מיט פּאַרטיזאַנער

## זשעטל איז „יודן־ריין"

די מאַסן־אַקציע פון פאַרניכטן אַלע אומגליקלעכע יידן פון געטאָ, האָט זיך אָנגעהויבן אויפן פרימאָרגן. די מענטשן האָבן זיך אויפגעוועקט פון שלאָף פון דער שיסעריי און די רוצחישע קולות. די פּאַניק איז געוואָרן גרויס, אַ בהלה, אַ געלויף, מען לויפט אַהין און צוריק, עס איז ניטאָ ווו זיך צו פאַרשטעקן. די הויפן און די גאַסן זיינען איבערפולט פון מענער, פרויען און קינדער, אַלע צעטומלטע, פאַרשלאָפענע. אַלע שטופן זיך צעשראָקענע, מיט בלייכע פּנימער, נענטער צום געטאָ־טויער אָדער צום הויכן שטעכיקן דראָט, מען זוכט אַ וועג צו אַנטלויפן פון דער שחיטה.

אַנדערע פּרוּוון זיך דורכרייסן דעם צעפּ פון דער געדיכטער וואַך, וואָס האָט אַרומגערינגלט דעם געטאָ און אַנטלויפן אין וואַלד אָדער אין די קאָרן פון נאָענטע פעלדער. אַ גרופּע יוגנטלעכע, בחורים און מיידלעך, זענען דעם צעפּ דורכגעלאָפן, אָבער עס איז געוואָרן אַ גרויסע שיסעריי אויף די אַנטלויפנדיקע און עס זיינען געפאַלן צענדליקער יונגע לעבנס פון דעם זשעטלער געטאָ.

ביז 9 אַ זייגער זיינען די רוצחים ניט אַריין אין געטאָ, זיי האָבן נאָר געשאָסן פון דער אַנדערער זייט צוים. ווען זיי האָבן באַקומען דעם באַפעל אַריינצוגיין, האָבן זיי צעבראָכן די הויכע צוימען און זיך אַריינגעריסן ווי ווילדע חיות אין די יידישע הייזער. די מערדער האָבן געטריבן אַלעמען אויפן מאַרק, דאָרט האָבן זיי אָפּגעסאָרטירט 2,220 פאַכלייט צווישן זיי 18 פרויען, וועלכע מ'האָט אָפּגעשיקט שפּעטער קיין נאָוואָגרודעק אין אַרבעטס־לאַגער. נאָך אַ 100 מאַן האָט מען געשיקט אויף אַרבעט קיין סמאָלענסק און וויטעבסק, ווו זיי זיינען כמעט אַלע אויסגעשטאָרבן פון הונגער. די אַלע איבעריקע יידן האָט מען געפירט אין קאָלאָנעס צום זשעטלער בית־עולם, ווו מען האָט זיי גרופּנוויז אַלעמען צעשאָסן. דאָס איז געווען דעם ערשטן טאָג פון דער שחיטה און די שפּעטערדיקע טעג פלעגט מען כאַפּן מענטשן פון די מאַלינעס, ברענגען זיי אין קינאָ, אָפּפירן אויפן בית־עולם און דאָרט צעשיסן. אין פאַרלויף פון 7 טעג האָבן די מערדער

געמאַכט זשעטל „יודן־רייך״, געלאָזן האָבן זיי נאָר איך ידישע דענטיסטין און דריי ספּעציאַליסטן פון אויסאַרבעטן לעדער.

## 40 נפשות אין איין מאַלינע

בעת די שחיטה האָט זיך אָנגעהויבן, זיינען די איינוווינער פון הויז אַרונטערגעגאַנגען אין דעם צוגעגרייטן קעלער, וואָס זיי האָבן פון פריער פאַרזאָרגט אויפן פאַל פון אַ שחיטה. דער אַריינגאַנג אין דער מאַלינע איז געווען פון הויף, נעבן א שטעלעכל פאַר אַ קליין ווייס ציגעלע, דאָס איינציקע פאַרמעגנס אין געטאָ, וואָס האָט געגעבן יניקה פאַר די קליינע קינדערלעך. אין זייט פונעם קעלער איז איינגעבויט געװאָרן אַ רער, כדי ס׳זאָל קאָנען אַריינגיין אַ ביסל לופט צום אָטעמען בעת מען וועט דאַרפן דאָרט זיצן. דער אַריינגאַנג פון קעלער איז געווען מחוץ די שטוב, אַז מען זאָל קאָנען אַנטלויפן, ווען מען וועט אַנטדעקן דעם אַריינגאַנג, אָדער אין פאַל, ווען אַ צינד־באָמבע וועט אָנצינדן דאָס הויז.

אין אָט דעם קעלער האָבן זיך אַריינגעשטופּט אַן ערך 40 נפשות, אָבער פּלאַץ איז נאָך געווען פאַר 25. די ענגשאַפט איז געווען גרויס, די לופט — געדיכט, און די קינדערלעך האָבן אָנגעפאַנגען צו וויינען און שרייען. איין מיידעלע איז גלייך דערשטיקט געוואָרן, ניט האָבנדיק קיין לופט צום אָטעמען. די עלטערן אירע, וועלכע האָבן אויך ניט געקאָנט אויסהאַלטן, זיינען אַרויסגעגאַנגען און זיך פאַרשטעקט אויפן בוידעם. די קריסטן, וועלכע האָבן געוווינט אין די הייזער האָבן זיי באַמערקט, איבערגעגעבן צו דער פּאָליציי און מען האָט זיי אויפן אָרט צעשאָסן. מיר האָבן געהערט אין קעלער די געוויינען בעת מען האָט זיי געשלאָגן און אַראָפּגעוואָרפן מיט געוואַלד פון בוידעם אויף דער ערד. די מערדער האָבן געהערט די געוויינען אין דער מאַלינע און פּרובירט געפינען דעם אַריינגאַנג.

די היץ אינעווייניק איז געווען אַזוי גרויס, אַז אַלע האָבן זיך געמוזט אויסטון נאַקעט. קיין שוועבעלע האָט ניט געוואָלט ברענען אין דער געדיכטקייט פון דער לופט. די פרויען פלעגן פאַלן אין חלשות און עס איז ניט געווען קיין טראָפּן וואַסער מיט וואָס צו מינטערן. דער פאָטער מיינער איז געוואָרן טויב און האָט ניט געהערט קיין וואָרט. אַזוי זיינען פאַרביי עטלעכע טעג און מען האָט ניט געזען קיין אויסזיכט זיך צו ראַטעווען, אָדער בלייבן לעבן, דאָ אין פינצטערן קעלער. דער ברודער און איך פלעגן יעדע נאַכט אַרויסגיין און ברענגען עפּעס צום עסן און וואַסער פון די צעשטערטע שכנותדיקע הייזער.

אין איינעם אַ פאַרטאָג בין איך מיטן פאָטער און ברודער אַרויסגעגאַנגען ברענגען וואַסער, ווייל די מוטער האָט זיך געפילט זייער שלעכט. דער ברודער איז אַריין אין שטוב, דער פאָטער — אויף זיין באַדערפעניש, און איך בין אַוועק אין שכנות־

דיקן הויז. דאָרט האָב איך געפונען וואַסער און גייענדיק צוריק אין דער מאַלינע, האָב איך דערזען ווי דער פּאָטער איז געשטאַנען אין טויער און גערעדט מיט אַ ווייסרוסישן פּאָליציאַנט. דער פּאָליציאַנט האָט ביי אים געפרעגט אויף דאָקומענטן און געהייסן גיין מיט אים צום בנין פון קינאָ. דער פּאָטער האָט זיך אָנגעהויבן בעטן ביי אים, דערציילט אים, אַז ער אַרבעט אין פאַבריק און צוגעזאָגט ברענגען אים אַ פּאָר שטיוול. דער מערדער האָט אָפּגעלאָזט דעם טאַטן מיינעם, וועלכער איז תיכף אַוועק און געבראַכט מיינע שטיוול. דער מערדער האָט זיי צוגענומען און איז אַוועק. עס איז שוין געווען טאָג אין דרויסן, ווען דער פּאָליציאַנט האָט זיך צוריקגעקערט מיט די שטיוול און גערופן: „אידזש וועזש טוואָיע בוטי, אָני זאַ מאַלע״ (גיי נעם דיינע שטיוול, זיי זיינען צו קליין).

מיין ברודער האָט עס צוגעהערט, איז ער תיכף אַריינגעגאַנגען אין דער מאַלינע און מיר האָבן זיך פאַרמאַכט. שפּעטער איז אָנגעקומען אַ גרופּע ס. ס.־לייט און געזוכט דעם אַריינגאַנג פון קעלער. זיי איז ניט געלונגען צו געפינען, האָבן זיי אַוועקגעשטעלט אַ ספּעציעלע וואַך צו היטן דעם קעלער און אונדז געפינען. עס האָט אונדז אַלעמען אַרומגעכאַפּט אַ גרויסע מורא. מיר האָבן זיך מיישב־געווען און באַשלאָסן אַוועקצוגיין אין דער קומענדיקער נאַכט. דערווייל איז אַרויס אַ בעליצער ווייבל (מלכה קרעמיען) ברענגען עפּעס עסן פאַר איר קינד. די וואַך האָט זי פאַרהאַלטן. זי האָט זיך אויסגעקויפט פאַר אַ גאָלדן זייגערל, און איז צוריק אַריין אין קעלער.

אין קעלער זיינען געווען 5 יינגלעך, וועלכע האָבן באַשלאָסן, ווי עס זאָל ניט זיין, מוזן זיי די נאַכט אַרויסגיין. מען האָט אָפּגערעדט, אַז אין פאַל, ווען עס וועט זיין שטיל, הייסט עס, אַז דער פּאָסט איז ניטאָ, און דעמאָלט דאַרפן אַלע אַרויסגיין און זיך צוזאַמענטרעפן אין אַן אָפּגערעדטן פּלאַץ אויסערן שטעטל. מען האָט צוגעוואַרט ביז האַלבער נאַכט און דאַן האָבן אַלע פינף יוגנטלעכע זיך האַרציק געזעגנט מיט זייערע פאַמיליעס, זיך שטאַרק אַרומגענומען, געקושט און געוויינט, אַזוי ווי דאָס האַרץ וואָלט געזאָגט, אַז דאָס זעט מען זיך צום לעצטן מאָל.

### 5 יוגנטלעכע אנטלויפן אין וואַלד

אין דער נאַכט פון מאָנטיק אויף דינסטיק דעם 11.8.42, נאָך 12 אַייגער, זיינען די 5 יוגנטלעכע אַרויס פון הויף און אָפּגעאָטעמט מיט פרישער זומערדיקער לופט. די נאַכט איז געווען זייער אַ שטילע, עס האָט זיך געהערט יעדער שאָרך פון די בלעטער אויף דיביימער. נאָך איניקע מינוטן וואַרטן, זיינען זיי שנעל דורכגעלאָפן די גאַס און צוגעקומען צו אַ גאָרטן ווו זיי האָבן זיך אויסגעלייגט און אָפּגעאָטעמט פון לויפן. זיי האָבן זיך אויפגעשטעלט און אַוועק אין דער פינצטערער טונקלקייט פון דער נאַכט ביז זיי זיינען צוגעלאָפן שנעל צום שטעכיקן דראָט. זיי זיינען איינער נאָכן צווייטן

דורכגעגאַנגען אויף דער צווייטער זייט פון געטאָ, אַראָפּגעריסן די געלע פּאַרבלוטיקטע לאַטעס און שנעל גענומען אַוועקגיין פון דעם אָרט. נאָך 10 מינוטן גאַנג האָבן זיי זיך שוין געפונען אויסער דער שטאָט, זיינען אַריין אין אַ פעלד פון קאָרן און געבליבן וואַרטן אויף דעם אָפּגערעדטן פּלאַץ. נאָך עטלעכע שעה וואַרטן, שטאַרק אומגעדולדיק, האָט אָנגעהויבן טאָגן. זיי זיינען אַוועק אין נאָענטן וועלדל און איבערגעזעסן דאָרט דעם טאָג. פאַרנאַכט זיינען זיי אַוועק צו אַ באַקאַנטן פּויער. זיי האָבן אים שטאַרק געבעטן, אַז ער זאָל גיין אין שטעטל זען וואָס הערט זיך.

דעם מאָרגנדיקן טאָג זיינען זיי ווידער געבליבן זיצן אין דעם זעלבן וועלדל, אומגעפער אַ פיר קילאָמעטער פון שטעטל. פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ שיסעריי פון מאַשין־געווער און זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז עס קומט פאָר אַן אָבלאַווע אויף אנטלוי־פנדיקע יידן פון געטאָ. פאַרנאַכט איז דער פּויער געקומען פון שטעטל און האָט איבער־געגעבן, אַז קיינעם פון די משפּחות האָט ער ניט געטראָפן אין קעלער, מען האָט זיי אַלעמען געכאַפּט, אַוועקגעפירט אין בנין פון קינאָ פון וואַנען מען וועט זיי אַוועקפירן צום פּלאַץ פון דער שחיטה. די 5 יוגנטלעכע האָבן געקלערט גיין צוריק אין שטאָט, אפשר וועט זיך איינגעבן צו ראַטעווען די משפחות. אָבער דער קריסט האָט געזאָגט, אַז ער ווייסט ניט גענוי, צי מ׳וועט זיי נאָך האַלטן ביז מאָרגן אָוונט. ער איז כמעט זיכער, אַז מאָרגן פרי וועט מען זיי אַוועקפירן צום טויט. צומאָרגנס איז ער ווידער אַוועק אין שטעטל און פאַרנאַכט זיינען זיי ווידער געקומען צו אים אין געוויר געוואָרן, אַז מען האָט זיי דעם טאָג אַוועקגעפירט צום טויט. דער איינאונאיינציקער בעליצער יוגנטלעכער (פייווע לאָזאָווסקי), פון דער גרופּע, וועלכער האָט זיך דאַן געראַטעוועט, האָט שפּעטער דערציילט, אַז מיין מוטער האָט זיך געבעטן ביי די גזלנים, מען זאָל אָפּלאָזן בלויז דאָס קלענסטע שוועסטערל און ניט פירן זי צום טויט, אָבער ס׳האָט גאָרניט געהאָלפן.

דעם 17.8.42 זיינען די 5 יוגנטלעכע אָנגעקומען אין לודזשיטשער וואַלד. ביינאַכט פלעגן זיי אַרויסגיין אין פעלד אָנקלייבן קאַרטאָפל און אין דאָרף ביי די פּויערים קריגן אַ שטיקל ברויט. איינמאָל זיינען זיי אַרויס ביינאַכט אין דאָרף און ניט ווייט פון וואַלד באַמערקט אַ גרופּע פון זשעטלער יידן, וועלכע זיינען געגאַנגען אין דער ריכטונג צום דאָרף. די יידן האָבן דערציילט וואָס ס׳הערט זיך און ווער ס׳האָט זיך געראַטעוועט און זיצט אויך אין דעם זעלבן וואַלד, ניט ווייט. זיי האָבן אויך דערציילט, אַז חיים־לייב באַטשקאָווסקי איז דערהרגעט געוואָרן נעבן בריק פון דאָרף מיעשילאָווצי, נאָכדעם ווי ער איז געפאָרן מיט די רוצחים אין בעליצע און זיי באַוויזן דאָס אָרט וווּ ער האָט באַ־האַלטן לעדער, טראָץ דעם וואָס זיי האָבן אים צוגעזאָגט דערפאַר שענקען דאָס לעבן.

די 5 יוגנטלעכע האָבן דעצידירט פאַרלאָזן דעם וואַלד און גיין אין די וועלדער אַרום בעליצע, דאָרט האָבן זיי געהאַט באַקאַנטע פּויערים. איינער האָט זיך זייער גוט אָריענטירט לויט די שטערן און דערפאַר האָבן זיי ניט געבלאָנדזשעט. בייטאָג פלעגן זיי

רוען אין וואַלד און אין די נעכט — גייק. במשך צוויי נעכט זיינען זיי דערגאַנגען ביז זאַטשעפּיטשער וואַלד, אויסגעמאַטערטע און דערשראָקענע פון מורא פאַרן טויט. אויף דער דריטער נאַכט זיינען זיי אָנגעקומען אין דאָרף קאַראַלי. דער הונגער האָט שטאַרק געדריקט, זיינען זיי אַוועק איבער די גערטנער אָנרייסן גרינסן צום עסן. אויפן פרימאָרגן זיינען זיי אָנגעקומען אין גרויסן וואַלד, ניט ווייט פון דאָרף זאַטשעפּיטש און איבער־געזעסן דעם טאָג אין דעם וואַלד. ווי נאָר עס איז געוואָרן פינצטער האָבן זיי באַשלאָסן צו גייך ביינאַכט צו אַ באַקאַנטן פויער אין דאָרף קאַרשאקי און בעטן ביי אים עפּעס צום עסן. קומענדיק צו אים האָט ער אַרויסגעטראָגן אַ שטיקל ברויט און אָנגעזאָגט, אַז זיי זאָלן וואָס שנעלער אַנטלויפן, ווייל ער האָט מורא געהאַט מיט זיי צו רעדן.

ניט ווייט פון ענדע דאָרף זאַטשעפּיטש, האָט מען זיי פּלוצלינג באַמערקט און אָנגע־הויבן שרייען אין רוסיש: „סטאָי, קטאָ אידיאָט״!״ (שטיי, ווער גייט). פון גרויס שרעק זיינען זיי אַלע געבליבן שטיין, טראַכטנדיק, אַז עס זיינען זיכער ווייסרוסישע פּאָליציסטן, וואָס טשאַטעווען אויף אַנטלויפנדיקע יידן פון געטאָ. „איינער פון אייך זאָל צוגיין צו אונדז און די איבעריקע זאָלן בלייבן שטיין, ניט באַוועגן זיך״, האָט באַפעלט זייער קאָמאַנדיר. דער עלטסטער פון די 5 יוגנטלעכע איז אַוועק צו זיי און דערזען אַ גרופּע (פון 18 מאַן), אַלע מיט ביקסן אין די הענט, אָבער אָנגעטאָן ניט אַזוי ווי די ווייסרוסישע פּאָליציסטן. ער האָט זיי דערציילט, ווער די 5 יוגנטלעכע זיינען און דאַן האָט דער קאָמאַנדיר אויסגערופן: „קומט אַלע אַהער נענטער און זעצט זיך, מיר זיינען רוסישע פּאַרטיזאַנער און האָט ניט קיין מורא״.

די פרייד איז געווען זייער גרויס, גאַרניט צום באַשרייבן, ממש פון טויט לעבעדיק געוואָרן. די יידן זיינען אַוועק די זעלבע נאַכט אין נאָענטן דאָרף נאָוואָסיאָלקי, אויפגע־קליבן אייער, ברויט, פּוטער, מילך און קומענדיק צוריק אויפגעלייגט אַ גרויס פייער, געקאָכט און געפּרעגלט. די פּאַרטיזאַנער האָבן די עטלעכע יידן זייער ליב געקראָגן. דער קאָמאַנדיר פלעגט שטענדיק זאָגן: „עסט, קינדערלעך, זעטיקט זיך אָן״.

נאָך 5 טעג, האָט זיך אַ גרופּע פון 11 פּאַרטיזאַנער אָפּגעטיילט און אַוועק אויף מזרח צום פראָנט. די יידן האָבן שטאַרק געבעטן, מען זאָל זיי מיטנעמען, אָבער דער קאָמאַנדיר האָט געזאָגט: „מיר קאָנען אייך ניט מיטנעמען, בלייבט דערווייל דאָ מיט דער צווייטער גרופּע״. עסן האָט מען געהאַט גענוג און ווייל הינטער די פּלייצעס פון די פּאַרטיזאַנער איז מען זיכער געווען, זיינען די יידן פאַרבליבן מיט זיי. אַ פּאָר טעג שפּעטער איז אויך די צווייטע גרופּע פון די 7 מאַן אַוועק און עס האָט ניט געהאָלפן קיין בעטעניש פון די יידן זיי מיטצונעמען. זיי האָבן געראָטן דער גרופּע צו גיין נענטער צו דער ליפּיטשאַנער פּושטשע, ווו מען קען טרעפן פיל פּאַרטיזאַנער. זיי האָבן זיי געהייסן מאַכן אַ ביקס פון האָלץ, וואָס וועט זיי באַשיצן פון טויט און געבן עסן... זיי האָבן זיך געזעגנט זייער העפלעך, געלאָזט די רעשטלעך פון עסן און זיינען אַוועק.

## צוויי יוגנטלעכע זוכן זייער פאָטער

די זעלבע נאַכט האָבן צוויי פון די 5 יוגנטלעכע פון דער גרופּע זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פון דער ליפּיטשאַנער פּושטשע. אויפן וועג, פּלעגן זיי אַריינגיין צו פּויערים אָנשטעלן דאָס הילצערנע געווער, נעמען עסנוואַרג, פרעגן דעם וועג און פאַרזעצן דאָס גיין ווייערס. נאָך עטלעכע נעכט זיינען זיי אָנגעקומען אין פּושטשע, דאָרטן זיינען שוין געוועזן עטלעכע יידישע פאַמיליעס, געוווינט אין ביידלעך פון סכך אָדער פון לייוונט. עס האָט זיך אויך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אַ קאַמפּס־אָטריאַד פון בלויז יידישע פּאַרטיזאַנער, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון הירשל קאַפּלינסקי פון זשעטל. דער אָטריאַד האָט שוין דאַן געציילט בערך 150 מאַן. די 2 יוגנטלעכע פון דער גרופּע האָבן דעצידירט אָנצושליסן זיך אין די רייען פון אָטריאַד, נעמען נקמה פאַר זייערע נאָענטסטע און טייערסטע.

די פראַגע איז אָבער געשטאַנען: ווו נעמט מען ביקסן? איינער פון די צוויי איז אַוועק מיט אַ חבר צו די יידן פון דערעטשינער לאַגער, קויפן דאָרט געווער. שפּעטער זיינען ביידע יוגנטלעכע אַוועק צו באַקאַנטע זשעטלער יידן הערן נייעס וועגן יידן, וועלכע זיינען אַנטלאָפן פון זשעטל און געפינען זיך אין דוואָרעצער געטאָ. מען האָט דאַן דערציילט, אַז עס זיינען געקומען אין וואַלד צוויי בעליצער מיידלעך פון די בעליצער פאַמיליע־לאַגערן. בעליצער יידן האָבן זיך אויך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אין זאַטשעפּיצער וועלדער ניט ווייט פון בעליצע. צוליב דעם זיינען די 2 יוגנטלעכע אַוועק צו זיי אין אָטריאַד און אָפּגענומען אַ לעבעדיקן גרוס פון זייער פאָטער, וועגן וועלכן מ׳האָט זיי דערציילט, אַז ער לעבט און געפינט זיך אַליין אין וואַלד, ניט ווייט פון דאָרף באַנדארי. פריער איז ער געווען דאָרט מיט דער משפחה, נאָר איצט איז ער אַליין ביי באַקאַנטע קריסטן.

די 2 יוגנטלעכע זיינען נאָך אין דער זעלבער נאַכט אַוועק אין זאַטשעפּיצער וואַלד זיך דערוויסן וועגן זייער פאָטער, ווי אויך זיך צו זען מיט בעליצער יידן. מיט זיי זיינען אויך געגאַנגען צוויי באַוואָפנטע זשעטלער בחורים, צוויי נעכט זיינען זיי געגאַנגען ביז זיי זיינען געקומען צו אַ שטוב אין וואַלד — די שטוב פון פּויער שאַוועל, וועלכער איז געווען דער פאַרבינדלער פון די יידן (זיין שטוב איז געווען זייער נאָענט פון די ביידלעך פון בעליצער פאַמיליע־גרופּעס). דער פּויער, כאָטש ער האָט זיך שטאַרק דערשראָקן פאַרן געווער, האָט אָבער בשום אופן ניט געוואָלט דערציילן וועגן די יידן. ער האָט געטענהט, אַז ער ווייסט פון קיין זאַך ניט. פאַר־טאָגס, האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף נאָך אַ שטוב אין וואַלד, אָבער אויך דער פּויער האָט זיך אָנטזאגט צו ענטפערן אויף די פראַגן וועגן יידן. בלויז, ווען די זון האָט אָנגעהויבן אויפגיין, האָבן זיי באַמערקט אַ רויך — אַ סימן פון נאָענטע ביידלעך. לויט דעם רויך זיינען זיי אַוועק און געטראָפן ביז

צו די בידלעך. ניט ווייט פון די בידלעך האָבן זיי באַמערקט יוסף לאַזאָווסקי. ער האָט זיי געבראַכט צום פייער ווו ס׳האָט זיך קאָנצענטרירט די שארית הפליטה פון בעליצע און זיי דערציילט וועגן זייער פאָטער, אַז ער האָט זיך געפונען אַ לענגערע צייט מיט חיים־ראובנס משפחה און שפּעטער איז ער אַוועק ניט ווייט פון באַנדארי און לעבט דאָרט איינער אַליין. הרצל־זלמנס האָט אַנגעוויזן אַהין — דעם וועג און אַרויסגעפירט זיי צום הויפּט־טראַקט, וואָס האָט געפירט צום דאָרף מיעשילאָווצי. נאָך אַ פּאָר טעג וואַנדערן איבער די וועלדער זיינען זיי אָנגעקומען אין דאָרף מיעשילאָווצי, אַריין אין דער ערשטער שטוב פון אַ באַקאַנטן פויער, וועלכער האָט זיי אַריבערגעפירט איבערן טייכל מאַל־טשאַצקע. די זיינען אַוועק מיטן טראַקט, וואָס האָט געפירט אין דער ריכטונג צו באַנ־דאַרי. דעם טאָג זיינען זיי געבליבן זיצן אין וואַלד און אין אָוונט, ווען ס׳איז געוואָרן טונקל, זיינען זיי אַריין אין דאָרף צו אַ באַקאַנטן פויער. ער האָט זיי דערציילט, אַז דער פאָטער איז דאָ געווען אַ פּאָר מאָל און האָט גענומען ברויט, ער האָט געשלאָפן אין שייער פון שכן, אָבער ווו ער געפינט זיך אין וואַלד ווייסט ער ניט. זיינען זיי אַריין צום שכן און ער האָט זיי געעצהט צו וואַרטן די נאַכט, אפשר וועט דער פאָטער קומען נאָך ברויט.

די נאַכט איז פאַרביי, אָבער דער פאָטער איז ניט געקומען, האָבן זיי אָפּגערעדט מיטן פויער זיך צו טרעפן אין וואַלד און צוזאַמען מיט אים זוכן לויט די שליאַדן. עטלעכע שעה זיינען זיי אַרומגעגאַנגען איבערן וואַלד, גערופן און געשריגן, אָבער „אין קול ואין עונה". אַזוי אויך דעם צווייטן און דריטן טאָג. נאָך אַ פּאָר וואָכן זוכעניש, האָט גענומען שטאַרק רעגענען, די 2 יונגנטלעכע האָבן זיך צוגעטוליעט איינער צום צווייטן, געזעסן אויף דער קאַלטער און נאַסער ערד און דער רעגן האָט אויף זיי געגאָסן טאָג און נאַכט. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט אויפגעהערט צו רעגענען, זיינען זיי אַוועק צוריק אין דאָרף, ווידער צום זעלבן פויער, וועלכער האָט דערציילט, אַז ער האָט געהערט פון בעליצער מיעשטשאַנעס, אַז דער פאָטער געפינט זיך אויפן פאַראַם פון טייך ניעמאַן. עס איז אַוועק אַ וואָך צייט און אויפן פאַראַם האָבן זיי אים אויך ניט געטראָפן, ווייל בשעת זיי פלעגן קומען ביינאַכט איז שוין דער פאַראַם געווען איבערגעשווומען אויף דער צווייטער זייט. איינמאָל פאַרנאַכט, ווען זיי זיינען צוגעגאַנגען צום דאָרף, האָט דער אויבנדערמאָנטער פויער זיי געטראָפן און דערציילט, אַז דער פאָטער זייערער געפינט זיך איצט אויפן פאַראַם. זיינען זיי געלאָפן אָן אָטעם צום טייך און קומענדיק אויפן אָרט דערזעען דאָרט פיל פויערים און צווישן זיי טאַקע — דער פאָטער. טרערן האָבן זיך זיי געשטעלט אין די אויגן אָבער קיין וואָרט האָבן זיי ניט געקאָנט אויסרעדן אויס מורא פאַר די פויערים, כאָטש אויפן האַרצן האָט זיך צונויפגעקליבן גאָר פיל צום דערציילן אין משך פון די צוויי חדשים, וואָס זיי האָבן געזוכט זייער פאָטער.

## אין די בעליצער ביידלעך

דער פֿאָטער איז געווען אָפּגעריסן, אין אַלטע שמוציקע קליידער, פֿאַרוואָקסן מיט אַ לאַנגער באָרד. דער רעכטער פוס איז געווען ביי אים פֿאַרשטאָכן פון אַ דראָט און דער ווונד האָט געאייטערט, ער האָט געמוזט גיין מיט אַ שטעקן. די ערשטע אויפגאַבע איז געווען אויסהיילן אים דעם ווונד אויפן פוס, כדי צו קאָנען פאָרזעצן דעם ווייטערדיקן וועג.

דער פֿאָטער האָט דערציילט זיינע קינדער, וואָס עס האָט פּאַסירט נאָכדעם ווי מען האָט זיי געכאַפּט אין קעלער, אין וועלכן זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, בעת דער מאַסן־שחיטה אין זשעטלער געטאָ. יענעם דינסטיק האָט אַ פויער גערויבט פון שטוב די איבערגעבליבענע זאַכן, איז אַריין אין שטעלעכל און האָט צוגענומען דאָס ציגעלע, וואָס איז געשטאַנען אויפן טירל פון דער מאַלינע. דער פויער האָט זיך אָנגעשטויסן אויפן אַריינגאַנג, וואָס איז געווען אָפן כדי ס׳זאָל אַריין פרישע לופט. ער איז גלייך אַוועק רופן די פּאָליציי. די מערדער האָבן אַנטדעקט די מאַלינע און אַלעמען אַרויסגעפירט אויפן הויף, אָבער אים האָט זיך איינגעגעבן אויסצובאַהאַלטן זיך אונטער דער וואַנט פון הויז. נאָך איין ייד איז מיט אים אַריינגעלאָפן אין שטוב און ביידע האָבן זיך פֿאַרשטעקט. בעת די איבעריקע האָבן די מערדער אַוועקגעפירט אין קינאָ, צווישן זיי אויך די מוטער און יינגערע שוועסטערל ע״ה.

אויפן צווייטן טאָג האָט מען אַלעמען אַרויסגעפירט הינטערן שטעטל און צעשאָסן (כ״ה אב, 1942 יאָר). עס זיינען דאָן אומגעקומען הונדערטער יידן, צווישן זיי פיל בעליצער: יצחק קאמעניעצקיס פרוי כאַסיע און זונעלע אלינקע; איר שוועסטער ביילקע און זון חיימקע; חיה־גיטל לאָזאָווסקי און דריי קינדער; פּייווע סאַוויצקיס פרוי דבורהקע און טעכטערל לאהלע א״אַ.

ער אַליין, האָט דער פֿאָטער פאָרגעזעצט דערציילן — איז געבליבן פֿאַרשטעקט אונטער דער וואַנט ביז די אויטאָס זיינען אָפּגעפאָרן, דאַן איז ער אַרויפגעקראָכן אויפן בוידעם פון אַ שכנותדיקן הויז וו: ער האָט זיך פֿאַרשטעקט הינטער אַ גרויסן שפיגל. ווען עס איז געוואָרן פינצטער, זיינען אַרויף אויפן בוידעם קריסטן־רויבער. צום גליק האָבן די רויבער אים ניט באַמערקט און זיינען אַוועק. ווען עס איז געוואָרן גוט פינצטער איז ער אַראָפּגעגאַנגען פון בוידעם און אַוועק אין דער ריכטונג פון בעליצע. נאָך צוויי טעג גאַנג איז ער געקומען אין זאַטשעפּיצער וואַלד. אין דאָרף זאַטשעפּיטש האָט ער זיך געטראָפן מיט נחמנען, וועלכער האָט זיך דערפרייט מיט אים און אים צוגענומען צו זיך אין ביידל צוזאַמען מיט דער משפחה. ער האָט אָבער ניט געקענט זיצן און עסן פון זייערס ניט קענענדיק קיין זאַך שאַפן פאַר זייערטוועגן. עס האָבן גענומען אָנקומען קאַלטע נעכט, ער האָט ניט געהאַט מיט זיך קיין זאַכן צום אָנטון, האָט ער באַשלאָסן גיין

נענטער צו זיינע באַקאַנטע פּויערים און געווען זיכער, אַז זיי וועלן אים אויסהאַלטן. אַזוי איז ער אָנגעקומען צום פּאַראָם און דאָרט אַן איינזאַמער זיך אויפגעהאַלטן ביז זיי האָבן אים אויפגעזוכט.

ווען דער פֿאָטער איז געקומען צו זיך נאָך זיינע איבערלעבענישן, האָט זיך גענומען פילן בעסער און די וווּנד איז פאַרהיילט געוואָרן, האָבן אַלע דריי באַשלאָסן גיין צוריק צו די ביידלעך פון דער בעליצער גרופּע. אַרום האַלבער נאַכט זיינען זיי צוגעקומען צום טייכל מאַלטשאַדקע, די וועטערן זיינען שוין געווען קאַלטע און אַ ווייס פּרעסטל האָט באַדעקט די ערד. קיין לאָדקעס צום אריבערפּראַווען זיך איבערן טייכל איז ניט געווען, האָט מען געמוזט זיך אויסטון און גיין אין „בראָד" דורכן טייך נאַקעט, כדי צו ברענגען אַ לאָדקע פאַרן פאָטער פון דער צווייטער זייט. דאָס קאַלטע וואַסער האָט געשניטן דאָס לייב אַזוי ווי מעסערס, אַרויסגייענדיק אויפן ברעג האָט געטרייסלט פון קעלט און עס האָבן געברענט די פיס פון פראָסט. אויף דער צווייטער זייט טייך, ניט ווייט פון דאָרף מיעשילאָווצי, האָבן זיי זיך אָנגעוואַרעמט אַ ביסל, זיך אָפּגעטריקנט, און אַוועק ווייטער ביז זיי האָבן דערגרייכט די ביידלעך פון דער גרופּע. עס איז געווען אין אַ וועלדל, ניט ווייט פון דעם פּויער שאַוועלס כוטאָר נעבן מאַיאַק, אַרומגערינגלט מיט די פעלדער פון זבלאַנער דאָרף, אויפן ברעג פון טייך ניעמאַן. לענג אויס די ברעגעס פון ניעמאַן האָבן זיך געצויגן לאַנגע קילאָמעטערס ברייטע לאָנקעס, דובאָווע וועלדער און בעריאָזעווע וועלדלעך.

די ביידלעך זיינען געווען קאָנצענטרירט אין אַ געדיכט וועלדל, ווייט פון וועג. זיי זיינען געווען פון ערד אָדער פון סכך פון די יאָלאָוועביימער. ביי יעדן ביידל איז געווען אַ פייערפּלאַץ ווו מען פלעגט קאָכן דאָס עסן, ווי אויך אָנוואַרעמען די קאַלטע ביינער. שלאָפן פלעגט מען אויף דער ערד, אונטערגעשפּרייט מיט אַביסל שטרוי.

אין דער גרופּע האָט זיך געפונען כמעט די גאַנצע שארית-בעליצע, אַלע האָבן זיך דערפרייט מיטן אָנקומען פון נאָך 3 בעליצער אָפּגעראַטעוועטע יידן, וועלכע האָבן גענומען בויען פאַר זיך ביידלעך ווו דעם קאָפּ צו לייגן. דער פאָטער איז געווען גליקלעך צו זיין צוזאַמען און זיך מער ניט וואַלגערן איינער אַליין אין גרויסן וואַלד. מען האָט טאָג און נאַכט גערעדט און דערמאָנט די בלוטיקע געשעענישן, עס האָבן זיך ניט אויסגענומען די רייד. ווי עס פלעגט קומען די נאַכט, האָבן זיך אַלע יונגע בחורים געקליבן גיין אין די אַרומיקע דערפער צו באַקאַנטע פויערים, כדי זיך איינשאַפן ביי זיי עסן און אָנטועכץ.

ווען די רעגנס און שנייען האָבן זיך גענומען שטאַרקן און ס'איז ניט געווען מער מעגלעך צו לעבן אונטערן פרייען הימל, האָט מען גענומען בויען זיעמליאַנקעס. סוף יאָר 1942, אין אַ שווערן שניי און פראָסט, האָט פּייווע סאַוויצקי ע"ה געפונען אין וואַלד אַ פאַסיקן פּלאַץ, ווו אין דריי טעג האָט מען געהאַט פאַרטיק געמאַכט אַ זיעמליאַנקע. ביי

אַ פֿויער האָט מען געקראָגן אַן אײַזערן אײַוועלע צום הייצן און אַלע פֿלעגן זיך מחיה־זײַן מיט דער וואַרעמקייט. אין אַ קורצער צײַט אַרום זײַנען צוגעקומען נאָך עטלעכע משפחות און עס איז געוואָרן אַ גאַנץ שטעטל.

זייער אָפֿט פֿלעגן צוקומען געראַטעוועטע ייִדן פֿון דער דוואָרעצער שחיטה, צווישן זיי זײַנען געווען צוויי בעליצער מיידלעך, ווי אויך רחל איצקאָוויטש, שמואל־שמעון בורשטיין (שמואל־שמעון דעם שניידערס אייניקל), ר׳ יאָשע וואָלקאָווסקי (משה־צאַליע לייבס זון) און איטשע־יאַנקל דעם שניידערס אַן איידעם. די מיידלעך האָבן שפּעטער געפֿונען זייערע פֿאַמיליעס און אַוועק צו זיי, אָבער די דריי עלנטע מענטשן האָבן ניט געהאַט צו וועמען זיך צו טוליען און האָבן אַליין אויסגעבויט אַ זיעמליאַנקע פֿאַר זיך. ר׳ יאָשע האָט געהאַט פֿיל באַקאַנטע פּויערים אין די דערפֿער און פֿלעגט העלפֿן די צוויי מענטשן, וועלכע זײַנען געווען מיט אים.

דעם 15.7.42 זײַנען זיי אַלע דריי אַוועק אין דאָרף סטאָק זיך שאַפֿן עפּעס צו עסן. בשעת זיי זײַנען צוריק געגאַנגען, זײַנען זיי אַרײַנגעקומען אין דאָרף זבלאַן, וווּ די זעלבע נאַכט איז אָנגעפֿאַרן אַ קאַרנער אָטריאַד פֿון לאָטישן. די וואַך האָט זיי פֿאַרהאַלטן און געפֿרעגט, ווער זיי זײַנען, האָט דער אַלטער יאָשע געענטפֿערט: סוואָי (אייגענע). די מערדער האָבן זיי געכאַפּט און דערשאָסן אויפֿן אָרט. און די קריסטן האָבן זיי באַערדיקט אויף דעם זעלבן פּלאַץ.

## די אָבלאַווע הייבט זיך אָן

ניט לאַנג האָט געדויערט און עס איז דערגאַנגען די נייעס, אַז אַלע נאָענטע דערפֿער אַרום זײַנען באַזעצט מיט דײַטשן און אוקראַינער. עס איז ניט געווען ווו צו אַנטלויפֿן צוליב די קעלטן און פֿרעסט, פֿונדעסטוועגן איז מען דאָ געווען זיכערער ווי אין געטאָ, כאָטש מען האָט אויך דאָ געוואַרט יעדן טאָג אויף די גזלנים, געווען אויף דער וואַך, זיך צוגעהערט און אָבסערווירט די וועגן אַרום וואַלד.

דעם 20.12.42 האָט זיך דערהערט אַ נאָענטע שיסערײַ פֿון מאַשין־געווער. ניט ווײַט פֿון דער זיעמליאַנקע פֿון חיים־ראובנס משפּחה. עס האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט אַ גרויסע שרעק. צעוואַרעמטע פֿון שלאָף האָט מען זיך שנעל אָנגעטון און מען איז זיך צעלאָפֿן אין אַלע זײַטן. דאָס שיסערײַ האָט זיך פֿאַרשטאַרקט און ווען די קולות פֿון די צעווילדעוועטע מערדער האָבן זיך דערנענטערט, האָבן זיך אַלע אַרײַנגעכאַפּט אין אַ מאַלינע און געבליבן דאָרט זיצן אַ גאַנצן טאָג. אין אָוונט האָבן נחקע מיט זײַן גאַנצער משפּחה, ווי אויך אַלע אַנטלויפֿנדיקע זיך צוריקגעקערט. ס׳האָבן געפֿעלט: זײַן מוטער וויכנע און חיים שעליובסקי (וועלוול דעם נאַהאַראַדאָוויטשערס אַ זון), וועלכער איז אומגעקומען. נחקע האָט דערציילט, ווי אַזוי עס איז פֿאָרגעקומען: די מערדער וואָס

זיינען געגאַנגען מיטן וועג, האָבן באַמערקט די ווייסע וועש, וואָס האָט זיך געטריקנט אויפן בערגל און דאָס האָט זיי געבראַכט ביז דער זיעמליאַנקע; די ווילדע געשרייען האָבן זיי אויפגעוועקט און זיי איז געלונגען זיך צו ראַטעווען; אין זיעמליאַנקע איז געבליבן די אַלטע מוטער וויכנע און חיים, וועלכע האָבן שוין ניט געהאַט קיין צייט צו אַנטלויפן, זיי זיינען דערשאָסן געוואָרן אין זיעמליאַנקע; שפּעטער האָבן די מערדער אַריינגעוואָרפן אַ ציינד־באָמבע.

אין יענעם אָוונט, ווען ס'איז געוואָרן גוט פינצטער, האָט מען דערהערט דאָס געוויין פון אַ קינד אין וואַלד. צוקומענדיק נענטער האָט מען געפונען רחלע ביילקעס (די נאַהאָראַדאָוויטשער) ליגנדיק אויף דער קאַלטער ערד, קוים געזשיפּעט. נאָכדעם ווי זי האָט עפּעס געגעסן און זיך אָנגעוואַרעמט האָט מען זי, די זעלבע נאַכט אַוועקגעפירט צו איר מוטער אין דאָרף קאָסקי, דאָרט האָט זי זיך אויסבאַהאַלטן ביי אַ באַקאַנטן קריסט (דער מילנער פון דאָרף).

ווען די אָבלאַווע איז געגאַנגען אין פולן ברען, האָבן זיך אַלע מיישב־געווען און באַשלאָסן גיין אויף דער צווייטער זייט ניעמאַן, פּשוט, ווייל דאָרט איז געווען רואיקער און אויך, ווייל עס האָבן זיך דאָרט געפונען אַ סך באַקאַנטע פּויערים.

ס'זיינען דאַן אַוועקגעגאַנגען: ברוך קראַסנאָסיעלסקי ז"ל, בערל סטאַצקי, פּייווע און לאַזער־מאיר סאַוויצקי, שלום קראַסנאָסיעלסקיס פרוי מיט צוויי קינדער און נחקע באַראַנטשיק. מען האָט זיך אָפּגערעדט צו טרעפן יעדע נאַכט אין דער זיעמליאַנקע און פּאַרטאָג ווידער אַריבערגיין דעם ניעמאַן און זיין דעם טאָג אין שטילקייט. די באַשרי־בענע משפחה און די צוויי ברידער סאַוויצקי זיינען אַוועק אין אַ קליין וועלדל ניט ווייט פון בעליצע. די וועטערן זיינען געווען נאַסע האָט מען אין די נעכט זיך אַריינגע־גנבעט אין אַ לײדיקער שטוב, אָדער אַ דערבייאיקן שייער.

בעליצער יידן, אַנטלאָפענע פון פּושטשע, אויסגעהונגערטע און נאַקעטע, האָבן דערציילט, אַז די מערדער האָבן זיך אַריינגעכאַפּט אין פּושטשע און האָבן דאָרט אַלץ חרוב געמאַכט. זיי האָבן פאַרברענט אַלע אַרומיקע דערפער מיט די מענטשן צוזאַמען, די פּאַרטיזאַנער־לאַגערן האָבן זיי אויפגעריסן און די ביידלעך פון די יידישע גרופּעס — פאַרברענט. זיי האָבן אויסגעהרגעט פיל יידן, צווישן זיי איז געווען די בעליצער פרוי רבקה קושעלעוויטש (אידל־זלמנס ווייב), ווי אויך צוויי בעליצער יונגעלייט — מענדל האַלפּערן (ישראל־אברהמקעס זון) און ישראל־איטשע דזשענטשעלסקי.

אין דער זעלבער צייט זיינען אָנגעקומען אין וואַלד פיל יידישע פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן פאַרלוירן זייערע אָטריאַדן אין דער צייט פון דער אָבלאַווע, צווישן זיי זיינען געווען פיל בעליצער בחורים און מיידלעך. מידע, אויסגעמאַטערט פון צרות און פחד, האָבן די העלדישע יונגע קעמפער זיך אינגאַנצן געענדערט.

איינער פון זיי איז געווען דער זון פון דער אומגעקומענער וויכנע באַראַנטשיק,

ער האָט געהייסן הענעך און האָט זיך געריסן נקמה צו נעמען אין די מערדער. אַרויסגייענדיק פון געטאָ איז ער פּאַרוואונדעט געוואָרן אין רעכטן פוס, האָט זיך לאַנג געהיילט אין די שווערע וואַלד־באַדינגונגען ביז ער איז געזונט געוואָרן. ער איז אַוועק פּרייוויליק קעמפן אין אַ יידישן אָטריאַד און איז געקומען אַהער מיט זיין גרופּע. געראַטעוועט זיין לעבן אין פּושטשע. אָבער דאָ איז באַשערט געווען דעם העלד אומצוקומען מיט זייער אַ שווערן טויט. דער הונגער האָט שטאַרק געדריקט, זיינען די יונגע בחורים געצוווּנגען געוואָרן צו גיין אין דעם נאָענטסטן דאָרף נאָוואָסיעלסקי זוכן עפּעס צום עסן. זיי זיינען נאָר אַריין אין דאָרף, האָבן די פּויערים געעפּנט אויף זיי אַ פייער פון קוילן.

די גאַנצע גרופּע איז זיך צעלאָפן אין וואַלד, אָבער הענעכן האָט געטראָפן אַ קויל אין רעכטן אויג. לאַנגע שעהן האָבן זיך געהערט אין וואַלד די געשרייען פון שטאַרבנדיקן העלד און אין גרויסער ווייטיק איז ער אויסגעגאַנגען. אַ נאַכט דערנאָך האָבן אים זיינע חברים מקבר־געווען אין וואַלד ניט ווייט פון זיין מוטערס קבר.

אין יענע טעג איז אומגעקומען ברוך קראַסנאָסיעלסקיס שוועגערין הענקע מיט אַ שרעקלעכן טויט, צוזאַמען מיט אירע צוויי קליינע קינדערלעך. זיי זיינען געקומען אין וואַלד פון דוואָרעצער געטאָ און געלעבט צוזאַמען מיט ברוכן אין איין זיעמליאַנקע, אַנטלויפנדיק איבערן ניעמאַן, ווען דאָס איז האָט גענומען צעגיין זיינען ברוך מיט הענקען און די קינדער אַדורך דעם ניעמאַן בשלום און זיינען עטלעכע טעג געזעסן אין קוסטעס אויף דער צווייטער זייט טייך. צוריקגייענדיק איז הענקע מיט די קינדער געגאַנגען פאָרויס פאָרזיכטיק איבערן אייז און עס איז זיי געלונגען איבערצוגיין דעם טייך. פּלוצלינג האָט זיך דער אייז איינגעבראָכן און ברוך, וועלכער איז געגאַנגען פון הינטן האָט גענומען זינקען אין קאַלטן וואַסער. ער האָט גענומען שטאַרק שרייען, איז הענקע צוגעלאָפן אים ראַטעווען און דאָס וואַסער האָט איר אויך אַריינגעשלעפּט. די קינדער האָבן זיך שטאַרק דערשראָקן און זיינען געלאָפן ראַטעווען די מאַמע און דאָס רוישיקע וואַסער האָט זיי אַלע דריי איינגעשלונגען. ברוך האָט זיך לאַנג געראַנגלט מיטן טויט, ביז זיינע הענט זיינען פאַרגליווערט געוואָרן פון קעלט. פּויערים פון נאָענטן דאָרף האָבן געהערט זיינע קולות, אָבער קיינער איז אים ניט געקומען צו הילף. נאָך גרויס מאַטערניש איז אים דאָך געלונגען זיך אָנצוכאַפּן אין אַ שטיק אייז און ער האָט זיך אַרויסגעריסן פון שטאַרקן שטראָם. ער איז געלאָפן אין וואַלד (צו טרייטשיכן) ווו ער האָט זיך דערוואַרעמט און איז געקומען צו זיך.

## אין קאַמף פאַרן לעבן

די אָבלאַווע איז ווייטער געגאַנגען, אָבער בלייבן אויף דעם פּלאַץ איז געווען אוממעגלעך. מען האָט נאָך אַלץ גערעדט, אַז די דייטשן וועלן צוריק קומען אין די

וועלדער. זיי, די גרופּע, איז צוריק אַוועק אויף דער צווייטער זייט ניעמאַן, דאָס מאָל איז מיט זיי געגאַנגען נחמן באַראַנטשיק. זיי זיינען געווען טויט־מיד פון וואָגלעניש און אויך הונגעריק. פונדעסטוועגן האָבן זיך געפונען כוחות און זיי האָבן זיך דערשלעפּט ביז דעם פּאַראַמשטשיקס לייריקן שטיבל, וואָס איז געשטאַנען ביים ברעג ניעמאַן, ניט ווייט פון בעליצע. דער שניי האָט באַדעקט די ערד אַרום, און זיי זיינען געבליבן איבערנעכטיקן אין דער „כאַטקע". נחמן האָט אָנגעהייצט אין אויוון און מען האָט זיך דערוואַרעמט. פאַרטאָג האָבן זיי זיך ווידער געגרייט אַוועקצוגיין, נאָר שפּעטער האָבן זיי זיך מיישב־געווען, אַז ווייל דאָ איז גאַנץ רואיק, איז גלייכער איבערצוזיצן אויפן אָרט עטלעכע טעג. קיין לעבעדיקן נפש האָט מען ניט געזען פאַר די אויגן. אַלץ אַרום איז געווען ווייס פון שניי. די פאַרוואַלקנטע הימלען פלעגן אָניאָגן אַ שרעק אויף די עטלעכע איינזאַמע יידן.

נאָר לאַנג האָט מען דאָרטן ניט געקאָנט פאַרבלייבן, ווייל עס איז געווען זייער נאָענט פון שטעטל, דאָס שטיבעלע איז געשטאַנען אין זייער אַ פרייען פּלאַץ און דער וואַלד — גאַנץ ווייטלעך. נאָך 3 טעג זיצן דאָרטן האָבן זיי באַשלאָסן אַוועקצוגיין צוריק אין זייער זיעמליאַנקע. אַרום האַלבער נאַכט זיינען זיי געקומען צוריק צום ניעמאַן. דאָס אייז איז שוין געווען זייער שוואַך און זיי האָבן זיך געשראָקן אַריבערצוגיין.

זיי האָבן זיך אָבער שנעל דעצידירט. איינער איז אַוועק דער ערשטער איבערן שוואַכן אייז מיט אַ שטעקן אין האַנט, טאַפּנדיק דעם וועג און אַזוי זיינען אַלע נאָך אים אַדורך בשלום דעם ניעמאַן. מיט די לעצטע כוחות האָבן זיי זיך דערשלעפּט צו דער זיעמליאַנקע.

די אָבלאַווע איז שוין געווען פאַרענדיקט, אָנפאַנג פעברואַר 1943 איז שוין געווען פּולקאָם רואיק אין וואַלד, און דאָס לעבן איז זיך אַוועק גאַנץ „נאָרמאַל". די געקו־מענע בעליצער יידן האָבן גענומען בויען פאַר זיך זיעמליאַנקעס און זיך איינאָרדענען. יעדער האָט גענומען צוגרייטן זאַפּאַסן פון עסנוואַרג, כדי צו קאָנען שטילערהייט זיצן אויפן אָרט און איבערקומען דעם שווערן ווינטער. די קעלט איז געוואָרן גרעסער פון טאָג צו טאָג. שנייען און זאַוויערעס פלעגן פאַרשיטן די וועגן און מען פלעגט ניט זען גאָרניט פאַרן אויג. דער ווינטער האָט זיך געשטעלט אין זיין גאַנצער קראַפט. אין אַזעלכע שרעקלעכע, שטורעמדיקע נעכט פלעגן אונדזערע יידן ריזיקירן מיט די לעבנס און מיט גרויס סכנות־נפשות זיך שלעפּן, אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, איבער די וועגן, כדי צו קריגן עפּעס עסן. זיי זיינען געווען אָפּגעזונדערט פון דער וועלט. און דער טויט האָט געלויערט אויף יעדן שריט. אָבער דער דראַנג צום לעבן איז געווען נאָך גרעסער...

צווישן די יידן, וועלכע זיינען געקומען פון פושטשע איז אויך געווען לייזער מאַשקעס מיט זיין יינגסטן זון משהל און טאָכטער מאַשע. זיי האָבן אויך אויסגעבויט אַ

זיעמליאַנקע און זיך ווי עס איז איינגעאָרדנט. די איבעריקע פאַמיליע־מיטגלידער זיינען: דער זון וועלוול, און די ייִנגערע טאָכטער פייגל, זיינען אַוועק מיט נאָך אַ גרופּע יונגע־לייט, באַלאָדנט מיט געווער, אויף דער צווייטער זייט ניעמאַן און האָבן זיך „איינגע־אָרדנט" אין די וועלדער, ניט ווייט פון דאָרף פאַלקיעוויטש. דאָרטן, אין דער אָ געגנט זיינען נאָך קיין פּאַרטיזאַנער צו דער צייט ניט געווען, און די גרופּע האָט זיך זייער גוט אויסגעלעבט. דעם 12.2.43 איז וועלוול אַוועק מיט נאָך חברה באַזוכן זיין פאָטער, צוזאַמען מיט זיי איז אויך געגאַנגען דאָס בעליצער ייִנגל אברהם וואָלקאָוויסקי, (לייבקע־יאָשקעס אַ זון). צוקומענדיק צום שטעטל איז געווען שטיל און זיי זיינען געווען זיכער, אַז קיינער איז אין שטעטל ניטאָ. זיי זיינען אַוועק צו דער פּוילישער קראַנקן־שוועסטער, מאַריע, וואָס האָט געוווינט אין דער ערשטער שטוב פון שטעטל. די קריסטין האָט זי אויפגענומען זייער פיין און זיי האָבן ביי איר געגעסן נאַכטמאָל.

די שכנים האָבן זיי באַמערקט און גלייך געגעבן צו וויסן דער ווייסרוסישער פּאָליציי. די מערדער זיינען געקומען צולויפן מיט אויטאָס, האָבן אַרומגערינגלט די שטוב און אָנגעהויבן צו שיסן. די חברה האָבן עס גלייך דערהערט און דורך אַ הינטער־טיר זיינען זיי זיך צעלאָפן אין אַלע זייטן. וועלוול מיט אברהמלען זיינען אַרויסגעלאָפן די לעצטע אין דער ריכטונג צו די פעלדער, ווו עס איז געשטאַנען די אַלטע קוזשניע פון זעליק דעם שמיד. זיי האָבן געקלערט צו געפינען הינטער איר אַ שוץ פון די מערדער. די נאַכט איז געווען זייער אַ ליכטיקע. דער פראָסט האָט געברענט, אברהמל האָט זיך אָפּגעשאָסן און עס איז אים געלונגען צו אַנטלויפן פון די מערדערישע הענט און זיך ראַטעווען, דאַקעגן איז וועלוול געבליבן ליגן אין טיפן שניי, קלערנדיק, אַז די מערדער האָבן אים אפשר, ניט באַמערקט. אָבער די פויערים האָבן אים יאָ געהאַט באַמערקט און אָנגעוויזן דער פּאָליציי. די מערדער האָבן לאַנג געשאָסן אין זיין ריכטונג און זיינען צוגעקומען נענטער צו דער קוזשניע. וועלוול האָט זיך זייער העלדיש פאַרטיי־דיקט און געשאָסן ביז דער לעצטער קויל. ביי דער געלעגנהייט האָט ער אַפילו פאַר־וווּנדעט איינעם פון די אָנגרייפער. דער סוף איז געווען, אַז זיי האָבן אים אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן און אים געשאָסן אין בויך. ער איז גלייך אויסגעגאַנגען פון די גרויסע ווייטיקן. צומאָרגנס האָבן אים די מיעשטשאַנעס פון שטעטל באַערדיקט אויפן ייִדישן בית־עולם.

אַ לאַנגע צייט האָט דער אַלטער לייזער וועגן דעם ניט געוווּסט. ער פלעגט זייער אָפט גיין אין די דערפער שאַפן עסנוואַרג, כדי צו קאָנען גלייך מיט אַלעמען איבער־קומען די שווערע צייט. עטלעכע טעג נאָכן טויט פון וועלוולען, זיינען לייזער מיטן ייִנגסטן זון, משהלען, אַוועק אין דאָרף זבלאַן נאָך ברויט. אויפן וועג צוריק, האָט אָנגעהויבן שיטן אַ גרויסער שניי, און די צוויי אומגליקלעכע מענטשן האָבן פאַרלוירן דעם וועג. זיי זיינען אַריין אין אַ „שאָפּע" אויפן ברעג פון ניעמאַן כדי דאָרט זיך

אָפּצורופן און איבערוואַרטן דעם שטורעם. פּאַרטאָג, ווען זיי זיינען ביידע איינגעשלאָפן פון מידקייט, האָט געבומען וועלן זייער קאַלט און אַ פראָסט האָט געברענט. דער אַלטער לייזער האָט גאָרניט געפילט, ווי די פיס זיינע זיינען אָפּגעפרוירן געוואָרן. קוים מיטן לעבן האָבן, דער פאָטער מיטן זון זיך דערשלעפּט, אַרום האַלבן טאָג, צוריק אין וואַלד אַריין, צו זייער זיעמליאַנקע. לייזער איז שטאַרק קראַנק געוואָרן, די באַדינגונ־גען צו היילן זיינע אָפּגעפרוירענע פיס זיינען ניט געווען. עס איז ניט געווען קיין דאָקטאָר און אויך ניט קיין רפואות מיט וואָס זיי צו היילן.

מיט יעדן טאָג איז זיין מצב געוואָרן אַלץ ערגער און ערגער, ביז עס האָבן געבומען ביי אים פוילן די פינגער פון די פיס. דער מענטש האָט זיך זייער שטאַרק געמאַטערט. זיין טאָכטער, מאַשע ז״ל, וועלכע איז אויך שפּעטער אומגעקומען, האָט אַלץ געטאָן, כדי צו ראַטעווען איר פאָטער. די ענגשאַפט און דער שמוץ אין זיעמליאַנקע זיינען געווען גרויס, און דער קראַנקער איז געוואָרן שטאַרק אָפּגעשוואַכט. זייער פיל האָט זיך דער מענטש אָנגעליטן, ביז ער איז, נאָך 2 שווערע מאָנאַטן קראַנקהייט און פיין, געשטאָרבן. מען האָט אים מקבר געווען אויף דעם זעלבן פּלאַץ אין וואַלד. ת.נ.צ.ב.ה.

## נקמה פון די אויסראָטער

דאָס וואַלד־לעבן האָט זיך ווייטער געפירט ווי פריער. מען פלעגט גיין אַלע נאַכט אין די דערפער און באַזאָרגן זיך מיט עסנוואַרג. די פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג האָט זיך פונסניי צעצווייגט, מערער נאָך ווי פאַר דער אַבלאַווע. זייער אָפט פלעגן קומען פּאַרטי־זאַנער פון פושטשע צווישן וועלכע עס פלעגן זיין פיל יידן. די צייט איז געלאָפן זייער שנעל. די קעלט מיט די שנייען האָבן נאָך אָנגעהאַלטן. איינמאָל איז געקומען אין וואַלד אַריין אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער פון „אָרליאַנסקי־אָטריאַד״. צווישן זיי זיינען אויך געווען עטלעכע בעליצער יונגעלייט. אָפּזייענדיק אַ פּאָר טעג האָט די חברה זיך מיישב־געווען, אַז ס׳איז שוין צייט אָפּצורעכענען זיך און נקמה צו נעמען פון אונדזערע שונאים, פון די אויסראָטער פון יידישן שטעטל בעליצע.

די גרופּע האָט זיך געשטעלט אונטער דער אָנפירערשאַפט פון יאָסל פליישער (איטשע דעם קצבס זון) און עס זיינען דאָרט אויך געווען די בעליצער יונגעלייט: יאַנקל אָזשעכאָווסקי (אלציק שייקעס זון) און אברהם מגיד (ר׳ יעקב דעם קאַטליערס איידעם). ווי נאָר עס איז געוואָרן טונקל, האָבן די מענטשן זיך אַוועקגעלאָזט אין דער ריכטונג צו בעליצע. זיי זיינען געקומען אין שטעטל מיט דער כוונה צו הרגענען דעם בעליצער שייגעץ גאַרניאַק( ער איז געווען אַ פּאָליציאַנט ביי די דייטשן און זיך פיל איזדיע־קעוועט איבער די יידן), ווי אויך דעם פויער קוליעש, וועלכער האָט אומגעבראַכט די משפּחה שעשקאָ. אין שטעטל איז געווען רואיק, די גרופּע איז שטילערהייט צוגעפאָרן צו גאַרניאַקס שטוב און אַרומגערינגלט זיין הויז. עטלעכע זיינען געבליבן שטיין אויף

דער וואַך און די איבעריקע זיינען אַריין אין שטוב און האָבן געפּאָדערט דעם גזלן. ווי נאָר ער האָט זיי באַמערקט, האָט ער זיך באַהאַלטן אין אַ הינער־שטייג. די פּאַרטי־זאַנער האָבן באַזוכט די גאַנצע שטוב און אים געפונען אין שטייג. נאָענט צו דער שטייג האָט מען מורא געהאַט צוצוגייך, ווייל ער האָט געקאָנט שיסן, דאָך איז געלונגען אים אַרויסצושלעפּן אַ לעבעדיקן.

אין דעם מאָמענט האָט ער זיך אַרויסגעריסן פון זייערע הענט און איז שנעל צוגעלאָפן צום פענצטער, כדי צו קאָנען אַנטלויפן, דער „פּאָסט" אויפן גאַס האָט אויסגעשאָסן אַ סעריע קוילן פון מאַשינגעווער און גאַרניאַק איז געפאַלן טויט אויפן אָרט. די פאַמיליע זיינע האָט געמאַכט אַ גרויסן טומל. די פּאַרטיזאַנער האָבן ניט געלייגט קיין אַכט אויף דעם און יעדער איינער פון זיי האָט נאָך אויסגעשאָסן אין גזלן צו איין קויל פון ביקס און געלאָזט אים ליגן אויף דער ערד. די גרופּע האָט קאָנפיסקירט אַלץ, וואָס איז געווען אין שטוב און געלאָזט וויסן, אַז „דאָס איז געטאָן געוואָרן ווי אַ נקמה־אַקט פאַרן פאַרגאָסענעם יידישן בלוט".

די גרופּע האָט פאַרלאָזט די שטוב און איז אַוועק צוריק אין וואַלד אַריין. אונטער־וועגנס זיינען זיי פאַרפאָרן צו קוליעשן, כדי אויך מיט אים צו טאָן דאָס זעלבע, וואָס מיט גאַרניאַקן. קוליעש האָט געוווינט 3 קילאָמעטער פון בעליצע. ער האָט איבער־געגעבן די דייטשן צום טויט דעם בעליצער ייד לאָזער־חיים שעשקא, (דוד־לייבס זון) מיט זיין פאַמיליע. לאָזער־חיים האָט זיין גאַנץ האָב און גוטס אים אָפּגעגעבן, אָבער קוליעש דער „גוטער פריינד", האָט זיך ניט געקאָנט דערוואַרטן אויף דער מינוט, ווען ער וועט שוין קאָנען ירשענען לאָזער־חיימען. דער אומגעדולד פון קריסט איז אַזוי ווייט דערגאַנגען, אַז נאָך אין געטאָ האָט ער געבראַכט לאָזער־חיימען סם און אים פאַרגעלייגט, אַז ער זאָל ניט וואַרטן ביז די דייטשן וועלן אים אומברענגען, נאָר ער זאָל זיך אַליין נעמען דאָס לעבן. נאָך דער צווייטער שחיטה אין זשעטל איז לאָזער־חיימען און זיין פאַמיליע געלונגען זיך צו ראַטעווען און אַנטלויפן צו זייער בעסטן „פריינד" קוליעשן ווו זיי האָבן זיך געדאַרפט אויסבאַהאַלטן. קוליעש האָט זיי זייער פיין אויפגע־נומען און בשעת זיי זיינען איינגעשלאָפן, מידע און דערשלאָגענע פון שרעק, האָט דער מערדערישער פויער אויסגענוצט דעם מאָמענט און אַוועקגעלאָפן אין סטאַנציע ניעמאַן און געבראַכט צו זיך דייטשן און ווייסרוסישע פּאָליציי. די אומגליקלעכע האָבן זיך אויפגעכאַפּט פון די קלעפּ און מיט גרויס שרעק דערזען די מערדער פאַר זייערע אויגן. קוליעש איז געשטאַנען נעבן זיי און זיך אָפּגערופן מיט אַ טייוולאָנישן שמייכל: „גענוג אייך גוט צו לעבן, איצט וועלן מיר לעבן". לאָזער־חיים האָט געפּרוווט אַנטלויפן און איז דערשאָסן געוואָרן לויפנדיק, זיין פרוי און קינד האָבן זיי אַוועקגעפירט קיין בעליצע, ווו מען האָט זיי דערשאָסן עפנטלעך נעבן דער גמינע, ביי אַ בראַוואָ־פּאַטשעריי און הילכיקן געלעכטער פון פאַרזאַמלטן עולם.

די יידישער פּאַרטיזאַנער האָבן דעריבער באַשלאָסן נוקם צו זיין זיך אין קוליעשן. די גרופּע האָט אַרויסגעפירט זיין גאַנץ אַנגעריבט גוטס ביי יידן, האָט פאַרברענט זיין שטוב און אים צוגענומען מיט זיך. די פּאַרטיזאַנער האָבן אים פאַרשלעפּט אויפן זבלאַנער פאַראָם, איבערן טייך ניעמאַן, צוגעבונדן אים אַ שטיין אויפן האַלדז און אים עטלעכע מאָל אַראָפּגעלאָזט אין קאַלטן וואַסער. ווען מען האָט אים שוין גוט אָנגעמאַטערט, האָבן אים די פּאַרטיזאַנער אַוועקגעלאָזט מיטן וואַסער.

אין דער זעלבער צייט האָט אויך אַ גרופּע יידישע פּאַרטיזאַנער דורכגעפירט אַ אַ שטראָף־עקספּעדיציע איבער אַ פויער אין דאָרף סאַוויטש, ניט ווייט פון זשעטל. דער דאָזיקער פויער האָט דערמאָרדעט אַ גרופּע יידישע פּאַרטיזאַנער, צווישן וועלכע ס׳איז אויך געווען דער בעליצער יונגער העלד יונה אָזשעכאָווסקי (חיים שייקעס אַ זון). די גרופּע פּאַרטיזאַנער האָבן אין מיטן העלן טאָג אַרומגערינגלט זיין שטוב, צוגענומען זיין האָב און גוטס, און דעם פויער צעבראָכן הענט און פיס, שפּעטער האָט מען אים אויפגע־האָנגען אויפן פּלויט.

אַזוי האָבן בעליצער יונגעלייט גענומען אָנטייל אין קאַמף, אויסגעפירט שטראָף־עקספּעדיציעס און זיך נוקם־געווען אין אונדזערע שונאים, אין די מערדערישע ווייסרוסן. נאָך אָט די געשעענישן האָט דער גאַנצער געגנט אַרום געציטערט פאַר יידישע פּאַרטיזאַנער און די לאַגע פון די משפּחה־גרופּעס האָט זיך זייער פיל פאַרבעסערט.

אויסערגעוויינלעכע הילף פאַר די בעליצער וואַלד־יידן, האָט דערלאַנגט דער פּויליר־שער קריסט ה׳ באָבראָווניק. ער איז געווען דער „דראָזשניק״ פון שטעטל. אַן אמתער יידן־פריינט. אַזוי ווי זיין שטוב איז געשטאַנען ביים ברעג פון ניעמאַן, אָפּגעזונדערט פון שטעטל, זיינען אַלע יידן געגאַנגען פאַרביי און מיט אים זיך געהאָלפן. ער האָט געשטעלט זיין לעבן אין סכנה און ניט קוקנדיק אויף דעם, האָט ער אַלץ געטאָן, כדי צו העלפן און דערמוטיקן. זיין נאָמען דאַרף דערמאָנט ווערן ווי איינער פון די ח ס י ד י א ו מ ו ת ה ע ו ל ם.

### ווידער פרילינג און זומער...

עס האָט ניט לאַנג געדויערט און אויך דער ווינטער איז פאַרביי. עס האָט אָנגע־הויבן דער פרילינג און גאָר גיך — דער זומער. אַלע שטעטלעך אַרום זיינען שוין געווען יידן־ריין. קיין איין איינציקער ייד האָט זיך שוין מער ניט געפונען אין קיין שום געטאָ. דער איינציקער געטאָ, וואָס האָט נאָך עקזיסטירט אין דער גאַנצער געגנט איז געווען אין לידע. דאָרט האָט מען קאָנצענטרירט אַלע לעבנגעבליבענע יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער. עס האָט זיך אָרגאַניזירט אַ ספּעציעלער

אַרבעטס־לאַגער, וואָס האָט געקומען אונטער זיין שוץ די אַרבעטס־פּעאיקע יידן, גוטע ספּעציאַליסטן און פּאַכלייט. אָט די מענטשן האָבן געהאַט ספּעציעלע „לעבנס־שיינען" און האָבן געאַרבעט פֿאַר די דייטשן. דער לידער געביטס־קאָמיסאַר איז געווען ניט קיין גרויסער סאַדיסט און געהאָלפֿן דעם געטאָ. די יידישע פּאַרטיזאַנער־גרופּע האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע אָנצוקניפּן אַן ענגן קאָנטאַקט מיט די יידן אין לידע און ברענגען זיי צוביסלעך אין וואַלד אַריין. זיי האָבן געוווּסט און פאַרשטאַנען אַז די גוטע לאַגע קאָן ניט לאַנג אָנהאַלטן אין געטאָ. עס זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרן ספּעציעלע פאַרבינדלער (פּויערים) און שליחים, כדי דורכצופירן די אויפגאַבע. די בעליצער יידן שלמה יאַסינאָווסקי (ר' יהושע יאַסינאָווסקיס זון), יעקב מאָלטשאַדסקי (שרה די פּאַפּיערניס אייניקל) און מיכאל גראַזניק (דער רודער) זיינען געקומען אין וואַלד אַריין זען ווי דאָס לעבן גייט צו. זיי האָבן באַשלאָסן צו קומען אין אַ וואָך אַרום מיט זייערע פאַמיליעס. מיט זיי צוריק קיין לידע זיינען געגאַנגען רחל איצקאָוויטש (ר' שמואל־יאָסל דעם מילנערס טאָכטער) און לאָזער־מאיר סאָוויצקי, מיטן ציל צו שאַפן אַ גרעסערע גרופּע מענטשן און זיי ברענגען אַלעמען אין וואַלד. יעדן טאָג פלעגן די פּאַרטיזאַנער גיין צום ניעמאַן און אָפּוואַרטן די אָנקומענדיקע גרופּעס, וועלכע מען פלעגט אַריבערפירן מיט אַ לאָדקע. די לאַגע האָט זיך דאַן שוין געהאַט אַביסל פאַרערגערט צוליב דעם אָרגאַניזירן זיך פון די „ווייסע־פּאָליאַקן" און דאָס אַריבער־פירן איבערן טייך איז געוואָרן ריזיקאַליש, ווייל די „ווייסע" האָבן זיך קאָנצענטרירט נאָר אין די דערפער נעבן ניעמאַן. זיי זיינען געווען אַ רעאַקציאָנערע אָרגאַניזאַציע, האָבן געקעמפט קעגן סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנער און אויך קעגן די דייטשן אונטער דער לאָזונג: „פאַר אַ פריי פּוילן". אָבער ספּעציעל שטאַרק איז געווען זייער שנאה צו יידן. ווען זיי פלעגן כאַפּן אַ ייד, פלעגן זיי אים אָנטאָן כל מיני עינויים און דערנאָך אומברענגען. זייער נעסט איז געווען אין בעליצע און עס איז געווען זייער געפערלעך זיך צו באַווייזן אין דער אָ געגנט.

די יידישע גרופּע אין וואַלד האָט זיך זייער שטאַרק באַאומרואיקט, ווען נאָך 3 טעג וואַרטן זיינען אירע מענטשן נאָך ניט געווען צוריק פון געטאָ. אויפן פערטן טאָג האָט מען פלוצלינג דערזען פון דער צווייטער זייט טייך אַ גרופּע מענטשן, וועלכע האָבן, לויט זייער גיין און אויסזען עדות געזאָגט אויף זיך, אַז זיי זיינען יידן. עס זיינען דאַן געקומען: ישראל זלאָצאָווסקי און פאַמיליע, מיכאַל גראָזניק און פרוי און נאָך עטלעכע יידן פון זשאָלודאָק און דזיווענישאָק. שפּעטער זיינען אויך געקומען שלמה קאַפּלאַן מיט זיין פרוי חיה־עלקע און קינדער, און אויך טייבע מיט די קינדער.

די יידישע גרופּע אין וואַלד האָט געהאָלפן די מענטשן זיך איינאָרדענען. נאָך אין זעלבן טאָג זיינען אויפגעבויט געוואָרן ביידלעך וווּ זיי האָבן שוין געקאָנט וווינען און האָבן אַ פּלאַץ וווּ זיך צו אויסרוען נאָך דעם שווערן וועג. נאָך אַ וואָך צייט זיינען זיי

געוואָרן „וואַלד־בירגער" און האָבן זיך זייער גוט צוגעפּאַסט צום וואַלד־לעבן. אין צווישן האָבן די „ווייסע" פּוילישע באַנדעס זיך שטאַרק אַנטוויקלט און מען האָט זיך געריכט, אַז אַ ליאַדע מאָמענט וועלן זיי איבערפאַלן יידן אין וואַלד. די פּויערים פון דאָרף האָבן שטאַרק וועגן דעם גערעדט אין די דערפער. נאָך פּסח 1943, איז ביי דער יידישער גרופּע געפאַלן דער באַשלוס אַוועקצוגיין אין אַ צווייטן וואַלד.

## בלוטיקע אָנפאַלן אויף יידן אין וואַלד

די גרופּע איז אַוועק אין יאַצוקיער וועלדער אויף דער צווייטער זייט פונעם טייכל מאלטשאטקא און דאָרט אויפגעשטעלט דעם לאַגער. דער פּלאַץ, וואָס איז אויסגעקליבן געוואָרן פאַרן ווינאָרט האָט געהייסן בארקי. נישט ווייט האָט זיך אויך באַזעצט נחמן באַראַנטשיק מיט זיין פאַמיליע. דאָס אָרט איז געווען זייער גוט און האָט זיך געפונען אין זייער אַ שיינעם פּלאַץ. דער וואַלד האָט פון אַלע זייטן אַרומגע־רינגלט דאָס טייכל מיט די גרינע לאָנקעס פון וועלכע עס פלעגט ווייען שטענדיק אַ פריש ווינטל מיט אַן אָנגענעמען ריח פון היי. עס האָט אויסגעזען ווי אַ קוראָרט. די וועטערן זיינען געווען זייער אָנגענעמע, און דער זומער — אין פולן ברען.

ניט ווייט פון דעם אָרט, אין דער שטוב פון די וואַלד־ליעשניקעס (וועכטער), ביים פּויער וויטשיק ראַפּאַלאָוויטש, איז איינגעשטאַנען דער שטאַב פון פּאַרטיזאַנישן דיווערסאַנטן־אָטריאַד. די מענטשן זיינען געווען זייער גוטע און האָבן געשטיצט די גרופּע מיט וואָס נאָר זיי האָבן געקאָנט. זיי זיינען געווען געקומענע פון יענער זייט פראָנט, און האָבן געהאַט די אויפגאַבע צו פירן דיווערסיע־אַרבעט אין ווייטן „טיל" פון פיינט. זיי האָבן זיך גערופן די „מאָסקוויטשן" און האָבן געהאַלטן די געגנט ווי זייער ראַיאָן.

במשך עטלעכע רואיקע מאָנאַטן פלעגן די דאָ זיצנדיקע יידישע פאַמיליעס גיין באַזוכן די גרופּן, וועלכע זיינען געבליבן אויף זייערע אַלטע פּלעצער. אויך זיי האָבן ניט געהאַט אויף וואָס זיך צו באַקלאָגן. זייער אָפט פלעגן די פּאַרטיזאַנער (מאָסקוויטשן) קומען צו די יידן און איבערגעבן די לעצטע נייעס פון ראַדיאָ, דערציילן וויכטיקע פראָנט־געשעענישן, אינטערעסאַנטע פאַלן, זינגען צוזאַמען לידער ביים פייער. אַזוי האָט מען פאַרבראַכט די צייט, ביז עס זיינען אָנגעפאָרן אין די דערפער דייטשע קאַרנע אָטריאַדן, וועלכע האָבן געהאַט די אויפגאַבע אָנצופאַלן אויף פּאַרטיזאַנער און יידן און זיי פאַרניכטן. אין נאָענטן דאָרף געזוגעלע, האָבן די מערדער זיך אָנגעטראָפן אויף אַ גרופּע מאָסקוויטשן. עס האָט זיך פאַרבונדן אַ גרויסער קאַמף און דאָס שיסעריי האָט אָפּגעעכאָט אין וואַלד. אַלע האָבן זיך שנעל אָנגעטון און אַנטלאָפן אין אַ צווייטן וואַלד. דעם טאָג איז די גרופּע איבערגעזעסן אין רואיקייט און פאַרנאַכט־צו, ווי נאָר

עס איז געוואָרן טונקל, זיינען אַוועק צוויי מענטשן אין דאָרף מיעשילאָווצי און זיך אינפאָרמירט וועגן דער לאַגע. מען האָט זיך דערוווּסט, אַז די מערדער האָבן פאַרברענט עטלעכע הייזער אין דאָרף און זיינען צוריק געפאָרן קיין זשעטל, קיין קרבנות פון די פּאַרטיזאַנער זיינען ניט געווען. נאָך עטלעכע טעג האָט די גרופּע באַשלאָסן צו פאַר־לאָזן דאָס אָרט און זיך צוריקקערן אין די זאַטשעפּיצער וועלדער, ווו עס זיינען נאָך געבליבן עטלעכע בעליצער יידן.

אין דעם זעלבן מאַסקוויטשער אָטריאַד זיינען אויך געווען די בעליצער יונגע לייט: יעקב קרעמיען (ר' ישראל מרימס זון), יעקב זלאָצאָווסקי ז״ל (ישראל זלאָצאָווסקיס זון) און אברהם וואָלקאָוויסקי, וועלכע האָבן זייער פיל געשטיצט די בעליצער גרופּעס און אויך זיי אינפאָרמירט וועגן פאָרויסגעזעענע, מעגלעכע איבערפאַלן.

דער זומער איז געקומען צו ענדע. עס האָט געמומען ווערן קעלטער און עס האָט אָנגעהויבן רעגענען. די גרופּע האָט אין נייעם וואַלד אויפגעשטעלט פּראָוויזאָרישע בייד־לעך אין שכנות מיט מאירן און זיין פאַמיליע און פייווע סאַוויצקי מיט זיין גרופּע. אין צווישנצייט זיינען צו דער גרופּע צוגעשטאַנען אויך שמואל סוויעטיצקי און פרוי צביה און אַזוי אַרום שוין געציילט אַ צען פּערזאָן. צו די דאַרפן אויך צוגע־רעכנט ווערן לייזער משהקעס קינדער און זייערע פאַמיליעס. דאָס אָרט ווו מען האָט זיך אויסגעבויט, איז געווען ניט ווייט פון וועג און זייער אָפט פלעגן זיך הערן די נאָענטע קולות פון די דורכפאָרער, דערפאַר האָט די גרופּע זיך שטאַרק געמוזט היטן און זיין פאָרזיכטיק מיט הויך רעדן, כדי מען זאָל זי ניט אויסגעפינען. עס האָבן זיך ,זידער פאַרשפרייט קלאַנגען וועגן אָנקום פון אוקראַאינישע פּאָליציי־לייט אין זשעטל מיטן ציל צו מאַכן אָבלאַוועס אין די וועלדער. סוף חודש תמוז זיינען זיי געקומען אין די דערפער. ראש חודש אלול 1943, זיינען זיי אַריין אין וואַלד. ווי נאָר עס איז געוואָרן טאָג האָט זיך דערטראָגן אַ נאָענטע בילעריי פון אַ הונט, וואָס האָט אַלעמען אויפגעוועקט פון שלאָף. איינער איז שנעל אַרויסגעלאָפן צום וועג זען, וואָס עס הערט זיך. צוריק לויפן אָנזאָגן האָט ער שוין ניט געקאָנט, ווייל אויפן וועג איז שוין געשטאַנען אַ מחנה מערדער. ער האָט נאָר געגעבן אַ צייכן מיט דער האַנט, אַז מען זאָל אַנטלויפן. ער אַליין האָט נאָך באַוויזן זיך צו פאַרשטעקן אונטער די צווייגן פון אַן אַלטן אומגע־קערטן בוים. די אָנפאַלער זיינען לעבן אים פאַרבייגעלאָפן אין דער ריכטונג צו די ביידלעך און זיי האָבן אים ניט באַמערקט. אַזוי ליגנדיק איז ער איבערגעקומען דעם טאָג ביז עס איז געוואָרן טונקל.

בעת די מענטשן פון דער גרופּע האָבן געגומען לויפן אין דער מאַלינע אַריין, האָט איינער אַ מערדער, רייטנדיק אויף אַ פערד זיי באַמערקט און געגומען שיסן אין זייער ריכטונג. אַ טייל איז אַריין אין דער מאַלינע און אַ טייל איז זיך צעלאָפן איבערן וואַלד. די אינעווייניק פאַרבליבענע האָבן זיך פאַרשפאַרט מיטן טירל און זיינען דאָרט

געבליבן זיצן אַ גאַנצן טאָג, אַז דער גזלן האָט דערזען, אַז אַלע זיינען זיך צעלאָפן, האָט ער זיי נאָכגעיאָגט אויפן פערד. דאָס שיסעריי איז געוואָרן גרויס. ער איז פאַרבייגעלאָפן לעבן דער מאַלינע און אַוועק טיף אין וואַלד.

נאָך אַן עטלעכע מינוטן זיצן אין מאַלינע, האָבן די יידן זיך אַביסל באַרואיקט און ערשט דאַן האָט מען באַמערקט, אַז טוליע איז שטאַרק פאַרוואונדעט אין אַ פוס און אַ האַנט. ער האָט זייער שטאַרק געקרעכצט און געגוססט. מען האָט פּרובירט מיט אַלע מיטלען אים צו ראַטעווען, נאָר עס האָט גאָרניט געהאָלפן. נאָך אַ האַלבער שעה שווערע ליידן, איז ער אויסגעגאַנגען.

ווי נאָר עס איז געוואָרן טונקל, איז מען אַרויס פון דער מאַלינע און מ׳האָט דערזען דעם חורבן: די ביידלעך זיינען געווען אויפגעריסן פון מינען און מען האָט ניט געזען קיין לעבעדיק נפש.. די איבערגעבליבענע נאָכן אָנפאַל זיינען אַוועק איבערן וואַלד זוכן די׳ איבעריקע פון דער גרופּע. אַ גרויסע שרעק האָט זיי אַרומגעכאַפּט בעתן גיין איבערן צעשטערטן וואַלד. אַזוי איז מען צוגעקומען צו די ביידלעך פון מאיר אייזשקעס גרופּע. אַלץ איז דאָ געווען צעוואָרפן. די ביידלעך — פאַרברענט. די ערד אַרום האָט געברענט. אויפן וועג צוריק צו דער מאַלינע האָט מען פלוצלינג דערזען אַן אויסגעצויגענעם, געהרגעטן מענטש. געשאָסן אין קאָפּ, די הענט פאַנאַנדערגעשפּרייט, איז ער געלעגן אין מיטן וועג. געווען איז דאָס מאַשקע (מאַשע קריינאַוויטש, לייזער מאָשעס טאָכטער) פון דער גרופּע. די מערדער האָבן זי געכאַפּט לעבעדיקערהייט, געשלאָגן ביז טויט מיט די פּריקלאַדן פון זייערע ביקסן און שפּעטער — געשאָסן אין מוח. דערדריקטע האָבן די לעבנגעבליבענע זיך אומגעקערט צו זייערע צעשטערטע ביידלעך.

צוריקקומענדיק אויפן אַלטן פּלאַץ האָט מען געטראָפן בערל סטאַצקין און שמואל סוויעטיצקי. אַלע זיינען אַוועק צו דער מאַלינע, האָבן אַרויסגעפירט פון דאָרט די מענטשן און זיי געבראַכט צום פייער. מען איז געזעסן פאַרזאָרגט און צעבראָכן נאָכן פרישן אומגליק. אין דער שטילקייט פון דער נאַכט האָט זיך געהערט אַ וויי טער בילן פון אַ הונט, וואָס עס האָט זייער שטאַרק געשראָקן.

באַלד זיינען אַוועק פיר פון דער גרופּע און האָבן צוגענומען דעם מת פון וועג. זיי האָבן אויך אַרויסגענומען טוליעס טויטן קערפּער פון מאַלינע, כדי מאָרגן צו ברענגען ביידע קדושים צו קבורה. די נאַכט איז אַוועק. ווי נאָר עס איז געוואָרן ליכטיק, זיינען אַלע איבעריקע צוריק געקומען פון זייערע פאַרבאַהעלטענישן. זיי האָבן דערציילט וועגן דער געשעעניש און ווי אַזוי זיי זיינען געבליבן לעבן. די מענער זיינען אַוועק און געבראַכט די צוויי פרישע מתים זיי קובר צו זיין. שפּעטער אַ ביסל איז די גאַנצע גרופּע זיך צונויפגעקומען אין וואַלד אויף אַן אַלטן פּלאַץ וווּ מען איז געזעסן מיט עטלעכע מאָנאַטן צוריק. ערשט דעמאָלט האָט מען זיך אַרומגעזען, אַז עס פעלט

פייגל (לייזער־מאָשעס יינגסטע טאָכטער). עטלעכע פון דער גרופּע זיינע אַוועק זי זוכן איבערן וואַלד. זיי האָבן אויסגעפרעגט אויף איר ביי אַלע פּאַסטוכער און זיי אָנגעזאָגט, אַז אויב זיי וועלן געפינען איר קערפּער, זאָלן זיי גלייך צו וויסן געבן. נאָך דריי טעג זוכן איז זי אַליין געקומען אַ שווער פאַרוווּנדעטע אין האַנט. זי האָט געליטן שטאַרקע ווייטיקן. אירע קולות און געשרייען זיינען געווען שרעקלעכע. האָט מען אָנגעהויבן היילן איר ווונד מיט אָרעמע מיטלען. עס זיינען פאַרביי עטלעכע וואָכן און פייגל איז געוואָרן געזונט.

עס האָבן זיך גענומען דערנענטערן די ימים־נוראים. עס איז געוואָרן קעלטער, דערנאָך זיינען אַראָפּ שטאַרקע רעגנס. יעדן טאָג פלעגן דערגיין צו די יידן אין וואַלד קלאַנגען וועגן די „וויסע", וועלכע זיינען שטאַרק געוואָרן און האָבן פאַרכאַפּט בעליצע.

דער לעצטער איינאונאיינציקער געטאָ לידע, האָט זיך געריכט אויף אַ שחיטה, און עס האָט זיך ניט געזען קיין אויסוועג, ווי אַזוי צו ראַטעווען די דאָרטיקע יידן. די לאַגע איז געוואָרן ערגער פון טאָג צו טאָג. קורץ פאַר ראש־השנה איז אָנגעקומען דער באַפעל צו ליקווידירן אַלע לעבנגעבליבענע יידן און מאַכן „יידן־ריין" גאַנץ מערב־ווייסרוסלאַנד. אין איינעם אַ טאָג האָט מען אויפגעקליבן דאָס ביסל אומגליקלעכע לידער יידן און זיי געבראַכט צו דער סטאַנציע. מען האָט זיי דאָרט אַלע אַרייגעשפּאַרט אין שמוציקע לאַסט־וואַגאַנען, פאַרקלאַפּט די טירן און פענצטערלעך מיט שטעכיקע דראָט און אַוועקגעשיקט. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מען האָט זיי געפירט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער מיידאַנעק, וווּ מען האָט זיי פאַרברענט אין די גאַז־קאַמערן. בלויז איינצלנע מענטשן איז געלונגען צו אַנטלויפן און זיך צו ראַטעווען. די מענטשן זיינען געקומען אין וואַלד, צווישן זיי זיינען געווען מיטיע פּופּקאָ און פאַמיליע, שמואל איוועניעצקי און יעקב מאַלטשאַדסקי און זיין פרוי פרידע פון לידע. אָט די מענטשן זיינען געשפּרונגען פון די וואַגאָנעס, ווען דער צוג איז געווען אין זיין שנעלן גאַנג. פיל פון די ניי־געקומענע זיינען געווען שטאַרק צעבראָכן און רואינירט. יעקב מאַלטשאַדסקי איז געבליבן אין דער בעליצער גרופּע. אַלע איבעריקע זיינען אַוועק אין אַנדערע גרופּעס. לענגער זיצן אויף דעם פּלאַץ האָט מען ניט געקאָנט, איז מען אַוועק טיפער אין וואַלד, אויף אַ נייעם אָרט און דאָרט ווידער אויסגעבויט נייע ביידלעך. פּלוצלינג זיינען ווידער פאַרשפּרייט געוואָרן קלאַנגען, אַז די „וויסע" געפינען זיך אין דאָרף זבלאַן (אומגעפער אַ דריי קילאָמעטער פונעם לאַגער) און אַז זיי וועלן זיך אַריבערפּראָווען דעם ניעמאַן, מיט דער אויסרעכענונג אָנצופאַלן אויף די יידישע גרופּן און זיי פאַרניכטן. עס איז שוין געווען צו שפּעט אויף צו קאָנען אַנטלויפן און די איינציקע רעטונג איז געווען — זיך צו פאַרשטעקן.

פונקט איין טאָג נאָך ראש־השנה, ג׳ תשרי פון יאָר 1943, זיינען די באַנדיטן באַפאַלן מאיר־אייזשקעס גרופּע, ווען עס איז נאָך געלונגען צו אַנטלויפן און זיך

צו פּאַרשטעקן אין נאָענטן קוסטארניק. דער איינציקער, וועמען זיי האָבן געכאַפּט לעבעדיקערהייט, איז געווען פּייווע סאַוויצקי. ער האָט אַפילו געהאַט ביי זיך געווער, נאָר ער האָט ניט קיין צייט געהאַט מיט דעם זיך צו אָפּשיסן. די באַנדיטן האָבן אים אַוועקגעפירט אין דער ריכטונג צום דאָרף זבלאַן, אויפן פּלאַץ פון די אַמאָליקע אַלטעביידלעך. זיי האָבן אים דאָרט זייער שטאַרק געשלאָגן און געפּאַדערט פון אים, אַז ער זאָל אַרויסגעבן ווו עס געפינען זיך די איבעריקע בעליצער יידן. ניט וועלנדיק אַרויסגעבן די איבעריקע ברידער זיינע, האָט זיי פּייווע אַוועקגעפירט צו די אַמאָליקע ביידלעך, וויסנדיק און זייענדיק זיכער, אַז דאָרט איז קיינער ניטאָ.

פאַרנאַכט־צו, אַז דאָס שיסעריי האָט אויפגעהערט, זיינען זיך אַלע צונויפגעקומען אויפן אַלטן אָרט. עטלעכע זיינען אַוועק געוווּיר ווערן, וואָס עס הערט זיך ביי די אַנדערע יידן. פּלוצלינג איז געקומען צולויפן עלטשיק־שייקעס יינגסטער זון, יוספקע, און אָנגעזאָגט די שרעקלעכע ידיעה, אַז פּייווע ליגט אַ געהרגעטער אין וואַלד. אַלע מענער זיינען תיכף אַוועק אים צונעמען און קובר זיין. מען האָט אים געפונען ליגן אַ שטאַרק צעשלאָגענעם אין קאָפּ און פּנים. די הענט זיינען געווען אויסגעדרייט אויף הינטן און צעבראָכן. נעבן זיין קערפּער זיינען געלעגן גרויסע, דובאָווע פלעקער מיט וועלכע די באַנדיטן האָבן אים דערהרגעט ביז טויט, קיין סימן פון אַ קויל איז אין זיין קערפּער ניט געווען.

די עטלעכע מענטשן, וועלכע האָבן אים געבראַכט צו קבורה זיינען געשטאַנען פאַר דעם פרישן קבר פון ערשט געפאַלענעם העלד פּייווע סאַוויצקי, אַרומגענומען אין טרויער און אין ווייטיק.

אַ שטילער געוויין האָט זיך צעטראָגן איבערן געדיכטן וואַלד, ווען זיין ברודער לאָזער־מאיר, יבדל לחיים, האָט געזאָגט „יתגדל ויתקדש". זיינע ווערטער האָבן אין דער טונקעלער נאַכט זיך אויסגעמישט מיטן גערויש פון די געדיכטעביימער־בלעטער.

## אַנטיסעמיטן מכל־המינים אין וואַלד

די „ווייסע" האָבן זיך די נאַכט איבערגעפראַוועט איבערן ניעמאַן צוריק קיין זבלאַן. צו מאָרגן פרי איז שוין געווען רואיק אין וואַלד. אַרום האַלבן טאָג איז געקומען אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער פון פושטשע און האָבן געבראַכט מיט זיך „סוואָדקעס" (נייעס פון פראָנט), די סאָוויעטן האָבן געהאַט זייער גרויסע נצחונות. ס'האָט געהייסן, אַז ס'וועט שוין ניט לאַנג געדויערן און מ'וועט קאָנען אַרויס צוריק אויף דער פריי. און כאָטש דער אומגליק מיט סאַוויצקין איז נאָך געווען פריש, האָבן אַלע פונדעסט־וועגן זיך געפרייט מיט די גוטע נייעס. מיט די פּאַרטיזאַנער איז אויך געווען דער בעליצער ייד דוד־הירשל מעקל (יאַנקל דעם בעל־עגלהס זון). ער איז געווען דער „סטאַרשינאַ"

(פראָדוקטן־פאַרזאָרגער) פון אָטריאַד און ער איז געקומען אַהער מיט דער אויפגאַבע צו שאַפן פראָדוקטן פאַרן אָטריאַד. דוד־הירשל איז שוין געווען אַן עלטערער מענטש, אומגעפער אַ 63 יאָר אַלט. ער האָט זיך געהאַלטן זייער גוט און אָנטיילגענומען אין קאַמף און אין נקמה־אַקטן. פאַרנאַכט־צו איז געווען גאַנץ רואיק און די גרופּע באַוואָפנטע פּאַרטיזאַנער זיינען אַוועקגעפאָרן אין דאָרף זאַטשעפּיץ ווו זיי האָבן געדאַרפט שאַפן די פּראָדוקטן. צוויי שעה האָבן זיי געזאַמט אין דאָרף ביז זיי זיינען פאַרטיק געוואָרן מיט זייער אויפגאַבע און זיינען געפאָרן צוריק אין זייער וואַלד אַריין.

צוקומענדיק צום דאָרף קאַרשאקי האָט זיך די גרופּע ווידער געטראָפן מיט די „ווייסע״, וועלכע האָבן זיך אומגעריכטערהייט אַריבערגעפּראַוועט איבערן ניעמאַן. די באַנדיטן האָבן זיי באַגעגנט מיט אַ שיסעריי און די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך געמוזט צעלויפן אין אַלע זייטן פון וואַלד און זיך פאַרשטעקט. דוד־הירשלען איז געווען זייער שווער צו לויפן אין זיין עלטער און ער האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ ליידיקן גרוב פון קאַרטאָפל און געבליבן דאָרט, מיינענדיק, אַז די באַנדיטן האָבן אים ניט באַמערקט און ער וועט קאָנען איבערזיצן ביז זיי וועלן אַוועק. די באַנדיטן האָבן אָבער יאָ אים באַמערקט און זיי זיינען גלייך געלאָפן אין דער ריכטונג צום גרוב, צוקומענדיק נענטער האָבן זיי געעפנט אַ שרעקלעך פייער פון מאַשין־געווער. דוד־הירשל האָט זיך פאַרטיידיקט העלדיש ביז ער האָט אויסגעשאָסן די לעצטע קויל פון זיין ביקס. די מערדער האָבן אים דאַן אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן און אים געשאָסן אין קאָפּ, די באַנדיטן האָבן אים געלאָזט ליגן אויף דער ערד. דאָס אומגליק איז געשען דעם פערטן טאָג תשרי, אין יאָר 1943.

אין דער זעלבער נאַכט זיינען אַוועקגעפאָרן עטלעכע מאַן פון דער בעליצער גרופּע מיט די פּאַרטיזאַנער און געבראַכט דעם מת אין וואַלד אַריין ווו מען האָט אים מקבר־געווען לעבן די קברים פון לייזער משהקעס קינדער. נאָך דעם שרעקלעכן אָנפאַל און די פרישע אומגליקן האָט זיך די לאַגע אין די גרופּן שטאַרק פאַרערגערט, ספּעציעל מיטן אָנקומען פון ווינטער.

דער ווינטער האָט זיך גענומען דערנענטערן און עס איז שווער געוואָרן צו זיצן אין די זומער־ביידלעך. די גרופּע האָט זיך דעצידירט ווידער אַוועקצוגיין אויף דער צווייטער זייט מאַלטשאַטקע און דאָרט איבערזיין דעם ווינטער. מען האָט געפונען אַ גוטן פּלאַץ אין די גלושיצער וועלדער און דאָרט אויסגעבויט אַ גרויסע און באַקוועמע זיעמליאַנקע. גלייכצייטיק האָט מען זיך אויך פאַרזיכערט מיט אַ „מאַלינע״ אין פאַל פון אָנפאַלן פון די „ווייסע פּאָליאַקן״, אָדער אַנדערע מערדער.

אינצווישן האָט אָנגעהויבן שיטן אַ געדיכטער שניי. די יינגערע חברה פלעגן אין אָט אַזעלכע נעכט פון שטורעמס און זאַווערוכעס שלעפּן זיך דורכן פינצטערן

וואַלד ביז צו אַ נאָענטן דאָרף, כדי אויפצוקלייבן עפּעס עסן, ווי אויך אַנדערע נויטבאַ־
דערפטיקייטן. אַריינקומענדיק אין דאָרף, האָט מען ריזיקירט מיטן לעבן. פון אַלע
זייטן האָט געלויערט דער טויט. מען האָט געדאַרפט מורא האָבן פאַר דייטשן, ווייס־
רוסישע פּאָליציי, ווייסע פּאָליאַקן, אוקראַינער און אויב דאָס איז נאָך ווייניק איז
אויך — פאַר „אייגענע" רוסישע פּאַרטיזאַנער פון „לידער־אָטריאַד", וועלכע ווי נאָר
זיי פלעגן כאַפּן אַ ייד, פלעגן זיי אים שיסן אויפן אָרט. איין מאָל איז איינער פון דער
גרופּע געקומען אין דאָרף באַנדארי נאָך ברויט, האָבן אים די דאָזיקע „לידער"
פּאַרטיזאַנער־מערדער געכאַפּט, אָנגענומען אים פאַר אַ דייטשן שפּיאָן און געוואָלט
שיסן. זיין גליק איז געווען, וואָס אַ יידיש מידל פון סלאָנים מיטן נאָמען ליובאַ,
וועלכע איז געווען די איין און איינציקע יידישקע אין אָטריאַד, אים דערקענט. זי האָט
אים אויסגעבעטן ביי זיי און אַזוי אַרום געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט.

גלייך נאָך דעם ווי עס האָט זיך אַוועקגעלייגט דער ערשטער שניי, האָבן זיך
געמאַכט שליאַדן פון דער זיעמליאַנקע ביז צום וועג צו. דאָס האָט געבראַכט צו אַ
פרישן אומגליק. די „ווייסע־פּאָליאַקן" האָבן אויף דעם געוואָרט. אַזוי אויך די באַנדיטן
פון „לידער־אָטריאַד". וואָרום זיי האָבן נאָר געזוכט אַ וועג, ווי אַזוי צו הרגענען און
אומברענגען די באַהאַלטענע יידן אין וואַלד. עס איז שוין געווען אוממעגלעך צו
בלייבן זיצן אויפן זעלבן פּלאַץ און די גרופּע האָט אין מיטן ווינטער געמוזט אַוועק־
גיין. דאָס גליק איז געווען וואָס נאָך מיט אַ פּאָר טעג פריער האָט די גרופּע דער־
האַלטן אַ בריוול פון דעם יידישן העלד, דער פּאַרטיזאַן בנימין באַראַן (לאמאי־פאסודע)
אין וועלכן ער האָט געהייסן שנעלער אַוועק פון דעם אָרט, ווייל די באַנדיטן קלויבן
זיך צו מאַכן אַן אָנפאַל. נאָך די זעלבע נאַכט איז די גרופּע אַוועק אין די קוליעשער
וועלדער ווי עס האָבן זיך געפונען די איבעריקע בעליצער גרופּן. אויפן פריערדיקן
פּלאַץ אין „אסאוויעץ" זיינען געבליבן זיצן נחמן באראנטשיק און זיין פאַמיליע.

אין אַ פּאָר טעג שפּעטער זיינען טאַקע די פּאַרטיזאַנער־באַנדיטן אָנגעפאַלן אויף
זייער גרופּע. צום גליק האָבן זיי דערהערט זייער אָנקום און קוים מיטן לעבן זיך
צעלאָפן. אין קוליעשער וואַלד האָט די גרופּע ווידער גענומען אויפשטעלן צייטווייַ־
ליקע ביידלעך אויף דער ערד, כדי צו קאָנען אין זיי איבערזיצן ביזן אויספאַרטיקן אַ
באַקוועמע זיעמליאַנקע. דער פּלאַץ פון דער נייער זיעמליאַנקע איז געווען אין די
האנטשיאריער וועלדער, ניט ווייט פון וועג, וואָס האָט געפירט צום דאָרף זאַטשעפּיטש.
דאָס אָרט איז ניט געווען קיין גוטער, נאָר קיין אַנדערע ברירה איז ניט געווען. דער
ווינטער איז שוין געשטאַנען אין זיין גאַנצער קראַפט. די פרעסט זיינען געווען זייער
שטאַרקע און די שנייען זיינען געפאַלן טאָג און נאַכט. די אויפגאַבע וואָס איז פאַר
דער גרופּע געשטאַנען איז געווען: זיך צוגרייטן צום איבערקומען דעם ווינטער
מיט אויפזאַמלען זאַפּאַסן פון עסנוואַרג. צו דער גרופּע זיינען צוגעשטאַנען נאָך עטלעכע

מאַן מיט געווער און מען האָט זיך געפֿילט פֿיל זיכערער אין פֿאַל פֿון אַן אָנגריף. אַזוי איז אויך לייכטער געוואָרן צו שאַפֿן אין די דערפֿער ברויט און אַנדער עסנוואַרג.

יעדע נאַכט פֿלעגן די יינגערע מענטשן זיך קלייבן אין וועג אַריין און ברענגען פֿון די דערפֿער פֿורן מיט קאַרטאָפֿל, ברויט און מעל. נאָך צוויי וואָכן האָט די גרופּע שוין געהאַט דעם נויטיקן זאַפּאַס עסנוואַרג, כדי צו קאָנען איבערקומען דעם ווינטער. נאָך דעם זיינען די מענטשן געבליבן זיצן אויפֿן אָרט און אין ערגעץ ניט אַרויסגע־גאַנגען. נאָר לאַנג האָט די מנוחה ניט געדויערט. ווען די פּרעסט האָבן אָנגעהויבן לאָזן און דאָס אייז האָט געצומען צעגייך, איז אַנגערונען אַ פֿולע זיעמליאַנקע מיט וואַסער. מען האָט געמוזט אָנהייבן בויען אַ צווייטע זיעמליאַנקע, אויף אַ העכערן פּלאַץ, כדי עס זאָל ניט פֿאַררונען ווערן. אין אָנהייב האָט מען זי געוואָלט אויפֿשטעלן נעבן אָרט ווו ס׳איז געזעסן ישראל זלאַצאָווסקי מיט זיינע מענטשן, נאָר צום סוף איז די גרופּע אַוועק טיפֿער אין וואַלד און געפֿונען אַ צווייטן פּלאַץ. אַצינד זיינען צו דער גרופּע צוגעקומען מיטיע פּופּקאָ און פֿאַמיליע. 4 טעג האָט געדויערט דאָס אויפֿבויען אַ נייע זיעמליאַנקע. זי איז געווען זייער אַ באַקוועמע און אַ גרויסע, אָבער לאַנג איז אויך דאָ ניט אויסגעקומען צו פֿאַרבלייבן.

אין די דערפֿער זיינען אָנגעקומען אַן אַ שיעור זעלנער פֿון וולאַסאָווס אַרמיי (רוסישער גענעראַל, וועלכער האָט זיך איבערגעגעבן די דייטשן מיט זיין אַרמיי און געקעמפֿט אויף זייער זייט קעגן די סאָוויעטן). די אַזוי גערופֿענע וולאַסאָווצעס האָבן דורכגעפֿירט גרויסע אָבלאַוועס אויף פּאַרטיזאַנער־צענטערס און האָבן בלאָקירט די אַרומיקע דערפֿער. זיי האָבן דערקלערט: „יידן און פּאַרטיזאַנער וועלן פֿון היינטערן שטיין אויסגעפֿונען ווערן און אויסגעראָטן ווערן ביז איינעם״.

אין אָנפֿאַנג יאַנואַר 1944 יאָר, האָבן זיך די וולאַסאָווצעס איינגעפֿעסטיקט אין די דערפֿער און יעדן טאָג באַשאָסן די וועלדער פֿון קאַנאָנען. אַרויסגיין אין דאָרף נאָך פּראָדוקטן איז געווען אוממעגלעך און ס׳איז ניט געווען קיין אַנדערער אויסוועג ווי צו פֿאַרלאָזן דעם פּלאַץ.

## די וולאַסאָווצעס בלאָקירן די וועלדער

אָנפֿאַנג פֿרילינג 1944 איז די גרופּע אַוועק אין ליפּיטשאַנסקער פּושטשע. דער אַוועקגאַנג און דער וועג אַהין האָבן מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אַ שרעקלעך בילד: עטלעכע אומגליקלעכע יידן, צעבראָכענע, הונגעריקע און אויסגעמוטשעטע האָבן זיך געשלעפּט מיט די שטעקעלעך אין די הענט, איבער די שמאָלע וועגעלעך פֿון די גרויסע וועלדער. קוים מיטן פֿרימאָרגן האָבן זיי דערגרייכט זייער ציל: זיינען אָנגע־קומען אין אַ לאַגער פֿון זשעטלער יידן מיט זייערע גרופּעס אין די דזשעמיאַנאָווי־

צער וועלדער. דער לאַגער האָט טאַקע געהייסן „דזשעמיאַנאָוויצער פאַמיליע־לאַגער". אין די נאָענטע וועלדער זיינען געווען נאָך עטלעכע לאַגערן. דאָס לעבן דאָ איז נאָך געגאַנגען גאַנץ „נאָרמאַל". פּאַרטיזאַנער פון פאַרשידענע אָטריאַדן פלעגן קומען אַהער זיך אָפּרוען נאָך לאַנגע רייזעס און פלעגן דאָרט עסן און טרינקען ביי די יידן, פאַרוואָס זיי פלעגן גוט באַצאָלן.

דער לאַגער האָט אויסגעזען ווי אַ קליין טיפּיש יידיש שטעטעלע. די יידן וועלכע זיינען נאָך פריער געקומען פון קוליעשער וואַלד, האָבן זיך שוין אויך געהאַט איינגע־אָרדנט און אויסגעבויט פאַר זיך נייע זיעמליאַנקעס צום ווינען. אויך די נאָרוואָס אָנגעקומענע האָבן זיך גלייך געשטעלט צו דער אַרבעט און צוגעגרייט פאַר זיך צום ווינען זומערדיקעביידלעך. בערל סטאַצקי און פאַמיליע פּופּקאָ און מאלטשאדסקי האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען.

די בלאָקאַדע פון די וולאַסאָווצעס האָט זיך אָנגעהויבן אויסברייטערן. דאָ האָט קיינער וועגן דעם ניט געטראַכט. דאָ איז מען געווען זיכער צוליב דער שוץ פון די פּאַרטיזאַנער. עטלעכע מאָל זיינען איינצלנע פון דער גרופּע אַוועק, ריזיקירנדיק מיטן לעבן, אין דער אַלטער זיעמליאַנקע אין די האַנטשאַריער וועלדער און געבראַכט אויף דער פּלייצע איבערגעבליבענע מעל און קאַרטאָפל. דאָס אַלץ איז געווען באַהאַלטן אין אַ מאַלינע און מען פלעגט עס אַזוי שלעפּן אַ 25—30 קילאָמעטער.

פון דער אַנדערער זייט ניעמאַן האָבן זיך דערטראָגן קלאַנגען, אַז די ווייסע־פּאָליאַקן פירן אַ גרויסן קאַמף קעגן פּאַרטיזאַנער און יידן. מען האָט זיך געריכט אויך אויף זייער קומען אין דער פּושטשע. פון דער צווייטער זייט באַן־ליניע פון נאַליבאַ־קער פּושטשע זיינען געשטאַנען גרויסע רוסישע פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן, ווי אויך אַ גרויסער יידישער אָטריאַד פון 1200 פּערזאָן אונטער דער אָנפירערשאַפט פונעם העלדישן טוביה ביעלסקי.

פון די נייעס איבערגעגעבענע אין סאָוויעטישן ראַדיאָ, האָט מען זיך דערוווּסט, אַז דער פראָנט דערנענטערט זיך. מען האָט עס אויך געפילט פון דעם צוריקטרעטן פון די וולאַסאָווצעס. זיי פלעגן יעדן טאָג אָנקומען פון מזרח און זיך באַזעצן אין די דערפער. זיי האָבן פאַרבלאָקירט אַלע דערפער און אַפילו איינציקע הייזער אין דער פּושטשע. די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך פאַר דעם ניט געשראָקן. זיי זיינען געווען שוין גענוג שטאַרק אויף צו געבן אַ ווידערשטאַנד דעם שונא. יעדן אָוונט פלעגן קומען צו־פליען סאָוויעטישע אַעראָפּלאַנען פון מאָסקווע און אַראָפּוואַרפן געווער מיט דעסאַנטן, כדי צו פאַרשטאַרקן די פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג און די דיווערסיע־אַקטן. די דעסאַנטן פלעגן קומען אין די פאַמיליע־לאַגערן און איבערגעבן די נייעס פון פראָנט. זיי האָבן געפירט אַ גרויסע פּראָפּאַגאַנדע אין די דערפער, צווישן די פּויערים. זיי האָבן זיי געטיילט געלט און זאַכן. דאָס לעבן אינעם „קליינעם שטעטעלע" אין „דזשעמיאַנאָווי־

צער לאַגער״ האָט זיך נאָך אַלץ געפירט „גאַנץ נאָרמאַל״, ביז עס האָט אָנגערוקט דער זומער פון יאָר 1944.

## די חבלי־לידה פון דער באַפרייאונג

נאָך דעם ווי די וולאַסאָווצעס האָבן שוין געהאַט פאַרבלאָקירט כמעט דאָס לעצטע פויערישע הויז, זיינען זיי צוגעטרעטן צו „זייער אַרבעט״. זיי האָבן זיך גענומען דורכ־פירן אַ צענטראַליזירטע אַבלאַווע אין פושטשע אויף די פאַרטיזאַנער.

דעם 13־טן יוני 1944 זיינען די וולאַסאָווצעס אַריין מיט טאַנקן אין די וועלדער. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרינטלעכע דורכנישטערונג פון די פאַרטיזאַנער־ראַיאָנען. דער גערויש פון די טאַנקן האָט אין פרימאָרגן אויפגעוועקט די שלאָפנדיקע יידן אין לאַגער. מען איז זיך צעלאָפן אין אַלע זייטן פון גרויסן וואַלד. קיין פּלאַץ, וווּ זיך צו באַהאַלטן איז ניט געווען. אין די ערשטע טעג האָבן די פאַרטיזאַנער־אָטריאַדן גע־שטעלט אַ גרויסן ווידערשטאַנד און עס האָט זיך צעפלאַקערט אַ גרויסער קאַמף. נאָך 5 טעג האָבן זיך די פאַרטיזאַנער געמוזט אונטערגעבן און די מערדער האָבן פאַרכאַפּט די לאַגערן. די פאַרטיזאַנער זיינען אָפּגעטראָטן פון זייערע פּאָזיציעס און זיינען זיך צעלאָפן טיפער אין די וועלדער.

אַ טייל פון יידישן לאַגער האָט זיך פאַרשטעקט אין די צוגעגרייטע מאַלינעס, אַנדערע זיינען אַוועקגעלאָפן צוזאַמען מיט די אָפּטרעטנדיקע פאַרטיזאַנער. די גרופּע בעליצער האָט זיך צוזאַמענגעקליבן און איז אַוועק אַ 25 קילאָמעטער טיפער אין די וועלדער, אין דער ריכטונג צו דער שטאָט דערעטשין, צום טייך שטשאַרע.

די מערדער האָבן זיך אַריינגעכאַפּט אין יידישן לאַגער און ווען זיי האָבן געפונען גלייך צעשאָסן אין די ביידלעך. אין דעם טאָג זיינען גלייך געווען 11 קרבנות. אַ גרופּע פון 12 מיידלעך, וועלכע האָבן געוואָלט אַנטלויפן און זיך פאַרשטעקן אין וואַלד, זיינען באַמערקט געוואָרן. די רוצחים האָבן זיי נאָכגעיאָגט און מיט כוונה געטריבן צום טייך ניעמאַן. פיל פון זיי זיינען אַריינגעלאָפן גלייך אין וואַסער, ניט וועלנדיק זיך איבערגעבן לעבעדיקערהייט אין די הענט פון די גזלנים. 7 מיידלעך האָבן זיך דערטרונקען און די איבעריקע 5 זיינען געכאַפּט געוואָרן. מען האָט זיי אַוועקגעפירט אין זשעטלער תפיסה, געפייניקט עטלעכע טעג און דאַן זיי פאַרברענט אויפן זשעטלער מאַרק (לויט די דערציילונגען פון די ווייסרוסישע קריסטן).

דער וועג פון דער גרופּע צו די מאָצקאַליער וועלדער, איז געווען זייער אַ שווערער און ריזיקאַלישער. די מערדער האָבן זיי שטאַרק באַשאָסן און געטריבן צוריק אין פייער אַריין. אַרום און אַרום האָט געהילכט אַ שיסעריי. די וולאַסאָווצעס האָבן אונטערגעצונדן אַלע אַרומיקע דערפער. פינף שעה האָט די גרופּע זיך געשלעפּט

איבער וועגן און וועגעלעך ביז זי איז צוגעקומען צו אַ גרויסן וואַלד און זיך דאָרט אָוועקגעזעצט אָפּרוען.

פלוצלינג האָט אויף דער גרופּע זיך אַראָפּגעלאָזט אַ האָגל פון קוילן. די מערדער זיינען אַריין טיפער אין גרויסן וואַלד. די זומפּן און די בלאָטעס זיינען געווען ביז איבערן האַלדז. די מערדער האָבן אויף דעם קיין אַכט ניט געלייגט, זיינען געקראָכן אין די טיפע זומפּן און געגישטערט און געזוכט יידן, צי פּאַרטיזאַנער. גייענדיק אַזוי אין וואַלד, האָבן זיי טאַקע אָנגעטראָפן אויף יידישע גרופּעס. איינמאָל האָבן זיי געכאַפּט 5 יידישע פּאַרטיזאַנער, דערונטער — 2 מיידלעך, און גלייך זיי געשאָסן. נאָכן אָפּזיצן דריי טעג אויף דעם אָרט, האָט די גרופּע פלוצלינג באַמערקט דורכלויפנדיקע מענטשן. אַלע האָבן זיך שטאַרק דערשראָקן, געמיינט, אַז דאָס זיינען געוויס אויסשפּירער פון די וולאַסאָווצעס, און אַז די מערדער געפינען זיך שוין ניט ווייט פון דעם אָרט. אָבער באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס זיינען פּאַרטיזאַנער און מען האָט זיך דערוווסט פון זיי, אַז דאָ סטאַציאָנירט זייער פּאַרשטעקטע בריגאַדע. אויפן האַרצן איז געוואָרן אַ ביסל פריילעכער. אָבער דערווייל האָט מען אָנגעהויבן ליידן פון אַן אַנדערער צרה: דער זאַפּאַס עסנוואַרג, וואָס די גרופּע האָט מיטגעבראַכט מיט זיך איז פאַר די עטלעכע טעג אויסגעגאַנגען און מ׳האָט אָנגעהויבן הונגערן. פאַר קיין שום געלט אין דער וועלט האָט מען ניט געקאָנט אַרויסגייןקריגן עפּעס צום עסן. איבערהויפּט האָבן געליטן פון שווערן הונגער די קליינע קינדער און עלטערע מענטשן.

די פּאַרטיזאַנער האָבן שוין פון עטלעכע טעג געגעסן פערד־פליש. אויך ביי דער גרופּע איז אויפגעקומען דער געדאַנק, אַז אַזוי ווי עס בלאָנדזשען אַרום פערד אין וואַלד דאַרף מען כאַפּן אַ פערד, און אים קוילענען. צוויי מאַן זיינען אַוועק און האָבן געבראַכט זייער אַ שיין פערד, אַלע האָבן זיך גלייך גענומען צו דער אַרבעט. מען האָט עס שנעל געקוילעט, אַראָפּגעשינדן די פעל, צעשניטן און עס איז שוין געווען פליש צום עסן. די הונגעריקע שכנים פּאַרטיזאַנער זיינען אַרויפגעפאַלן אויף דעם ווי בינען און צעכאַפּט שטיקער פליש אַפילו אין טאַשן אַריין. אין אָוונט, ווי נאָר ס׳איז געוואָרן פינצטער, האָט מען געמאַכט אַ פייער און אָפּגעקאָכט דאָס פליש און אָפּגעגעסן צו דער זעט.

דעם 20.6.44 פאַרטאָג. ווי נאָר עס איז געוואָרן אַ ביסל ליכטיק, האָבן אַעראָפּלאַנען באָמבאַרדירט דעם וואַלד. מען האָט זיך ניט אַנדערש פאַרגעשטעלט ווי נאָר אַז די דייטשן באָמבאַרדירן די וועלדער. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די סאָוויעטן האָבן באָמבאַרדירט די נאָענטע שטעט. דעם זעלבן פרימאָרגן איז מען אַנטלאָפן טיפער אין וואַלד. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט מען זיך אָנגעטראָפן אויף נאָך אַ גרופּע יידן פון זשעטל, וועלכע האָבן זיך אויך אויסבאַהאַלטן אין זעלבן וואַלד. אָבער דאָ אין

וואַלד און אַרום אים האָבן זיך געפירט גרויסע שלאַכטן צווישן דער סאָוויעטישער אַרמיי און די אָפּטרעטנדיקע דייטשן.

די צוויי יידישע גרופּעס זיינען אַריין נאָך טיפער אין וואַלד. ס׳איז אויפגעגאַנגען אַ טאָג, וואָס האָט זיך געצויגן זייער לאַנג, פון דער נאָענט האָבן אָפּגעקלונגען קולות פון די מערדער און מ׳האָט מורא געהאַט, אַז אָט קורץ פאַר דער באַפרייאונג זאָל מען ניט אַריין אין די רוצחישע הענט. ס׳איז געוואָרן טונקל, האָט מען זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט נאָך אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן איבערגעגעבן די לעצטע ידיעות, אַז די רויטע אַרמיי איז שוין דאָ אין באַראַנאָוויטש. נאָר אין די וועלדער גייט נאָך אָן די אָבלאַווע אין איר גאַנצער קראַפט.

די בעליצער גרופּע האָט זיך אומגעקערט צוריק אויף איר אַלטן פּלאַץ און האָט דאָרט געטראָפן נאָך פיל באַקאַנטע פון פּושטשע, כמעט אַלע אָטריאַדן האָבן זיך אַצינד קאָנצענטרירט אין די וועלדער ניט ווייט פון דאָרף מאַצקאַלי. מאיר (אייזשיקס זון) איז גלייך אַהין אַוועק און באַקומען עפּעס צום עסן.

דער בריגאַדע־קאָמאַנדיר האָט דערלויבט גיין אין נאָענטן דאָרף מאַצקאַלי קריגן קאַרטאָפל ביי די פּויערים. פיר מאַן פון דער בעליצער גרופּע זיינען אַוועק מיט אַן אונטער־וועגעלע, דורך די זומפּן און וואַסער, אין דאָרף אַריין. די פּויערים האָבן געגעבן צוביסלעך קאַרטאָפל. אויפן צוריקקער „אַהיים״ האָבן די פיר זיך אָנגעטראָפן אויף אַ רוסישן פּאַרטיזאַנער פון „קראַסנאַ־גוואַרדיעסקן״־אָטריאַד, — אַ גרויסער אַנטיסעמיט, און ער האָט זיי שטאַרק צעשלאָגן, צוגענומען די קאַרטאָפל און נאָך געדראָט מיט שיסן, אויב זיי וועלן ניט אַנטלויפן וואָס שנעלער פון דאָרף. דאָס איינציקע גליק פון די פיר יידן איז געווען וואָס אַ יידישער פּאַרטיזאַן, יונה מידוויעצקי, וועלכער איז געווען מיט אים צוזאַמען, האָט זיך פאַר זיי אָנגענומען און געבעטן דעם אַנטיסעמיט, ער זאָל זיי גאָרניט טון. דער צעיושעטער פּויער האָט זיך אָבער ניט באַרואיקט, און גענומען אַ גרויסן פלאָקן און דערלאַנגט איינעם פון דער גרופּע איבער דער האַנט, פון וואָס זי איז שוואַרץ געוואָרן. באַלד דערנאָך זיינע די עטלעכע יידן זיך צעלאָפן אין שרעק און דורכן קאָרן אָנגעקומען צוריק אין וואַלד. דער שיכור האָט ניט געקאָנט איבערטראָגן זיין צער, הלמאי ער האָט די זשידעס געלאָזט לעבן און זיי נאָכגעשאָסן. די קוילן האָבן אָבער קיינעם ניט געשאַדט.

דער וועג צוריק איז געווען אַ שווערער. די פיר מאַן האָבן זיך געשלעפּט בראַ־דיענדיק אין די זומפּן, וואָס האָבן דערגרייכט ביזן האַלדז. נאָך אַ צוויי שעה גיין זיינען זיי אויסגעמאַטערטע אָנגעקומען צוריק אין לאַגער. דער הונגער האָט שטאַרק געדריקט. פון אַלע זייטן האָט געדראָט דער טויט. די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך צוזאַמענ־גענומען און זיינען אַוועק און אַז ס׳האָבן די יידישע פאַמיליעס זיך שטאַרק געבעטן ביי זיי, אַז זיי זאָלן זיי דערלויבן מיט זיך מיטצוגיין, האָבן די רוסן אָפילו ניט געוואָלט

הערן פון דעם. געזען אַזוי, האָט אויך די גרופּע באַשלאָסן ניט צו בלייבן דאָ און זיך געלאָזט אין וועג אַריין, צו דער פּושטשע.

דער וועג צוריק אין דער פּושטשע איז געווען זייער אַ שרעקלעכער. מען האָט געדאַרפט אַדורכגיין דאָס דאָרף רודע, וווּ עס זיינען געזעסן די וולאַסאָווצעס. טאָג און נאַכט פלעגן זיי פון דאָרט באַשיסן די אַרומיקע וועלדער און באַלייכטן מיט ראַקעטן די וועגן, כדי אויסצוגעפינען דורכגייענדיקע פּאַרטיזאַנער. אָבער קיין צווייטער אויסוועג איז ניט געווען. צען אַזייגער ביינאַכט איז די גרופּע אַרויס פון וואַלד. פאָרויס זיינען געגאַנגען די, וואָס האָבן געטראָגן געווער. נאָך זיי האָט זיך געצויגן די גאַנצע גרופּע.

אָפּגייענדיק עטלעכע קילאָמעטער האָט די מענטשן אַרומגעכאַפּט אַ שווערע מידקייט. יעדער שאָרך פון די בלעטער אויף דיביימער, פלעגט אָנוואַרפן אַ שרעק. דאָ און דאָרט האָט מען געטראָפן ליגן געהרגעטע פּאַרטיזאַנער, און פערד — פּגרים — קרבנות פון די וולאַסאָווצעס. די אומגעקערטע אַלטע ביימער האָבן געשטערט אין גאַנג און צעריסן די פיס. ביי יעדן איינעם האָט גערונען בלוט און עס האָבן געברענט די פיס פון ווייטיק. צוקומענדיק צום דאָרף רודע, איז געווען רואיק. די גרופּע האָט געדאַרפט דורכגיין אַ קליין טייכעלע. יעדערער האָט זיך געטרייסלט פון שרעק.

איינער פון דער גרופּע האָט דער ערשטער אויסגעטון זיינע זאַכן און איז דורכ־געשווומען דאָס טייכל. עס איז געווען גאַנץ טיף און ניט יעדער איינער האָט אַליין געקענט אים דורכגיין. נאָכדעם איז אַ צווייטער אַריין אין וואַסער און כמעט אַלעמען דורכגעפירט אויף דער צווייטער זייט. אַרויסגייענדיק פון וואַסער האָט יעדן אַרומגע־נומען אַ שטאַרקע קעלט. מען האָט זיך צוגעדעקט מיט מאַנטלען און צוביסלעך זיך אָנגעוואַרעמט. נאָר וויל מען האָט לאַנג ניט געקאָנט זיצן אין אַזאַ געפערלעכן פּלאַץ, האָט מען גלייך זיך אויפגעשטעלט און מיט די לעצטע כוחות איז מען אַוועק ווײַטער. ווען עס האָט אָנגעהויבן טאָגן, איז די גרופּע אָנגעקומען אין אַ גרויסן וואַלד, ניט וויסנדיק ווו זי געפינט זיך איצט. נאַסע, טויט־מיד איז יעדער צוגעפאַלן צו דער הוילער ערד און אַנטשלאָפן געוואָרן.

מאַלטשאַדסקי יעקב און נאָך איינער פון דער גרופּע זיינען גלייך אַוועק זיך דערוויסן, ווו מען געפינט זיך. נאָך אַ האַלבער שעה זיינען זיי צוריקגעקומען און דערציילט, אַז מען געפינט זיך ניט ווייט פון דער פּושטשע. נאָר וויל דער וואַלד איז דאָרט געווען זייער שיטער איז מען אין אָוונט אַוועק ווייטער מיטן וואַלד. די קליינע קינדער האָבן געשריגן און געבעטן עסן, אויך די גרויסע זיינען געווען שטאַרק הונגעריק. פאַרטאָג האָט מען דערגרייכט אַן אַלטן פּאַרטיזאַנער־לאַגער, וואָס מען האָט געהאַט פאַרלאָזט נאָכן אָפּטרעטן. עטלעכע זיינען אַוועק זוכן איבער די אַלטע ביידלעך און זיי האָבן דאָרט געפונען שטיקלעך אַלט־ברויט און צעוואַקסענע קאַרטאָפל,

וואָס ס׳איז געווען אַ גרויס געווינס. מען האָט עס גלייך אָפּגעקאָכט און געראַטעוועט מיט דעם די קינדער און די אַלטע לייט. אויף דעם פּלאַץ איז מען שוין געבליבן זיצן.

עס זיינען איבערגעלאָפן 2 וואָכן. די אַבלאַווע איז נאָך אַלץ פאָרגעזעצט געוואָרן, אָבער שוין ניט מיט אַזאַ קראַפט. די סאָוויעטן האָבן אָנגעגריפּט און זיך דערנענטערט מיט יעדן טאָג.

מאַלטשאַדסקי מיט פּופּקען זיינען אַוועק איבערן וואַלד זוכן אַ בעסערן פּלאַץ ווו זיך איינצואָרדענען. זיי האָבן געפונען זייער אַ גוטן אָרט אויף אַן „אינדזעלע״ (אַזוי האָט מען עס אַ נאָמען געגעבן). געדיכטעביימער האָבן עס פאַרשטעלט פון אַלע זייטן און ס׳איז אויך געווען אַרומגערינגלט מיט וואַסער און זומפּן. דאָס „אינדזעלע״ איז געלעגן ניט ווייט פון אַלטן פאַרטיזאַנער־לאַגער פון „דזשערזשינסקיס אָטריאַד״. שוין דעם ערשטן טאָג האָט מען אַוועקגעשטעלט ביידלעך צום וווינען און גלייך אָנגעהויבן בויען אַ מאַלינע כדי זיך צו פאַרשטעקן אין פאַל פון אַן אָנגריף. צומאָרגנס האָבן זיך אַלע איבערגעקליבן אַהין. ניט ווייט פון דעם פּלאַץ איז געווען דער אַמאָליקער לאַגער פון דער גרופּע, איז מען אין אָוונט אַוועק אַהין און אַרויסגענומען פון די מאַלינעס דאָס פאַרשטעקטע ברויט, קאַרטאָפל, מעל און עס געבראַכט אויפן אינדזעלע.

דאָ האָט מען זיך געטראָפן מיט נאָך בעליצער און זשעטלער יידן, וועלכע האָבן דערציילט ווי אַזוי זיי האָבן זיך געראַטעוועט. זיי האָבן זיך באַהאַלטן אין די מאַלינעס, ווען די רוצחים זיינען אַריין אין לאַגער און דאָרט איבערגעזעסן בשעת דעם טומל. די מערדער האָבן דערווישט די מאַלינע, ווו ישראל זלאָצאָווסקי מיט דער פאַמיליע האָבן זיך געהאַט פאַרשטעקט. צו זייער גליק זיינען די מערדער ניט געקראָכן זיי אַרויסשלעפּן און אַזוי זיינען זיי געבליבן לעבן. אין די אָוונטן פלעגט מען איבערגיין דאָס טייכל און אָפּבאַקן ברויט אין אַלטן, פאַרטיזאַנישן לאַגער.

דער מצב פון דער גרופּע האָט זיך פאַרבעסערט, כאָטש די גזלנים זיינען נאָך אַלץ געזעסן אין פּושטשע. ניט ווייט פון דער בעליצער גרופּע האָט זיך אויך איינגעאָרדנט אַ דיווערסאַנטן־אָפּטיילונג אונטער דער אָנפירערשאַפט פון רוסישן קאַפּיטאַן סיעווערני. אין דער זעלבער אָפּטיילונג האָבן זיך געפונען פיל באַקאַנטע.

די דיווערסאַנטן־גרופּע האָט פאַרמאָגט אַ ראַדיאָ און מען פלעגט יעדן טאָג הערן די נייעס וועגן די אָנגריפן פון די סאָוויעטן. עס זיינען אָנגעקומען טעג, ווען מען האָט שוין אָנגעהויבן צו הערן די נאָענטע קאַנאָנאַדעס. צוליב דעם פלעגן די מערדער נאָך מער בושעווען אין פּושטשע און דורכפירן אַבלאַוועס אין די וועלדער. זונטיק, דעם 3.7.1944 בייטאָג האָבן זיך דערהערט נאָענטע שאָסן פון ביקסן. קיינער האָט זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז די מערדער זיינען ווידער דאָ אין וואַלד. די ווילדע קולות זייערע האָבן זיך שנעל צעטראָגן אין יעדן ווינקל פון וואַלד. און אָט זיינען זיי שוין צוגעקומען נאָענט פון די ביידלעך.

די מערדער זיינען מיט רעש פאַרבייגעגאַנגען די ביידלעך פון דער גרופּע, האָבן געשאָסן אין אַלע זייטן און גאָרניט ניט באַמערקט. זיי זיינען געווען אין אַלטן לאַגער, האָבן דאָרט פאַרברענט די ביידלעך און זיינען אַוועק, מיטן וועג, צום נאָענטן דאָרף דיעמיאַנאָוויצי. פאַרנאַכט־צו איז געוואָרן רואיקער און אַלע האָבן זיך צוריק אויפגעזאַמלט אויפן זעלבן פּלאַץ. ביינאַכט האָבן די סאָוויעטישע אַעראָפּלאַנען באַלויכטן מיט ראַקעטן די אַרומיקע נאָענטע שטעט און שטעטלעך און דערנאָך זיי גלייך באַמ־באַרדירט.

## די באַפרייאונג...

פרייטיק, דעם 7־טן יולי 1944 איז געקומען דער גליקלעכער טאָג פון דער באַ־פרייאונג. ווי נאָר עס איז אויפגעגאַנגען די זון פון אָט דעם טאָג, זיינען עטלעכע מאַן פון דער גרופּע אַוועק צו די פּאַרטיזאַנער פון קאַפּיטאַן סעווערינס גרופּע. דאָרט האָט די פּאַרטיזאַנערין דוסיע זיי דערציילט, אַז צוויי רויט־אַרמייער זיינען שוין דאָ אין לאַגער, אַז די סאָוויעטן האָבן שוין באַפרייט זשעטל און באַזעצט די געגנט. די שליחים זיינען גלייך צוריקגעלאָפן צו דער גרופּע אויפן „אינדזעלע“ אָנזאָגן די גוטע בשורה. די שמחה איז געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט געוויינט פון פרייד און ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן. מען האָט דערמאָנט די בעסטע און נאָענטסטע, וועלכע האָבן ניט זוכה געווען צו דערלעבן די מפּלה פון די רוצחים. אָבער אויף דעם פּלאַץ איז געווען אוממעגלעך צו בלייבן צוליב די אָנפאַלן פון די רעשטלעך אַנטלויפנדיקע דייטשע זעלנער.

די רעגולערע רויטע אַרמיי האָט מאַרשירט פאָרויס אין אַ שנעלן טעמפּאָ און איז אַריין טיף אין דער פּוילישער טעריטאָריע. עס זיינען פאַרביי עטלעכע טעג זייט דער באַפרייאונג, און ווען די לאַגע איז געוואָרן קלאָרער, האָבן די גרופּעס צוזאַמענ־גענומען אַלע נויטיקע זאַכן, וואָס זיינען נאָך געבליבן און אַוועקגעלאָזט זיך אין דער ריכטונג פון בעליצע. מיט דעם האָט זיך פאַרענדיקט דאָס טראַגישע לעבן אין וואַלד — אַ שרעקלעכער פּעריאָד פון צוויי יאָר ליידן, פון פּחד און טויט. אויפן וועג האָט מען געטראָפן די פאָרויסגייענדיקע זיגרייכע רויטע אַרמיי. די זעלנער האָבן זייער פריינדלעך זיך באַצויגן צו די אומקערנדיקע זיך פון וואַלד און זיי אָנגעוויזן, ווי אַזוי זיך צו פירן אין וויטערדיקן וועג. נאָך עטלעכע טעג איז מען צוגעקומען אין דער חרובער, אויס־געהרגעטער יידישער בעליצע. אַריינגייענדיק אין שטעטל האָבן די יידן גלייך באַגעגנט די מיעשטשאַנעס, וועלכע האָבן זיי זייער קאָלט אויפגענומען. זיי האָבן בכוונה ניט געוואָלט דערקענען קיין מענטשן, מיינענדיק, אַז די יידישע הייזער וועלן בלייבן זייערע. עס האָט זיי פאַרדראָסן, וואָס די יידן זיינען געבליבן לעבן. זיי האָבן געוואָלט בלייבן די איינציקע יורשים. די ערשטע פראַגע זייערע איז געווען: „דו לעבסט נאָך“?

דאָס שטעטל בעליצע וואָס האָט עקזיסטירט לאַנגע דורות, איז ניט געווען צו דערקענען. די פּלעצער ווו מיט עטלעכע יאָר צוריק זיינען געשטאַנען יידישע הייזער, זיינען אַצינד פאַרוואַקסן מיט הויכע ווילדע גראָזן. די קליינע יידישע קהילה אין וועלכער עס האָט פריער געבליט אַ פיינע יידישע יוגנט, איז טאָטאַל פאַרניכטעט געוואָרן.

דער ערשטער בליק אויף די יידישע חורבות האָט געמאַכט אויף די פון וואַלד געקומענע, אַ זייער שווערן און שרעקלעכן רושם. ביי יעדן איינעם האָבן זיך דערוועקט ווייטיקן פון גרויזאַמער עלנטקייט, און מען האָט זיך געשטעלט די פראַגע: ביי וועמען איז מען דאָ געבליבן? און צו וואָס איז מען געבליבן לעבן? ווו זיינען זיי די אַלע, וועלכע פעלן? און פון דער צווייטער זייט האָט זיך אויך געפרעגט: און וואָס דאַרף מען ווייטער טון? וואָס דאַרף מען דערוואַרטן פון די מאָרגנס, וואָס וועלן נאָכקומען? מיט וואָס קאָנען זיי אָנפילן די אויסגעליידיקטע, צעוויייטיקטע הערצער?

יעקב קרעמען

# ווי אזוי כ׳האב זיך געראטעוועט

## ווען די דייטשן זיינען אַריין אין שטעטל

געוווינט האָבן מיר אין בעליצע, לעבן ניעמאַן, אויפן מאַרק. אונדזער משפחה האָט געציילט 6 נפשות: די עלטערן און 4 קינדער. ווען די דייטשע מערדער זיינען אַריין אין שטעטל, בין איך אַלט געווען 20 יאָר. צוזאַמען מיט מיין שוועסטער שרה, האָב איך געפּרובירט לויפן קיין רוסלאַנד, כדי צו זיין וואָס ווייטער פון די דייטשן. צום באַדויערן זיינען מיר נאָך עטלעכע טעג געקומען צוריק אַהיים. בעליצע איז געווען פאַרברענט פון עק ביז עק. די עלטערן האָבן מיר געפונען ביי מיין מומען דבורקה, דעם טאַטנס שוועסטער. מיר האָבן גלייך אָנגעפאַנגען פילן, וואָס די דייטשן זיינען. אין אַ קליינער דירה האָבן געוווינט, חוץ דער מומען מיט איר משפחה (פון וועלכער ס׳איז דערנאָך קיינער ניט געבליבן) אויך זרח בן אברהם און זיין מאַמע מלכה, ווי אויך אונדזער משפחה — אַ קיימא לן פון אַ 12 פּערזאָן.

אין איינעם פון די ערשטע טעג האָבן די דייטשן אונדז צונויפגעקליבן לעבן חיים־ראובן באַראַנטשיקס שטוב און זיי האָבן אונדז געגעבן צו וויסן, אַז מיר האָבן קיין שום

רעכט ניט און קיין שום ווירדע, אַז מיר דאַרפן אָפּגעבן אַלע ראַדיאָ־אַפּאַראַטן און געווער. אַזוי איז אויך געווען דער באַפעל, אַז פון זונטיק אָן דאַרפן מיר אָנהייבן טראָגן געלע לאַטעס (אַ געלער מגן דוד) אויף אַ ווייסער לענטע. דאַן האָט מען אַרויסגענומען דעם רב און חיים־איצקען — מיין פעטער (דעם טאַטנס ברודער), דעם אַפּטייקער וויס־מאַנסקי און שמעון־הערצל נאָוואָגרודסקי (דער בעקער) און נאָך יידן. דעם רב ז״ל האָט מען איינגעשפּאַנט אין אַ וואָגן אויף וועלכן עס זענען געווען אָנגעלייגט צעבראָכענע שטיקלעך געווער, געבליבענע נאָך פון די רוסישע סאָלדאַטן. אַ דייטש האָט זיך אַרויפ־געזעצט אויפן וואָגן און געהייסן זיך פירן ביז פאַרעטש. אויפן וועג האָט מען געשאָסן איבער די יידנס קעפּ. זייער שרעק איז געווען גרויס. געשען איז דאָס אין צווייטן פרייטיק פון דייטשישן אַריינקום אין שטעטל. דער שבת איז געווען אַ טרויעריקער פאַר אונדז. זונטיק זיינען זיי צוריקגעקומען צעשלאָגענע און צעבראָכענע.

### דער „יידן־שפּיל״

אין יענעם זונטיק, האָבן זיי אונדז אויפגעוועקט 5 פאַרטאָג און געמאַכט מיט אונדז אַ „יידן־שפּיל״. זיי האָבן אַרויסגעטריבן פון די שטיבער אַלע מענער פון 10 יאָר אָן און



דריי שוועסטער מעקעל

זיי צונויפגעקליבן נעבן קאַשטשיאַל. דאָרט האָבן זיי נאָכאַמאָל אונדז געמאָלדן, אין קעגנ־וואָרט פון אַלע קריסטלעכע איינוווינער, וועלכע זיינען געגאַנגען אין קלויסטער אַריין, אַז מיר· יידן האָבן קיין שום רעכט ניט.

דערנאָך האָבן זיי אַרויסגעריסן פלעקער פון פלויט פון דער שקאָלע און אויסשטעלנדיק זיך אין צוויי רייען, איינער קעגן דעם אַנדערן, האָבן זיי אונדז געהייסן איינציקווייז לויפן צווישן דער שורה. זיי האָבן אונדז דערלאַנגט טויט־קלעפּ אין קעגנוואַרט פון אונדזערע שכנים. איינער, אַ לידער בחור מיטן נאָמען זלמן, וועלכער האָט געוווינט ביי משה דעם סטאָלער (לאָזער מאירס טאַטע) איז געשטאָרבן פון די קלעפּ. אַזעלכע זיינען געווען די ערשטע טעג מיט די דייטשן און אַזעלכע — די ערשטע צרות. באַלעבאַנסקי, ימח שמו, איז געוואָרן דער גאַנצער שטאָט־טאַטע (בורמישטש) און יונגע מיעשטשאַנעס זיינען געוואָרן פּאָליציאַנטן. זיי פלעגן קומען ביינאַכט או מאַכן רעוויזיעס ביי די, אויף וועלכע זיי האָבן געהאַט אַ בייז אויג נאָך פון דער צייט, ווען די סאָוויעטן האָבן געהערשט אין בעליצע. זיי האָבן צוגענומען אַלע פערד און וועגן און אויך די קי. מ׳איז ממש געבליבן אָן גאָרניט. זיי האָבן געטריבן צו פאַרשידענע אַרבעטן: צעוואָרפן הייזער־ווענט, צענעמען די ציגל און — אויפן שאָסיי. ביינאַכט פלעגן מיר שלאָפן אונטערן פרייען הימל, אָדער אויף די פּאַרברענטע פּלעצער, ווייל מיר האָבן מורא געהאַט צו שלאָפן אין די הייזער.

אין איינעם א נאָכמיטאָג איז געקומען אַ גרופּע סאָלדאַטן־מערדער און זיי האָבן פאַרלאַנגט פון חיים־יצחק קרעמען און פון פּיווקע מנשה דווידס סטאַצקי, אַז זיי זאָלן מיט־גיין מיט זיי צונויפנעמען אַ צאָל אייער. נאָך דעם, ווי זיי האָבן געשאַפן דעם סכום אייער, האָבן די דייטשן זיי מיטגענומען און זיי געשאָסן לעבן משיליצע, אויף יענער זייט ניעמאַן.

## 36 קרבנות צוזאַמען מיטן רב ז״ל

דער מלאך־המוות איז געוואָרן אַ בן־בית אויף יעדן טריט און שריט. אין אַ געוויסן טאָג, אומגעפער אַ מאָנאַט נאָכן אָנפאַנג פון דער מלחמה, איז געקומען אין שטעטל אַריין אַן עקספּעדיציע, אַזאַ מין שטראָף־קאָמאַנדע, וואָס האָט געהאַט דעם ציל אויסצו־הרגענען דעם גרעסטן טייל פון די יידישע מענער. און ווייל די שרעק איז געווען גרויס זיינען זיך פיל צעלאָפן ווו אַהין עס האָט זיך נאָר געלאָזט.

איך בין אויך געווען דאַן צווישן די אַנטלאָפענע. די דייטשן האָבן צונויפגעקליבן — 36 יידן מיטן רב בראש. די מערדער האָבן זיי אָנגעטון פאַרשידענע עינויים. דערנאָך כמעט לעבעדיקערהייט זיי פאַרשאָטן אויף דער „שטשעלניצע״ נעבן דער צערקווע.

## ,,וואָס טוט מען ?״

נאָך דעם האָט מען זיך צונויפגעקליבן ביי דבורקהן אין שטוב, און מ׳האָט גענומען באַטראַכטן די שווערע לאַגע. מ׳האָט אויסגעקליבן אַ דעלעגאַציע, וואָס איז באַשטאַנען

פון: ישראל זלאַצאָווסקי, אליהו סאָקאָלאָווסקי (דער לערער) און מיין טאַטע ישראל־מיירים. מען האָט באַשלאָסן, אַז די דעלעגאַציע זאָל אַוועק צו באַלעבאַנסקען און ריידן מיט אים: — ער זאָל העלפן אין דעם, אַז ס׳זאָל ווערן אַביסל רואיקער אין שטעטל און אַז מ׳זאָל קאָנען גיין פאַרשאַפן זיך ברויט, עפּעס צו פאַרדינען אָדער אויסבייטן פון דעם וואָס איז נאָך משטיינס־געזאָגט פאַרבליבן.

באַלעבאַנסקי האָט זיי אויפגענומען, אויסגעהערט די טענות, און צוגעזאָגט, אַז ער פון זיין זייט וועט ניט דערלאָזן צו קיין שלעכטס. ער האָט געהייסן באַקן ביי שלומען (דעם טאַטנס ברודער) אין דער בעקעריי און די וואָס אַרבעטן זאָלן באַקומען אַ פערטל ק״ג ברויט פאַר געלט. ער האָט אויך אַרויסגעגעבן שיינען (רשיונות), אַז מ׳זאָל קאָנען גיין אַרבעטן אין די דערפער. אַזוי האָט ער אויך דערלויבט אַראָפּצונעמען די קאַרטאָפל, וואָס יעדער האָט געהאַט פאַרזעצט.

## די 24 זאַקלאַדניקעס

אַרום די ימים טובים האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז מ׳וויל אונדז אַרויספירן פון בעליצע, ווייל אַזוי ווי בעליצע איז אַ סעלסקי־סאָוויעט, טאָרן דאָרט קיין יידן ניט וווינען. מיר האָבן אויך געהערט, אַז זיי ווילן אונדז איבערפירן געשלאָסענערהייט קיין לידע, וואָס איז אַליין אויך געווען פאַרברענט ווי בעליצע. כדי דאָס אויסצומיידן איז אַ גרויסער טייל פון בעליצער יידן זיך צעלאָפן, ווער קיין זשעטל, ווער קיין שטשוטשין, און אַ קליינער טייל — קיין לידע.

דאָס האָט די דייטשן פאַרדראָסן און זיי האָבן גענומען 24 מאַן ווי זאַקלאַדניקעס, כדי די רעשט־געבליבענע זאָלן זיך ניט צעלויפן. אַ דאַנק דער דעלעגאַציע, וואָס איז געווען טעטיק און אויך אַ דאַנק די זשעטלער יידן, האָט מען געשאַפן אַ גרויסע סומע געלט און מען איז אַוועק צו באַלעבאַנסקין אויסלייזן די מענטשן. די 24 מאַן האָט מען אַרויסגעלאָזט און קיינעם האָט ניט געשאַדט.

## אין זשעטלער געטאָ

מיט אונדז האָבן זיך אָנגעהויבן נייע צרות אין זשעטלער געטאָ. עס איז אונדז ניט געווען לייכט, ווייל סוף סוף זיינען מיר דאָך געווען צוגעפּאַרענע פון אַן אַנדער שטעטל. אָבער דאָך קומט די זשעטלער יידן אַ גרויסן יישר־כוח. זיי האָבן געהאַט מיט וואָס אונדז אויפצונעמען.

מ׳האָט אונדז געשיקט אויף פאַרשידענע אַרבעטן. איך האָב געאַרבעט אין דער זשאַנדאַרמעריע, ווי אַ גערטנער, ביז צו דער ערשטער שחיטה, וואָס איז פאַרגעקומען

אין זשעטל, 13 טעג אין אייר (30 אַפּריל 1942). בעת דער אַ שחיטה בין איך און מיין גאַנצע פאַמיליע געבליבן לעבן. אויף מיין אַרבעטס־שיין, האָב איך נאָך געראַטעוועט באַשקען מיט איר זון זרח.

## צווישן דער ערשטער און צווייטער שחיטה

נאָך דער שחיטה האָט מען מיך אַוועקגעשיקט אויף אַרבעט אין דוואָרעץ. פון דוואָרעץ בין איך צוריק געקומען אין זשעטל. איך האָב זיך איינגעאָרדנט אויף אַרבעט ווי אַ רימער, אין אַן אַרטעל. די שפּאַנונג איז געווען זייער גרויס, ווייל אין דער געגנט זיינען שוין געווען פּאַרטיזאַנער. די יוגנט האָט זיך גענומען צו ביסלעך אָרגאַניזירן. איך און מיין שוועסטער שרה, האָבן געוואָלט אַוועקגיין אין וואַלד. זי האָט אַלע מאָל געטענהט, אַז אויב שטאַרבן — דאַרף מען שטאַרבן אויף דער פריי. זי איז טאַקע געשטאָרבן פריער פון מיינע טייערע עלטערן און אַנדערע שוועסטער.

און געווען איז עס אַזוי: אין איינער אַ נאַכט זיינען פּאַרטיזאַנער באַפאַלן די זשעטלער זשאַנדאַרמעריע (דאָס איז געווען 10 טעג פאַר דער צווייטער שחיטה, וואָס איז פאָרגעקומען 23 טעג אין מנחם אב). די שיסערייען האָבן אונדז אויפגעוועקט. שרה האָט גענומען לויפן צו אירע חברות און חברים מיטן ציל אַוועקצוגיין מיט די פּאַרטיזאַנער אין וואַלד אַריין. לויפנדיק אַזוי איז זי פאַרווונדעט געוואָרן אין די נירן. נאָך עטלעכע טעג איז זי גע־שטאָרבן מיט די ווערטער אויף די ליפּן: „מיר איז שוין ווילער פון אייך!" מ׳האָט שרהן קובר געווען אויף דעם זשעטלער בית עולם, כדת־וכדין.

## די צווייטע שחיטה אין זשעטל

ס׳איז געקומען די צווייטע שחיטה. מען האָט זיך אויף איר געריכט יעדן טאָג. מיר זיינען געגאַנגען אויף דעם זאַמל־פּונקט, ווייל איך האָב דאָך געהאַט אַ שיין און דער טאַטע אויך. אַ דאַנק דעם, האָבן מיר געטראַכט, וועט מען אונדז ווייטער פּראָלאָנגירן דאָס רעכט צו לעבן. מען האָט אונדז אויסגעלייגט אויף דער ערד מיטן פּנים אַראָפּ. מ׳האָט געבראַכט אויטאָס און מ׳האָט די מענטשן אַוועקגעפירט צו די גרויסע גריבער, וואָס די מערדער האָבן געהאַט צוגעגרייט פון פריער, ניט ווייט פון נייעם בית־עולם אין זשעטל.

די גינסטיקע פּאַכלייט האָבן זיי געפירט אין זשעטלער קינאָ. דאָרטן האָב איך זיך געטראָפן מיט יאַנקלען און בערלען. אַזוי אַרום, פון אונדזער פאַרצווייגטער משפחה זיינען מיר אין קינאָ געווען בלויז דריי. מען האָט אונדז דאָרט געהאַלטן דריי טעג, ניט אַרויס־לאָזנדיק אַפילו טאָן אייגן געברויך און אויך ניט געגעבן צו עסן אָדער טרינקען.

## אין נאָוואָגרודעק

פון זשעטל האָט מען אונדז אַוועקגעפירט קיין נאָוואָגרודעק. דאָרט האָט מען מיך

אָפּגעטיילט פון יאַנקלען מיט בערלען. איך בין געווען אין „סאָנד אָקרענגאַווי" פון נאָוואָ־גרודעק. זיי זיינען געווען אויף פּערעשיקעס און האָבן געאַרבעט ווי שלאָסערס.

אין סאָנד בין איך געבליבן עלנד ווי אַ שטיין און זייער זייער מוטלאָז. מען האָט אונדז געגעבן 120 גראַם ברויט אַ טאָג מיט אַ קליין טעפּעלע זופּ.

## אין לידע

ניט האָבנדיק וואָס צו פאַרלירן, האָב איך גענומען נאָך 5 מאַן און מיר זיינען אַוועק אין לידער געטאָ, ווייל מען האָט געזאָגט, אַז אין לידער געטאָ איז בעסער. זייענדיק אין לידער געטאָ, האָב איך זיך פאַרבונדן מיטן פעטער ישראל און דער מומע טייבע אין שטשוטשין. איך האָב געוואָלט אָנקומען צו זיי. נאָר זיי האָבן מיר ניט געראַטן. דורך שטשוטשינער וואָס האָבן געאַרבעט אין לידע האָבן זיי מיר צוגעשיקט שפּייז און מלבושים. אין לידער געטאָ האָב איך ניט געהאַט קיין סטאַבילן וווין־פּלאַץ. אַממייסנטן האָב איך זיך געפונען ביי ידל זלאָצאָווסקי. אין לידער געטאָ איז געווען זייער שווער זיך אויפצוהאַלטן, ווייל נאָך דער ליקווידאַציע פון ווילנער געטאָ זיינען פיל ווילנער יידן געקומען אין לידער געטאָ. די דייטשן האָבן געזוכט די פרעמד צוגעקומענע און די, וואָס האָט ניט געהאַט קיין פּאַספּאָרט, זיינען דורך זיי דערשאָסן געוואָרן אויפן פּלאַץ.

מיר איז געווען זייער שווער זיך איינצואָרדענען אין לידער געטאָ. אין איינעם אַ העלן טאָג, בין איך אַוועק פון דאָרט צוזאַמען מיטן ברעסלאַווער גרשון יאַנקעלעוויסקי. ווען מיר גייען ניט אַוועק, וואָלט מען אונדז געווען איבערגעגעבן דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע.

## צוריק אין דוואָרעץ

מיר זיינען אַוועק נאָך דוואָרעץ, ווייל דאָרט איז געווען בנימין גאַלינסקי — דער מומע דבורקהס אַ זון, מיינער אַ קוזין. ניט לייכט איז אונדז אָנגעקומען דער וועג אַהין. מיט גלייכע וועגן האָבן מיר ניט געקאָנט גיין אויס מורא, אַז מען זאָל אונדז ניט דעמאַסקירן. דעם טייך ניעמאַן איז אונדז געלונגען צו פאַרסירן צוליב אַ צופאַל: איינער אַ קריסט איז געקומען פון דאָרף באַנדערי און איבערגעלאָזט ביים ברעג די לאָדקע. איך האָב גענומען און אַריינגעלייגט דעם קלאָץ צו וועלכן ער האָט צוגעשלאָסן די לאָדקע און מיר זיינען אַריבערגעפאָרן אויף דער צווייטער זייט. נאָך דריי טעג און דריי נעכט זיינען מיר אָנגעקומען נאָך דוואָרעץ.

אין דוואָרעץ, האָב איך ביי בנימינען געטראָפן חייקע חיים־יצחקס ווי אויך תנחום־אהרון, ר' איצע דעם שמשס זון. עס איז אונדז געווען זייער ענג און ס'איז אויך ניט געווען וואָס צו עסן. בנימין פלעגט אַרויסנעמען עפּעס פון שטוב און פאַר דעם קויפן

וואָס עס איז צום עסן. זיין פאַמיליע איז באַשטאַנען פון 5 פערזאָן און צו דעם: מיר דריי צוגעקומענע.

איך מוז אונטערשטרייכן, אַז בנימין האָט אַרויסגעוויזן פריינדשאַפט און ברודער־לעכקייט. ער האָט זיך געטיילט מיטן לעצטן ביסן.

## אין וואַלד אַריין

ווען איך בין געווען אין דוואָרעץ איז געקומען פון וואַלד לייזער מאַשקעס א טאָכטער (מיטן נאָמען מאַשקע) נאָך מעדיקאַמענטן. זי האָט דערציילט, אַז די מענטשן אין וואַלד זיינען קראַנק געוואָרן אויף קרעץ. זי האָט געבעטן אַ ביסל שירקע מיט דזשעגעכץ און אַ ביסל פעטס.

פון איר האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אין וואַלד געפינט זיך מיין פעטער דוד הירשל מעקעל און זי האָט מיך מיטגענומען אין וואַלד אַריין — אין דער לוביטשאַנער פושטשע.

דער פעטער האָט מיך אויפגענומען מיט צופרידנהייט און מיר זיינען געווען צוזאַמען. אין דער צייט איז געווען אַ גרויסע אַבלאַווע. די דייטשן האָבן אָפּגעצויגן אַ 60 טויזנט סאָלדאַטן פון פראָנט, זיי זיינען אַראָפּגעקומען אין דער געגנט און אָנגעהויבן פאַרברענען אַלע אַרומיקע דערפער. דערנאָך האָבן זיי זיך באַזעצט אַרום וואַלד. אָבער זיי האָבן לאַנג זיך ניט געקאָנט דאָרט אויפהאַלטן און דאָס איז געווען אונדזער גליק. זיי האָבן געמיינט, אַז נאָך דעם ווי זיי וועלן פאַרברענען די דערפער וועלן די פאַרטיזאַנער אויסשטאַרבן פון הונגער און קעלט. נאָר דווקא דאָס האָט פאַרגרעסערט די פאַרטיזאַנקע. ווייל פיל פויערים, וואָס האָבן ניט געהאַט מער וואָס צו פאַרלירן, האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין די רייען פון די פאַרטיזאַנער, כדי צו נעמען נקמה אין די דייטשן.

דעם גאַנצן ווינטער האָבן מיר דורכגעמאַכט אין צרות. עס איז אַזוי וויט דערגאַנגען, אַז דוד הירשל האָט געוואָלט גיין צוריק אין שטשוטשינער געטאָ. איך פּרוזענלעך בין געווען קעגן דעם. איך האָב אים געזאָגט אַז פאַרקערט: מ׳באַדאַרף ברענגען פון שטשוטשין די מומע טייבע מיט ישראלן און די קינדער.

מיר האָבן זיך גענומען דערנענטערן צו אונדזער שטעטל בעליצע, כדי זיך צו דערוויסן, וואָס עס הערט זיך אין לידע און אין דער אומגעגנט.

מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז ישראל און זיין זון יעקב, געפינען זיך אין לידער טורמע און אַרבעטן אין „טאָדט". איך האָב געשריבן צו זיי אַ בריוו דורך באַבראָווניקן דעם דראָזשניק, וועלכער איז געווען אַ גרויסער יידן־פריינד. ניט איינמאָל האָט ער איינגעשטעלט זיין לעבן פאַר אַ יידן. אַ דאַנק אים האָבן מיר געהאַט אַ קאָנטאַקט מיט בעליצער, וואָס האָבן זיך געפונען אין לידע.

אַ דאַנק קומט אויך רחל איצקאָוויטש, לאָזער־מאיר און מיכל גרוזניק, וועלכע האָבן געבראַכט פון לידער געטאָ אַ גרופּע יידן און צווישן זיי זיינען אויך געווען מיין פעטער

ישראל און זיין זון יעקב זלאַצאַווסקי. די שמחה איז געווען זייער גרויס. אונדזער פאַמיליע איז געוואָרן גרעסער, און מיר האָבן גענומען זאָרגן וועגן איבעריקן טייל פון אונדזער משפחה. אַזוי ווי טייבע מיט אירע איבעריקע קינדער האָבן זיך געפונען אין שטשוטשין, זיינען מיר אַוועק אין דאָרף זבלאַן צו אַ געוויסן קריסט (איך האָב שוין פאַרגעסן ווי מען רופט אים) און ער איז געפאָרן אין שטשוטשינער געטאָ און געבראַכט פון דאָרט די מומען מיט אירע 2 קינדער.

## מיט די פאַרטיזאַנער

זייענדיק נאָך יונג, און ווייל מיר האָבן געהאַט אַ דורשט צו נעמען נקמה אין אונדזערע מערדער, האָב איך און יעקב אָנגעשלאָסן זיך אין אַ דיווערסאַנטסקע גרופּע, וואָס איז געקומען פון יענער זייט פראָנט. דער אָטריאַד האָט געהייסן „אָקטיאַבר", בריגאַדע „פּערוואָמאַיסקאַ". דער אָטריאַד איז געווען אונטער דער אָנפירונג פון אַ קאַפּיטאַן (קאָווּאַלאָוו). דער „שטאַבנוי" פון אָטריאַד האָט געהייסן אלכסנדר גאַרעליק.

מיר זיינען ניט אָפּגעשטאַנען פון די איבעריקע פּאַרטיזאַנער ניט־יידן. פאַרקערט, מיר זיינען נאָך געווען פאַרביסענער. מיר האָבן אויסגעפּילט אַלע אויפגאַבעס, וואָס זיינען אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף אונדז. איך האָב אויף מיין רעכענונג 4 אַראָפּגעלאָזטע באַנען. אויך מיין קוזין יאַנקל זלאַצאַווסקי האָט אויסגעפּילט די אַלע אויפגאַבעס, און אפשר נאָך מער. מיר זיינען געווען אין פּאַרטיזאַנקע מער פון צוויי יאָר.

## די באַפרייאונג

די רויטע אַרמיי האָט אונדז באַפרייט אין חודש יולי 1944. מען האָט אונדזער גאַנצע בריגאַדע צונויפגעקליבן אין מינסק. דאָרט האָבן מיר באַקומען אויסצייכענונגען און מען האָט געפייערט דעם זיג פון דער באַפרייטער ווייסרוסלאַנד פון די נאַצישע באַנדיטן.

## אויפן פראָנט

לאַנג האָבן מיר זיך ניט אַרומגעדרייט פריי. מיר האָבן זיך פרייוויליק געמאָלדן אין דער רויטער אַרמיי. דאָרטן האָבן מיר ווייטער גענומען נקמה פאַר אונדזערע טייערע קרבנות.

איך און מיין קוזין יעקב זלאַצאַווסקי זיינען געווען די גאַנצע צייט צוזאַמען. מיר זיינען אָנגעקומען אין אַן אונטעראָפיצירן־שולע, וווּ מיר האָבן צוזאַמען געלערנט עטלעכע חדשים. מיר האָבן באַקומען מיליטערישע ראַנגעס. מיר האָבן ניט פאַרשעמט אונדזער שטאַם. פאַרקערט, מיר זיינען שטענדיק געווען אַ ביישפּיל פאַר אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן.

נאָך דער אונטער־אָפּיצירן שולע זיינען מיר אַוועק אויפן פראָנט. מיר זיינען געווען צוזאַמען אין איין פּאָלק אָבער יעדער אין אַן אַנדערער באַטעריע.

מיר האָבן געקעמפט אָנפאַנגענדיק פון צפון־וואַרשע. איך אַליין בין דערגאַנגען ביז גרודזיאַנדז׳ רומניצע — די אַמאָליקע פּויליש־דייטשע גרענעץ. דאָרטן בין איך פאַר־וווּנדעט געוואָרן אין דער רעכטער האַנט, פון וואָס איך לייד ביזן היינטיקן טאָג. ווען כ׳בין פאַרוווּנדעט געוואָרן, האָב איך פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל רופן מיין קוזין יעקב. מיינע גוטע חברים האָבן דערפילט מיין ווונטש און איך האָב זיך דאַן מיט אים געזעגנט אויף אייביק.

## מיין קוזין יעקב זלאָצאָווסקי פאַלט ביי די טויערן פון בערלין

מיך האָט מען אָפּגעפירט אין שפּיטאָל און יעקב איז געגאַנגען פאָרויס. ער איז געפאַלן דעם צווייטן מאַי 1945, ביי די טויערן פון בערלין. אויף אים קלאָגט מיר דאָס האַרץ מערער ווי אויף אַלעמען. בסך הכל איז ער אַלט געווען 24 יאָר.

## פון שפּיטאָל צוריק קיין בעליצע

אין שפּיטאָל בין איך געלעגן 8 חדשים. דאָס שפּיטאָל האָט זיך געפונען 600 ק״מ נאָך מאָסקווע אין סאַראַנסק. נאָכן פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל בין איך געקומען צוריק נאָך בעליצע, ווו דער פעטער ישראל און די מומע טייבע האָבן געוואַרט אויף מיר.

## אַוועק... אַוועק...

מיר האָבן אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן פאַרלאָזן בעליצע אויף אייביק. עס האָט ניט לאַנג געדויערט און מיר זיינען אַוועק קיין פּוילן.

אין פּוילן האָבן מיר זיך ניט לאַנג אויפגעהאַלטן און דורך אומלעגאַלע וועגן, זיינען מיר אָנגעקומען קיין עסטרייך. אין עסטרייך זיינען מיר געווען 3 יאָר אין די לאַגערן. אין לינץ (עסטרייך) האָב איך חתונה געהאַט און איך און מיין פרוי האָבן געוואַרט אויף צו קאָנען פאָרן קיין ישראל.

היינט געפינען מיר זיך אין מדינת ישראל ווו מיר, געבליבענע רעשטלעך, שטעלן ווייטער אויף אונדזערע משפחות מיט דעם איינציקן ווונטש, אַז די צוקונפטיקע דורות זאָלן לערנען פון אונדזערע צרות און נישט שטיין מער, חלילה, פאַר אַזעלכע שווערע נסיונות.

שרה באַראַנטשיק (פליישער)

# דער טויט פון מיינע טייערסטע

דאָס הויז פון מיין פאָטער חיים־ראובן באַראַנטשיק ז״ל איז געווען דאָס לעצטע אין שטעטל, גייענדיק צום ניעמאַן. אַזוי אַרום האָט זי אַלע יאָרן געדינט אַלס זאַמל־ און אָפּרו־פּונקט פאַר די אַלע שפּאַצירנדיקע אין יענער ריכטונג, און אין די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה — אַלס טרעף־פּונקט פון דער חלוצישער יוגנט פון שטעטל, צו וועלכער ס׳האָבן געהערט אונ־זערע קינדער.

היות ווי דער פאָטער האָט נאָך אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, זייענדיק אויף צוואַנגס אַרבעט, אָפּגעפרוירן די פינגער פון ביידע הענט, האָט מיין מוטער וויכנע ע״ה געטראָגן אויף זיך דעם גאַנצן עול פון פּרנסה: אָנגעפירט מיט דער ערד־אַרבעט, געפירט דעם האַנדל מיט די אַרומיקע פּויערים און באַדינט די געסט וואָס פלעגן פאַרפאָרן אין אונדזער קרעטשמע.

זעקס קינדער זיינען מיר געווען, דער יינגסטער ברודער איז געווען הענעך.

ווען ס׳איז אַרויס דער דייטשישער באַפעל, אַז די יידן פון בעליצע מוזן פאַרלאָזן



ביי דער נייער הויז פון חיים־ראובן באַראַנטשיק

דאָס שטעטל און אַריבערפאָרן אין אַ גרעסערע שטאָט, ווי, למשל, לידע, האָט אונדזער פאַמיליע באַראַנטשיק באַשלאָסן אַריבערפאָרן קיין זשעטל ; דאָרט האָבן מיר געהאַט פיל פריינד און באַקאַנטע קריסטן אין שטעטל און אין די אַרומיקע דערפער. מיר האָבן געדונגען אַ קריסט מיט אַ פור, מיטגענומען נאָר די נייטיקסטע זאַכן, און די איבערגע־בליבענע זאַכן האָבן מיר איבערגעגעבן אונדזערע קריסטלעכע שכנים צום אָפּהיטן ביי זיי. (אין די צוויי הייזער אונדזערע האָבן מיר אַריינגענומען פריער קריסטלעכע שכנים).

קומענדיק קיין זשעטל איז נאָך קיין געטאָ ניט געווען. זיינען מיר אַריין וווינען אינעם הויז פון אונדזערע פריינד — די פאַמיליע בוסעל. ווען ס׳איז אייפגעשטעלט געוואָרן דער געטאָ, האָט מען אונדז געגעבן אַ וווינונג צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע פאַמיליעס, צו אַכט נפשות אין אַ צימער.

ווען ס׳איז אַרויס דער ערשטער באַפעל, אַז אַלע יידן זאָלן זיך צונויפזאַמלען אויף אַ באַשטימטן זאַמל־פּלאַץ, האָבן מיר געוואָלט, אַז די עלטערן זאָלן ניט אַרויסגיין, נאָר אויסבאַהאַלטן זיך אין אַ בונקער, וואָס מיר האָבן געהאַט צוגעגרייט. אָבער די מוטער האָט געזאָגט : אויב די קינדער גייען — וועלן מיר אויך גיין. און אַזוי זיינען מיר אַלע אַרויס אויפן פּלאַץ. דער פאָטער איז אַרויס צוזאַמען מיט פראַדקע און גרשון, און די מוטער — מיט הענעך און כאַסיע ; נחמן איז געגאַנגען מיט דער שוועסטער שרה (נחמן האָט געהאַט אַן אַרבעט־שיין). ביי דער סעלעקציע האָט מען דעם פאָטער אַוועק־גענומען באַזונדער צו דער גרופּע, וואָס איז געווען באַשטימט צום פאַרניכטן. אויך שרהן האָט אַ פּאָליציי־מאַן געוואָלט נעמען צו דער טויט־גרופּע, נאָר אַ צווייטער פּאָלי־ציי־מאַן האָט איר געהייסן בלייבן און אַזוי איז זי פאַרבליבן ביים לעבן.

דער פאָטער, פילנדיק, אַז ער גייט צום טויט, האָט געזאָגט : „איך גיי צום טויט, אָבער איך האָף, אַז מיינע יונגע קינדער וועלן נאָך נקמה נעמען פאַר אונדזער בלוט״.

די גרופּע וואָס איז געווען באַשטימט צום טויט, האָט מען צעשאָסן אין אַ וועלדל ביי זשעטל.

נאָך דער שחיטה האָט מען פאַרקלענערט דאָס געטאָ און מיר האָבן באַקומען אַ צימער אין אַ פּיעקאַרניע. נחמן האָט צענומען אַ טייל פונעם באַק־אויוון און האָט דאָרט צוגעגרייט אַ בונקער צום פאַרבאַהאַלטן זיך אין אַ נויט־צייט. צו דער צווייטער שחיטה, ווען ס׳איז אַרויס דער באַפעל זיך צושטעלן אויפן פּלאַץ, האָבן מיר זיך פאַרבאַהאַלטן אין דעם בונקער צוזאַמען מיט אַ 40 מאַן זשעטלער און בעליצער. הענעך איז ניט געווען אין בונקער, כדי קומען צו אונדז איז ער דורכגעלאָפן דורך די שורות פון די רוצחים, פאַר־וווּנדעט געוואָרן אין די פיס, און דאָך אָנגעקומען צו אונדז אין בונקער.

דער בונקער איז געווען צו קליין פאַר אַזוי פיל מענטשן, ס׳האָט געפעלט לופט און וואַסער. ווען ס׳איז געוואָרן נאַכט האָבן כאַסיע און סאָניע געוואָלט אַרויסגיין, נאָר חיה־שרה מאירס האָט ניט געלאָזט זיי אַרויסגיין, מורא האָבנדיק, אַז מען זאָל ניט אויפדעקן

דעם בונקער. נאָך אַ לאַנגן וויכוח זיינען די צוויי דאָך אַרויס פון בונקער. זיי האָבן געבראַכט וואַסער און זיינען אַוועק צוריק מיטן געדאַנק צו גיין צו די פּאַרטיזאַנער, מיט וועלכע זיי זיינען געשטאַנען אין אַ געהיימער פאַרבינדונג. זיי זיינען אַדורך שטילערהייט דעם ראַיאָן פון געטאָ און אַוועק מיטן געדאַנק אָנצוקומען צו אַ באַקאַנטן קריסט אין זאַטשעפּיץ. נאָך זייער אַוועקגיין זיינען אַ־ויס פון בונקער אויך די אַנדערע, אַלע מיט דעם זעלבן געדאַנק.



חיים־ראובן באַראַנטשיק און די משפחה

הענעך איז געווען זייער אָפּגעשוואַכט און אויסגעהונגערט. האָט ער געזאָגט נחמנען, אַז ער קען מער ניט גיין און איז געבליבן ליגן אין אַ וועלדל. נחמן האָט זיך געבעטן ביי אים ער זאָל מיטגיין ווייטער. דערוויל איז אָנגעקומען אַ קריסט, וועלכער האָט זיי גע־דראָט איבערצוגעבן צו די דייטשן. נחמן האָט אַראָפּגענומען זיין זייגערל און געגעבן דעם קריסט. ער האָט גענומען דאָס זייגערל און איז אַוועק. דעם טאָג האָבן זיי זיך אויסבאַהאַלטן צווישן די קוסטעס און ביינאַכט זיינען זיי אַוועק ווייטער.

אויך די מוטער מיט שרהן האָבן געבלאָנדזשעט ביז זיי האָבן באַגעגנט אַ קריסט, וועלכער האָט זיי געשלאָגן און געוואָלט איבערגעבן צו די דייטשן. דערנאָך האָט דער קריסט דערקענט די מוטער און האָט זיי געהייסן שנעלער אַוועקגיין פון דאַנען. מיר האָבן זיך ביידע באַהאַלטן אין די סנאָפּעס פון קאָרן דעם גאַנצן טאָג און ביינאַכט זיינען

מיר אַוועק ווייטער צו אונדזער ציל. סוף נאַכט זיינען מיר אָנגעקומען אין דעם זאַטשע־פּיצער וואַלד. דאָרט איז אונדז אַנטקעגנגעקומען נחמן, נאָר מיר האָבן אים ניט דערקענט צוליב זיין אויסזען און קליידונג. מיר זיינען אַנטלאָפן פון אים און ער איז אונדז נאָכגע־לאָפן און געשריען: „מאַמע דאָס בין איך!" דאַן האָבן מיר זיך אומגעקערט און צוזאַמען אַריין אין וואַלד. דאָרט האָבן מיר אַרויסגענומען אַ דעקע און אויף איר אַוועקגעלייגט הענעכן. נחמן האָט צוגעבונדן די עקן פון דער דעקע, געהאַלטן אויף זיך דעם קאָפּ פון הענעכן, און איך מיט דער מאַמען האָבן געטראָגן דעם לייכטערן טייל קערפּער — די פיס. גייענדיק, האָבן מיר באַגעגנט זלמן יאַסעלעוויטש אָנגעטאָן אין אַ זאַק, זייער דער־שלאָגן, און מיר זיינען געווען מיט אים צוזאַמען ביז ער האָט געפונען זיינע קינדער.

די ערשטע צייט האָבן מיר זייער געליטן אין וואַלד פון הונגער און פון דאָרשט, ווייל מיר האָבן מורא געהאַט צו ווייזן זיך אין דאָרף, אַז די קריסטן זאָל אונדז ניט אַרויסגעבן צו די דייטשן. איין מאָל האָבן מיר זיך געטראָפן מיט אַ קריסט, ער איז געווען אָרעם און אַ שכור. ער האָט שפּעטער אונדז זייער פיל געהאָלפן: געבראַכט ברויט און אויך ספּירט און פאַרשידענע וואָרצלען צו היילן הענעכס פוס. נאָך דעם האָבן מיר געגעבן אַ קריסט גרשונס אַ קאָסטיום און ער פלעגט אונדז געבן צו ביסלעך מעל און ברויט, אָבער צוליבן מאַנגל אין וואַסער האָבן מיר ניט געקענט קאָכן.

דורכן וואַלד האָבן מיר זיך דערנענטערט צום ברעג פון ניעמאַן, דאָרט האָבן מיר געטראָפן אייניקע פאַמיליעס פון די בעליצער. אויך דאָ האָט נחמן אויסגעבויט אַן ערד־בונקער אונטער אַ בוים, אַזוי, אַז דער רויך פון אויוון פלעגט דורכגיין דורכן פּוסטן בוים. צוויי חדשים האָבן מיר ניט געוווּסט און ניט געהערט וועגן כאַסיען, ביז זי האָט איבער־געגעבן דורך אַ באַקאַנטער קריסטין, אַז זי לעבט און געפינט זיך אין אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע. מיט פיר חדשים שפּעטער איז געגאַנגען כאַסיע מיט נאָך פּאַרטיזאַנער אונדז באַזוכן. זיי זיינען געווען אָנגעטאָן אין דייטשישער קליידונג, און מיר אַלע האָבן זיך שטאַרק דערשראָקן און זיך צעלאָפן. אָבער די מאַמע האָט דערקענט כאַסיען. אַלע זיינען צוריקגעקומען, נאָר איך בין ווייט פאַרלאָפן און ניט געקענט דערקענען דעם כּלאָץ פון בונקער. קרוב צוויי וואָכן צייט האָב איך זיך געפונען ביי אַ קריסט, צום סוף האָט אַ קריסטין מיך אַרויסגעפירט און אָנגעצייכנט דעם וועג צום בונקער.

איך מיט הענעכן זיינען אַוועק זען זיך מיט כאַסיען. דערווייל האָט זיך דערנענטערט אַ דייטשע אָבלאַווע אויף דעם וואַלד. אַזוי ווי די מוטער האָט אויסגעהאָנגען וועש נעבן בונקער, האָבן זיך די דייטשן דערנענטערט צום בונקער. אַלע זיינען אַרויסגעלאָפן פון בונקער דורכן צווייטן אַרויסגאַנג און די מוטער האָט זיך דערנענטערט צום ערשטן אַרויסגאַנג. איינער פון די דייטשן האָט אַריינגעוואָרפן אַ גראַנאַט און די מוטער איז דערהרגעט געוואָרן. אויך חיים איז געפאַלן צווישן די קוסטעס. ווען ס׳איז געוואָרן רואיק אין וואַלד, האָבן מיר זיך צוריקגעקערט און מקבר געווען די געפאַלענע. עטלעכע

וואָכן האָט געדויערט ביז אַלע לעבעדיקע האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן און געמאַכט אויפ־סניי אַ בונקער.

נאָך דער מוטערס טויט איז הענעך געגאַנגען מיט אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער שאַפן ברויט. אַריינקומענדיק אין דאָרף נאָוואָסיאָלקי האָט מען זיי נאָכגעשאָסן. הענעך איז געגאַנגען מיט אַ ווייסן זעקל אויפן פּלייצע, אַזוי אַרום איז ער געווען אַ ציל צום שיסן. אַ קויל האָט אים געטראָפן אין קאָפּ נעבן די אויגן, ער איז געפאַלן און אַלע חברים זיינען זיך צעלאָפן. אַליין האָט ער זיך געמאַטערט דריי טעג, ניט גערעדט און ניט געזען. קריסטן האָבן שפּעטער דערציילט, אַז ראַנגלענדיק זיך מיטן טויט, האָט ער אויסגעגראָבן אַרום זיך מיט די פיס אַ גרוב. דאַן האָבן די קריסטן געפרעגט די דייטשן, וואָס זאָלן זיי טאָן מיטן ידישן פאַרווונדעטן פּאַרטיזאַנער. האָבן די דייטשן געהייסן באַגראָבן אים לעבעדיקערהייט.

הענעך איז דאַן אַלט געווען קוים 16 יאָר.

---

## ב. צ. יעווזנאָוויטש / אַ בריוול פון דער היים נאָכן חורבן

ס׳שרייבט אַן איינזאַמער ייד פון נאָוואָרעדאָק צו די בעליצער לאַנדסלייט אין ישראל — וועגן זיין פרוי וועלכע האָט געשטאַמט פון בעליצע, זי האָט געהייסן עלקע, אַ טאָכטער פון יודל און מלכה רייזנער.

די נאַציִשע רוצחים האָבן פאַרניכטעט עלקען מיט אונדזער טעכטערל מלכהלע און מיין גאַנצע פאַמיליע: טאַטע־מאַמע, ברידער־שוועסטער, און זייערע קינדער. אויך עלקעס אַ שוועסטער דאָבקע מיט איר מאַן, אַ שטיף־שוועסטער לייקע און איר מוטער — זיינען אומגעקומען אין נאָוואָרעדקער געטאָ צוזאַמען מיט מיין פאַמיליע.

זאָלן זייערע נעמען פאַראייביקט ווערן אין ספר־זכרון פון די בעליצער קדושים. און געשטראָפטע אויף אייביק זאָלן זיין די דייטשישע מערדער, וואָס האָבן אויסגעראָטן גאַנצע יידישע פאַמיליעס נאָר פאַר דער זינד וואָס זיי זיינען געווען יידן.

נעמט נקמה פון די פאַרשאָלטענע רוצחים פון יידישן פאָלק!



עלקע יעווזנאָוויטש (רייזנער)

הערצל, יענקל און חיה־טשערנע פליישער

# אַכט קינדער זיינען מיר געווען

**(גביית עדות)**

זיי זיינען 2 ברידער און אַ שוועסטער, די קינדער פון באַשע בת אליעזר און זלמן בן יצחק פליישער. די אַנדערע קינדער פון דער משפחה זיינען געווען: אליעזר, יצחק, וועלוול, שרה און שושנה.

**פון הערצלס זכרונות**

ביז 1914 האָט די גאַנצע משפחה זלמן יאָכעס, געוווינט אין בעליצע און זיך פאַרנומען מיט דער האָלץ־בראַנזשע. נאָך דער גרויסער שריפה אין בעליצע, איז די גאַנצע משפחה אַרויסגעפאָרן קיין שעלץ. אויך דאָרט האָבן די עלטערן זיך פאַרנומען מיט האָלץ־מסחר. זיי האָבן געהאַלטן דעם פּראָם און אויך דעם מיל פון רודע. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז די מאַמע באַשע אָפּגעשטאָרבן און איבערגעלאָזט אַ שטוב מיט קינדער. די פאַרטרעטערקע פון דער מוטער איז געווען די עלטסטע שוועסטער — חיה־טשערנע. אין 1926 זיינען מיר צוריק געקומען קיין בעליצע און מיר האָבן ווייטער פאָרגעזעצט די זעלבע אַרבעט, פאָרנדיק יעדן טאָג קיין שעלץ.

פורים־צייט איז ביי אונדז אין שטוב געווען דער פּאָדראַט פון באַקן מצות פאַרן גאַנצן שטעטל. מיר פלעגן אַפילו שיקן מצות נאָך וואַרשע. אונדזערע בעליצער מצות האָבן געהאַט אַ גוטן שם. זיי האָבן אויך געבראַכט פרנסה אונדזערע בעליצער איינוווינער און אונדז צווישן זיי.

אין 1927 האָט אונדזער שוועסטער שרה עמיגרירט נאָך אַרגענטינע ווו זי געפינט זיך ביז היינט. זי האָט אַ מאַן, אַ טאָכטער און אַ זון און זיי פירן דאָרט אַ שיין פאַמיליע־לעבן.

אין די דרייסיקער יאָרן איז אונדזער שוועסטער שושנה אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־

ישראל און נאָך איר — דער ברודער יצחק. זיי געפינען זיך ביז היינט אין כפר־סבא. זיי האָבן נאָך אין דער היים זייענדיק געהערט צו דער חלוצישער באַוועגונג און זיינען געווען דער אַוואַנגאַרד פון דער שטעטלשער יוגנט, וואָס האָט געצויגן קיין ארץ־ישראל.

אונדזער, פיל־וויניק נאָרמאַל לעבן, האָט זיך געצויגן ביז יענעם זומער־טאָג אין 1941, ווען די דייטשן זיינען אַריבער די סאָוויעטישע גרענעצן. גלייך דעם ערשטן שבת, האָבן די באַנדיטן פאַרברענט אונדזער שטעטל. געבליבן איז נאָר דאָס נעטעצער געסל און לייזער דעם שוחטס אַ האַלבע גאַס. מיר האָבן געוווינט ביי לייזער גרין (אושטשער).

עס האָבן דאָרט געוווינט: אונדזער משפחה, בנימין גרין מיט באַשען מיט צוויי קינדער און מאָטקע (לייזערס ברודער) מיט מלכה זרחס מיט צוויי מיידלעך. צוזאַמען זיינען מיר געווען 21 נפשות און אַלע אין איין שטוב. דערנאָך זיינען מיר אין איינער אַ נאַכט אַריבערגעפאָרן אין זשעטלער געטאָ. אויך דאָרט האָט מען ניט געלעקט קיין האָניק. מיר זיינען געגאַנגען אויף פאַרשידענע אַרבעטן, ווי, למשל, אין דוואָרעץ ביי שלעפן שטיינער און בויען אַן אַעראָדראָם, האַקן האָלץ אין די וועלדער א. אַ. וו.

בעת דער ערשטער שחיטה, וואָס איז פאָרגעקומען 13 טאָג אין אייר, האָבן מיר פאַרלאָרן אונדזער אַלטן פאָטער, וועלכער איז שוין געווען ביי די אַכציקער. אין אונדזערע אויערן קלינגט נאָך היינט אָפּ זיין זאָגן דעם אשרי תמימי דרך יעדן שבת נאָך מנחה, און דאָס — מיט אַזאַ זיסער שטימע, וואָס קען גאָרניט פון אונדז פאַרגעסן ווערן.



זלמן פליישער

אונדזער יונגער ברודער וועלוול און וויכנע, מיין פרוי, זיינען געווען די ערשטע קרבנות.

ביז דער צווייטער שחיטה אין זשעטל, וואָס איז פאָרגעקומען 23 טאָג אין מנחם־אָב, האָבן מיר געלעבט אין צרות, צוזאַמענגעקוועטשט 50 אָדער 60 נפשות אין איין שטוב.

אין טאָג פון דער שחיטה זיינען מיר געלעגן באַהאַלטן אין סכראָנעס. אונדזער סכראָן איז געווען אין דער בעקעריי, אונטער דעם אויוון. מיר האָבן פריער אויסגע־גראָבן די ערד און זיינען אַריינגעקראָכן דורך אַ קליינעם אַריינגאַנג פון אונטער דעם אויוון (קאָטיך). דער סכראָן איז געווען געמאַכט פאַר 10 פערזאָן און געווען זיינען מיר 25 נפשות. מיר האָבן געהערט די שיסעריי און די געשרייען פון די דייטשן און זייערע געהילפן. זיי האָבן געוואָרפן גראַנאַטן אין די שטיבער אַריין, געריסן די פאָדלאָגעס און געדרופן אַלעמען אַרויסצוגיין פון די באַהעלטענישן. אַזוי זיינען מיר געלעגן 48 שעה אין גרויסער ענגשאַפט און אָן סאַניטאַרע באַדינונגען. די ערשטע זיינען אַרויס פון בונקער: איך (הערצל) און מאיר מיט דער משפחה; אידל קושלעוויטש מיט דער משפחה און זלמן דאָס קלענערע ייִנגל. אַרויסגייענדיק, האָב איך ניט געוווּסט וווּהין צו גיין, ווייל איך האָב ניט געהאַט קיין כוח. נאָר דער אימפּעט האָט מיך געטראָגן. איך בין דורך די גויאישע גערטנער און כ'האָב אָנגעקלאַפּט ביי אַ קריסט. ער האָט מיר געגעבן אַ ביסל טאַבאַק, ווייל קיין ברויט האָט ער ניט געהאַט. ער האָט מיר געוויזן דעם וועג צו די זאַטשעפּיצער וועלדער.

אויפן וועג האָב איך געטראָפן קריסטינס גיין קיין זשעטל, כדי דאָרט צו ראַבעווען יידיש האָב און גוטס. איך האָב ביי זיי געפרעגט, צי זיי האָבן עמעצן געטראָפן. די קריסטינס זיינען זיך צעלאָפן נישט ענטפערנדיק מיר יאָ צי ניין. גייענדיק ווייטער האָב איך געטראָפן אַן עלטערן קריסט, וועלכער האָט געפּאַשעט אַ פערד. איך האָב ביי אים באַקומען אַ ביסל טאַבאַק און ער האָט מיר געוויזן דעם וועג צום וואַלד. אַזוי אַרום האָב איך זיך דערשלעפּט ביזן זאַטשעפּיצער וואַלד. איבערטרעטנדיק דעם וואַלד האָב איך באַמערקט ווי איינער לויפט שנעל פאַרביי. איך האָב פון ווייטן דערקענט, אַז דאָס איז וועלוול קריינאָוויטש (לייזער מאַשקעס). איך האָב אים צוגערופן און ער האָט מיר איבערגעגעבן, אַז עס זיינען פאַראַן נאָך יידן אין וואַלד, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון דער שחיטה.

אין אַ וואָך אַרום, וואַנדערנדיק אַזוי אין וואַלד, האָב איך געטראָפן מיין ברודער יאַנקל, לייזקע און מיין שוועסטער חיה־טשערנע. דאָס איז געווען מיין גרעסטע פרייד אין לעבן, ווייל איך האָב געטראַכט, אַז איך בין געבליבן איינער אַליין פון מיין פאַר־צווייגטער משפחה.

## יענקלס זכרונות

בעת ס׳האָט זיך אָנגעפאַנגען די שחיטה, איז ליישקע געקומען פון דאַוועגען און דערציילט, אַז מען האָט אַרומגערינגלט דעם געטאָ. איך האָב אַלעמען צעשיקט אין סכראָן און אַליין האָב איך געפּרובירט צו ראַטעווען זיך דורך אַנדערע וועגן. עס איז מיר ניט געלונגען. לויפנדיק צוריק צום סכראָן האָב איך געטראָפן דעם דאָקטאָר כהן פון וואַרשע, וועלכער האָט צו מיר געשריען, אַז איך זאָל שנעל אַנטלויפן, ווייל מען וועט מיך שיסן. איך האָב אים געפרעגט פאַרוואָס ער אַנטלויפט ניט, האָט ער מיר געענט־פערט, אַז: „דאָ וועל איך אויסענדיקן מיינע 70 יאָר".

מיר זיינען געווען אין אַ צווייטן סכראָן ביי זיאַמקען דער ווילנער. דער סכראָן איז אויסגעגראָבן געוואָרן אין שטאַל און איז געווען פאַרמאַסקירט. מיר זיינען געווען אין סכראָן 19 נפשות. דריי טעג זיינען מיר דאָרט געלעגן. צווישן אונדז איז געווען אַ פרוי מיט אַ קינד פון ווילנע מיטן נאָמען באַראַווע. דאָס קינד האָט גענומען וויינען, האָבן די איבעריקע געוואָלט דערשטיקן דאָס קינד. נאָר אַזוי ווי קיינער איז ניט געווען איינשטימיק דאָס צו טאָן און ווייל די מוטער האָט ניט געוואָלט איינשטעלן דאָס לעבן פון די איבעריקע 17 נפשות, איז זי אַרויס פון סכראָן. זי איז גלייך דערשאָסן געוואָרן צוזאַמען מיטן קינד, ניט אויסגעבנדיק אונדז.

פון דאָנערשטיק אָן, זינט עס האָט זיך אָנגעהויבן די שחיטה — ביז שבת־צונאַכטס — זיינען מיר געזעסן אָן עסן, אָן טרינקען און אָן אַ ברעקל לופט. ווען מיר זיינען אַרויס האָבן מיר ניט געוווסט צי ס׳איז טאָג צי נאַכט.

אַזוי זיינען מיר געלאָפן ביז זאַשעצע. פאַרן דאָרף האָבן מיר זיך צעטיילט: איך בין אַוועק פאָרויס, די רעשט האָב איך איבערגעלאָזט אונטערן בריקל, טראַכטנדיק אַז מיט מיר קאָן געשען וואָס עס וויל, אָבער די איבעריקע זאָלן בלייבן לעבן. אַזוי זיינען מיר דערגאַנגען ביז דעם דאָרף פּאגער. אָנקומענדיק אַהין, בין איך אַריין צו אַ באַקאַנטן קריסט, וועלכער האָט מיר געגעבן טאַבאַק און זיך געטיילט מיט מיר מיטן לעצטן ביסן ברויט, וואָס ער האָט פאַרמאָגט. ער האָט מיר געוויזן דעם וועג, ווי אַזוי צו גיין כדי ניט אָנצוטרעפן אויף דייטשן, וואָס האָבן צוזאַמען מיט זייערע נאַכשלעפּער געלויערט אויף אַנטלאָפענע ייִדן. אין מיטן וועג האָבן מיר דערזען אַ פאַסטעך, וועלכער האָט געפאַשעט קי. ער האָט אונדז געוויזן דעם וועג צום זאַטשעפּיצער וואַלד.

אָנקומענדיק אין זאַטשעפּיצער וואַלד, האָבן מיר דערהערט אַ קינדעריש געוויין. דאָס האָט געוויינט דער קליינער סענדער, יאָשקע־איצקעס מאַיעווסקי. ווען מיר האָבן זיך געטראָפן, האָבן מיר אַלע אָנגעפאַנגען וויינען, סענדער איז געווען הונגעריק און דערפאַר האָט ער געוויינט די גאַנצע צייט. יאָשקע האָט מיר פאַרגעלייגט, אַז איך זאָל באַרואיקן סענדערן. ער האָט מיר געוואָלט דערפאַר באַצאָלן. ער האָט ביי זיך געהאַט 1100 רובל.

איך האָב ניט מסכים געווען. איך האָב אים צוגעזאָגט, אַז מיר וועלן אים אַוועקטראָגן צו אַ קריסט. מיר האָבן אָנגעהויבן אים איינצושטילן מיט אַנדערע מיטלען. מיר האָבן אים אָנגעקאָרמעט מיט פרישע גרינע אַרבעס און געגעבן אים צו פּאַרטרינקען אַ סך וואַסער. אָבער ס'האָט ניט געהאָלפן. שפּעטער האָבן מיר אים געגעבן צו עסן אַ סך געבאַקענע קאַרטאָפל און אויך דאָס האָט אים ניט געשאַדט. מיר האָבן דעם קינד אָנגעטון נאָך פיל אַנדערע צרות, אָבער דער שיקזאַל האָט אַזוי געוואָלט און סענדער איז געבליבן לעבן און געפינט זיך איצט אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע.

אַ וואָך שפּעטער האָבן מיר, ביי די טרייציכע לעבן זבלאָן, זיך געטראָפן מיט אונדזער ברודער הרצל.

דערנאָך האָבן מיר, אונדזער משפּחה, אויסגעגראָבן אַ זיעמליאַנקע אין זאַטשעפּיצער וואַלד, ניט ווייט פון פּרעסעל און געלעבט אַזוי ווי אַלע אין די וועלדער. מיר האָבן זיך געפּלאָגט דאָרט ביז 1943, דאַן זיינען מיר איבערגעגאַנגען נענטער צו די פּאַרטיזאַנער גרופּן, ווייל נעבן זיי איז געווען אַביסל זיכערער.

## חיה־טשערנעס זכרונות

אין דעם לעצטן יאָר איז אונדז געווען זייער שלעכט, ווייל דער פראָנט האָט זיך גענומען דערנענטערן און די דייטשן מיט די וולאַסאָווצעס האָבן באַזעצט אַלע דערפער. מיר האָבן ניט געקענט אַרויסגיין נאָך עסן און מיר האָבן שטאַרק געליטן פון הונגער, דערנערנדיק זיך פּשוט מיט גראָז און יאַגדעס.

מיר האָבן געגעבן נאָך אַ קרבן — אונדזער טייערן ברודער ליישקע. ער איז געווען אין אַ פּאַרטיזאַנער גרופּע און איז אומגעקומען. מיט די אייגענע הענט האָבן מיר אים מקבר געווען אין וואַלד, הינטער אַ קוסט, וווּ עס ליגן אין זייער אייביקער רו נאָך געפאַלענע יידישע פּאַרטיזאַנער. פאַר די בעליצער סעמיינע גרופּן איז עס געווען אַ גרויסער פאַרלוסט, וואָרום ער איז געווען זייער איבערגעגעבן פאַר אַלע בעליצער און ער האָט זיך זייער אָריענטירט אין וואַלד.

אַזוי האָבן מיר געלעבט ביז אויגוסט 1944. די רויטע אַרמיי האָט אונדז באַפרייט. מיר זיינען צוריק געקומען אין אונדזער שטעטל בעליצע איינזאַם און צעבראָכן. דאַן האָבן מיר אָנגעהויבן פילן דאָס גרויסע אומגליק, וואָס איז געשען מיט אונדז און מיט אונדזער פאָלק.

אין בעליצע זיינען מיר ניט לאַנג געזעסן. מיר האָבן געשפּירט די שנאה צו אונדז מצד אונדזערע שכנים. ווי נאָר עס האָט זיך געעפנט אַ וועג קיין פּוילן זיינען מיר אוועק אַהין, מיט דער האָפענונג, אַז פון דאָרט וועט מען קאָנען פאָרן ווייטער. אַזוי איז טאַקע געשען.

פון פּוילן זיינען מיר געפאָרן קיין בודאַפּעשט און פון דאָרט קיין עסטרייך. אין

עסטרייך זיינען מיר געזעסן אין די לאַגערן און געוואַרט, אַז מיר זאָלן קענען אָנקומען קיין ישראל און זיך טרעפן מיט אונדזער שוועסטער און ברודער. מיר האָבן דאַנקען גאָט עס דערלעבט, און אָנקומענדיק קיין ישׂראל, האָבן מיר זיך מיט זיי געטראָפן. מיר וווינען אין כפר־סבא. אין אונדזער היינטיקער פרייד פאַרגעסן מיר קיינמאָל ניט אונדזערע טייערע און ליבע יידן פון אונדזער שטעטל בעליצע ביים ניעמאַן, וועלכע זיינען אויף אַזאַ שווידערהאַפטן אופן אומגעבראַכט געוואָרן.

בנימין באַראַן

## באַגעגענישן מיט בעליצער אין וואַלד

אין די יאָרן 44־1942 האָב איך זיך געפונען אין אָטריאַד א. נ. „וואָראָשילאָוו" (לענינסקע בריגאַדע), וואָס האָט אָפּערירט אין דער געגנט פון בעליצע.

אין אָטריאַד האָט געהערשט אַ שטאַרקער אַנטיסעמיטיזם. אויסער מיר זיינען דאָרט געווען נאָך צוויי יידן: איינער ליאָנקע (לייבל וואָלקאָוויסקי, געבוירן אין בעליצע און געוווינט אין זשאַלודאָק, אַ זון פון אברהמקע מונקעס) און אַ יידיש מיידל פון סלאָנים ליובע אבראַמאָוויטש.

די קריסטלעכע פּאַרטיזאַנער האָבן אַזוי פיינט געהאַט יידן, אַז ס׳איז פּשוט געווען אַ לעבנס־סכנה פאַר יעדן יידישן פּאַרטיזאַנער און „סעמייַנער" צו טרעפן זיך מיט זיי אין וואַלד. טאַקע צוליב דעם האָבן זייער געליטן די יידן, דאָס רוב פון בעליצע, וועמען עס האָט זיך איינגעגעבן צו ראַטעווען זיך פון די שחיטות און האָבן געוווינט אין זיעמליאַנקעס אין וואַלד — אויף דער אַנדערער זייט פון ניעמאַן — צוזאַמען מיט זייערע משפחות.

אַרום די בעליצער ייַדן האָבן זיך קאָנצענטרירט יידן פון די שכנותדיקע שטעטלעך. איך פלעג אָפטמאָל באַזוכן די א. ג. „סעמיינע גרופּעס" ווו כ׳פלעג זיך פילן זייַער גוט און פריי, ווי צווישן יידן.

איין מאָל, דאָס איז געווען אין סעפּטעמבער 1943, האָבן עטלעכע פּאַרטיזאַנער־קריסטן פון אונדזער אָטריאַד, געמאַכט אַן איבערפאַל אויף אַ זיעמליאַנקע אין וואַלד. אין דער זיעמלאַנקע האָט געוווינט די משפחה ס. פון לידע. זיי האָבן פאַרגוואַלדיקט די מוטער און די טאָכטער און ניט באַגנוגנדיק זיך מיט דעם, האָבן זיי נאָך אויסגע־גאָסן אויף דער ערד דאָס טייג פון דער דייזשע און „אָנגעמאַכט" אויף דעם.

וועגן דעם פאַל האָט זיך דערוווּסט דער קאָמאַנדיר פון דער דעסאַנטן־גרופּע, און נאָך אַ קורצער אויספאָרשונג, אַרויסגעפירט די באַשולדיקטע און זיי דערשאָסן נעבן צלם פון דאָרף.



פון רעכטס: בנימין באַראַן („לאַמאַי פּאַסודע") און ישראל זלאַצאָווסקי נאָך דער באַפרייאונג (1945)

דערוויסנדיק זיך וועגן דעם, האָבן די שקצים פון אונדזער אָטריאַד גענומען זיך דרייען אין יענע קאַנטן און זוכן יידן, כדי נקמה צו נעמען פאַר זייערע חברים. איין מאָל, בעת כ'האָב געריטן אויף מיין פערד נעבן דעם דאָרף גאָזגעלע, האָב איך דערזען ווי אַ בעליצער משפחה, אַ מאַן און אַ פרוי ווי אויך זייערע צוויי קינדער גייען אין דער ריכטונג צום דאָרף נאָך עסן. איך האָב זיי פאַרהאַלטן און דערציילט, אַז אין דאָרף דרייען זיך אַרום אונדזערע פּאַרטיזאַנער, וועלכע זוכן נאָר אַ געלעגנהייט צו שיסן יידן. ס'האָט אָבער גאָרניט געהאָלפן און זיי האָבן זיך איינגעשפּאַרט און זיינען אַוועק אין דאָרף. עס האָט מיך נישט געלאָזט רוען. איך האָב זיי געלאָזט גיין און פון ווייטנס בין איך זיי נאָכגעפאָרן, כדי צו זען וואָס ס'וועט געשען.

דערנענטערנדיק זיך צום דאָרף, זיינען די א. ד. פאַרהאַלטן געוואָרן דורך די פּאַרטי־זאַנער פון אונדזער אָטריאַד, וועלכע האָבן גלייך גענומען שרייען: „אַ, איר זייט געקומען רויבן, גראַביאָזשניקעס" און די פּאַרטיזאַנער האָבן זיי גלייך גענומען באַזוכן.

ס'האָט ניט געהאָלפן דאָס טענהן פון די אומגליקלעכע, אַז זיי זיינען געקומען בעטן

ברויט ביי די פויערים. די באַנדיטן האָבן גלייך געוואָלט זיי שיסן. איך בין אָנגעפאָרן און גענומען בעטן פאַר זייער לעבן, זאָגנדיק צו זיי: וואָס ווילט איר פון זיי? איר זעט דאָך, אַז דאָ זיינען 2 קליינע קינדער.

די באַנדיטן האָבן זיי אָפּגעלאָזט אויס מורא פאַר מיר, וועלכער האָט געקענט זיין אַן עדות און דערציילן וועגן זייערע מעשים. זיי האָבן זיך אויך גערעכנט מיט דעם, וואָס אויך איך קען זיי ביי אַ געלעגנהייט באַצאָלן.

אין אַ צווייטן פאַל, איז מיר ווידער געלונגען צו ראַטעווען די סעמיינע גרופּע אין וועלכער עס האָבן זיך געפונען, חוץ דער נארודאָוויטשער משפּחה און נחמן באַראַנטשיק, נאָך בעליצער יידן. איך האָב זיך דערוווסט, אַז די פּאַרטיזאַנער פון אונדזער אָטריאַד זוכן די שליאַדן, ווי אַזוי צו צוקומען צו זייערע זיעמליאַנקעס, כדי צו ראַבירן און הרגענען. גלייך נאָך דעם ווי איך האָב דאָס געהערט, בין איך שנעל אַוועק אַ רייטנדיקער אויפן פערד אין דאָרף געזגעלע און איבערגעשיקט מיט אַ פויער אַ בריוועלע, אַז זיי זאָלן וואָס שנעלער אַוועק פון דעם אָרט. די יידן, ווי נאָר זיי האָבן באַקומען מיין בריוול, זיינען אַוועק פון די זיעמליאַנקעס אין אַ צווייט אָרט און צו זייער גליק, זיינען ניט געווען קיין קרבנות. צומאָרגנס זיינען די פּאַרטיזאַנער־באַנדיטן טאַקע אָנגעפאַלן אויף די זיעמליאַנקעס, האָבן אַלעס צעראַבירט און פאַרברענט. נחמן מיט דער גאַנצער פאַמיליע זיינען אַנטלאָפן ממש אין לעצטן מאָמענט פאַרן אָנפאַל. אַזוי אַרום האָבן די בעליצער יידן זיך געראַטעוועט צום צווייטן מאָל פון אַ זיכערן טויט.

שרגא (פייוול) זלאָצאָווסקי

# מיין טאַטנס צעשטערטע שטוב

### אונדזער משפחה־קרייז

דעם טאַטנס טאַטע — מיין זיידן — האָט מען גערופן צבי־הירש און מיין באָבען — שפּרינצע. מיין טאַטע האָט געהאַט צוויי שוועסטער און פינף ברידער. אָט קומען זיי: חיה־שרהקע און אליהו סטאָצקי מיט דריי קינדער; העניע־לאה און מאַן מיט צוויי קינ־דער; שלמה און פרוי מערקע מיט צוויי קינדער; משה און פרוי שרה מיט צוויי קינדער; טאַנקע (תנחום) און פרוי פרומע מיט צוויי קינדער; יוסף און פרוי אסתר מיטן זון איסר; יודל און פרוי מיט צוויי קינדער. די דאָזיקע גאַנצע משפחה פון טאַטנס זייט איז אומ־געקומען פון די דייטשע הענט.

איצט קומט די משפחה פון מיין מאַמע טייבע: איר מוטער פייגל און פאָטער יענקל מעקעל האָבן אויך געהאַט צוויי טעכטער (ביילקע און חיה־עלקע) און פינף זין: חיים־יצחק (געשטאָרבן אין אַמעריקע); משה און בערל (אומגעקומען אין דער ערשטער וועלט־מלחמה); עליע (געפינט זיך אין אַמעריקע); און דוד־הירשל (געפאַלן אין וואַלד אַלס פּאַרטיזאַנער אין דער ראַנגע פון „סטאַרשינאַ״). ער האָט געהאַט אַ פרוי, חיה־אסתר, מיט פינף קינדער: פעשקע, שיפרה, רחל־ליבע, יענקל און בערל — אַלע אומגעקומען פון די דייטשען.

צו אונדזער משפּחה־קרייז האָט אויך געהערט די פאַמיליע פון מענדל און פריידע גאַפּאַנאָוויטש מיט זייערע פינף קינדער: נח־אבא גאַפּאַנאָוויטש און פרוי איטקע מיט צוויי קינדער; לייזער און פרוי שפּרינצע מיט צוויי קינדער: איטשע־משה און פרוי מיט קינדער (געלעבט אין זשעטל); עטקע און מאַן יונה קוריצקי מיט צוויי קינדער (געלעבט אין ווילנע); רבקה (געלעבט אין אָסטרין), אירע צוויי קינדער — מאיר און לאהקע (געלעבט אין בעליצע) — זייַנען אומגעקומען פון די דייטשן (מאיר אין דער ערשטער אַקציע צווישן די 36 ייִדן און לאהקע — אין ווילנע).

צו אונדזער משפּחה־קרייז האָט אויך געהערט די פאַמיליע פון בערל רודאָמינער, וועלכער איז געווען דער שמש פון בית־הכנסת. זיין פרוי האָט מען גערופן עדקע און

זייערע קינדער: ליפּע, ביילקע (די פרוי פון פריזירער באַראַן), כאַשקע (די פרוי פון קאָפּעלמייסטער יצחק קאַמעניעצקי) און באַשקע (די פרוי פון יענקל קרעמען, שלמה דעם בעקערס זון).

אין אונדזער טאַטנס שטוב זײַנען מיר געווען 7 פּערזאָן: טאַטע, מאַמע, די באָבע פייגל, מיינע צוויי ברידער (יענקל און דוד) און איך שוועסטער (חיה) — אַלע האָבן מיר געלעבט אַ שטיל און צופרידן לעבן. אַחוץ דעם וואָס דער טאַטע האָט געפירט פאַרצווייגטע געשעפטן האָט ער זיך אויך פאַרנומען מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. ער איז געשטאַנען אין שפּיץ פון דער פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע און אַחוץ דעם אויך גענומען אָנטייל אין אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן: פאַר דער ידישער שולע, פאַר דער פאָלקס־באַנק און גמילות־חסד, פאַר אָרעמע קינדער, פאַרן ביקור־חולים אד״גל.

די טיר פון אונדזער שטוב איז תמיד פאַר אַלעמען געווען אָפן. מיט אַלע צרות, וואָס האָבן זיך געמאַכט אין שטעטל, איז מען געקומען צום טאַטן און ער האָט שטענדיק געהאָלפן מיט וואָס ער האָט געקענט. כ׳געדענק גוט דעם פּרייטיק, ווען ס׳איז אויסגעבראָכן אין שטעטל די גרויסע שריפה. דאָס גאַנצע שטעטל איז געשטאַנען אין פלאַמען און דער טאַטע איז פונקט דאַן ניט געווען. פּלוצלינג האָט מען געזען, אַז דער טאַטע קומט אָן מיט דער פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע פון לידע. זיינען אַלע געלאָפן אַנטקעגן אים מיט טרערן אין די אויגן פון צער און פריד געמישט, גלייבנדיק, אַז ער וועט אָפּראַטעווען דאָס שטעטל. אין יענער שריפה זיינען אָפּגעברענט געוואָרן נאָר צוויי ידישע הייזער און דער גרעסטער טייל נישט־ידישע הייזער, דערפאַר איז דער טאַטע געשטעלט געוואָרן פאַר אַ געריכט אין וואַרשע. אַ דאַנק דעם, וואָס דער קאַטוילישער קלויסטער איז דאָך אויך אָפּגעראַטעוועט געוואָרן מיט מסירות־נפש פון די ידישע פייערלעשער, האָט דאָס געריכט דעם טאַטן באַפרייט פון שולד און רעקאָמענדירט אים באַצייכענען מיט אַ זילבערנעם מעדאַל פאַר זיין ענערגישער און פאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעט אין דער בעליצער פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע.

פון מיינע קינדער־יאָרן אין שטעטל געדענק איך גאָר גוט מיין באָבע שפּרינצע און דעם זיידן צבי־הירש. צו זיי פלעג איך לויפן דורך אַ שמאָל געסעלע פאַרזונקען אין שניי. כ׳האָב מורא געהאַט פאַר דער איינגעפאַלענער הייזקע, וואָס איז געשטאַנען אין דעם מיט שניי פאַרשאָטענעם געסעלע, ווייל מען האָט דערציילט אין שטעטל, אַז דאָרט זיינען פאַרשאָטן געוואָרן שלעכטע מענטשן. אַז איך פלעג שוין אַריינקומען אין הויז פון מיין באָבע־זיידע, פלעג איך גיך אַרויפקריכן אויפן גרויסן אויוון, זיך דאָרט אַ ביסל דערוואַרעמען און באַרואיקן. די באָבע פלעגט קיין מאָל ניט אַרויסלאָזן ביז מען פלעגט נישט אויפעסן אַלע לאַטקעס אין גענדזענע שמאַלץ. דאַן פלעג איך צוריקלויפן דורכן מאַרק און אויפן וועג אַ ביסל זיך גליטשן לעבן בית־מדרש, ווו ס׳איז געווען אַ גרויסער אייז, דאָרט פלעגט מען זיך גליטשן אויף קאָנקעס.

פאַרנאַכט, אַז מען פלעגט זיך גוט אָנפּרירן, איז מען אַריין אין בית־מדרש, דאָרט איז געווען אַ גרויסע וואַרעמע באַנק פון ציגל (לעזשאַיקע), ווו די אַלטע יידן פלעגן זיך וואַרעמען און זאָגן תהילים אָדער לערנען משניות. צווישן זיי איז כמעט תמיד געווען מיין אַלטער גוטער זיידע צבי־הירש, וואָס פלעגט מיך נעמען אויף די קני כ׳זאָל זיך דערוואַרעמען און צוהערן צום לערנען.

איך פלעג זייער ליב האָבן זיך צוהערן צו די מעשיות פון די אַלטע יידן פון שטעטל. מיין זיידע פלעגט דערציילן געשיכטעס פון זיין סאָלדאַטסטוואָ אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. פישקע מאַיעווסקי, וועלכער האָט געקעמפט אין מאַנדזשוריע און פון דאָרט געבראַכט צוויי מעדאַלן, האָט געהאַט צו דערציילן מעשיות אָן אַ סוף.

פרייטיק־צו־נאַכט, נאָך וועטשערע, האָט הרב פיין זצ״ל געלערנט פאַרן עולם די פרשה חומש פון דער וואָך. שבת פאַרטאָג פלעגט מיין זיידע רופן צו זאָגן תהילים.

## פון וואָס און ווי אַזוי האָט מען געלעבט

פון וואָס האָבן געלעבט בעליצער יידן?

מיטוואָך, אינעם מאַרק־טאָג, פלעגן אָנפאָרן גויים פון אַלע אַרומיקע דערפער און ברענגען זייערע פּראָדוקטן צו פאַרקויפן און נאָכדעם איינקויפן אין שטעטל דאָס נייטיקסטע. אַחוץ קרעמער און סוחרים זיינען אין שטעטל געווען יידן בעלי־מלאכהס: שוסטער, שניידער, סטאָליער, קירזשנער, בלעכער, שמידן אד״גל. עס קלינגען נאָך היינט אין מיינע אויערן די קלאַנגען פון האַמער און קאָוואַדלע אין דער קוזשניע פון דעם אַלטן שמיד זעליג און זיין זון אַהרון. די קלאַנגען פלעגט מען הערן איבערן גאַנצן שטעטל, בעת זעליג בוסעל מיט זיינע קינדער פלעגן אויסשמידן די סערפּן און קאָסעס צו שניידן די תבואות אויף די פויערישע פעלדער פון אַלע דערפער אין דער געגנט.

דאָנערשטיק איז געווען דער מאַרק־טאָג אין לידע. פלעגן בעליצער בעלי־עגלהס און סוחרים איינשפּאַנען פערד־און־וואָגן אָדער שליטן און פאָרן אויפן לידער מאַרק קויפן סחורה.

פּורים איז אין שטעטל געווען ששון ושמחה. אַלע פלעגן האָבן פיל פאַרגעניגן פון דעם דראַמאַטישן קרייז, וואָס האָט געשפּילט „מכירת יוסף״ און נאָכדעם פלעגן קינדער נאָכמאַכן ס׳שפּילן: גיין איבער די הייזער און בעטן „שלח־מנות״. די קינדער פלעגן דערביי אויסזינגען: „היינט איז פּורים און מאָרגן איז אויס, גיט מיר אַ פּאָר גראָשן און טרייבט מיך אַרויס!״.

פייוועל יאשקעס (לאָזאָווסקי) פלעגט אַריינרייטן פּורים אויף זיין גרויסן פערד צו אונדז אין הויף אַריין, אַריינגיין אין שטוב און בעטן „שלח־מנות״ פאַר אָרעמע יידן אין שטעטל. דער אַלטער שעפּטע מיט דער גרויסער באָרד פלעגט אויך אַריינקומען צו אונדז אום פּורים, האָט זיך ברייט צעזעצט ביים טיש, געמאַכט אַ גוטן „לחיים״, געגעבן אַ גוט

זמרל, דאַן האָט אים דער טאַטע געגעבן אַ פיינע נדבה און מען האָט זיך בידע געקושט און געווונטשן צו דערלעבן איבער אַ יאָר פורים.

פורים איז קוים אַוועק און אָט גרייט מען זיך שוין צו פסח. עס קומען אַריין פרישע טראַנספּאָרטן מעל אין די סקלאַדעס פון אונדזער געשעפט. דאָס גרייט דער טאַטע מעל פאַר די „פּאָדראַטן". אין בעליצע האָט מען געבאַקן מצות נישט נאָר פאַרן שטעטל גופא, נאָר אויך געשיקט מצות קיין וואַרשע און ווילנע און בעליצער ייִדן האָבן דערפון געהאַט פרנסה.

ביי אונדז אין שטוב האָט מען זיך געגרייט צום פסח מיט עטלעכע חדשים פריער. די באָבעס פלעגן שטעלן גרויסע קיילעס מיט בורעקעס, עס זאָל זיין ראָסל אויף פסח פאַר אַלע פאַמיליעס פונעם משפחה־קרייז. די באָבעס פלעגן אויך ברייען מעד און שטעלן ווייך, און פון צייט־צו־צייט פלעגן זיך די קינדער צוגנבענען צו כאַפּן אַ זופּ, דער עיקר מען זאָל ניט באַמערקן, אַז מ'גייט צו מיט אַ חמצדיק גלאָז..

פסח פאַרן סדר, ווי אויך אַלע אַנדערע יום־טובים פלעגן אַלע פאַמיליעס אונ־דזערע נאָכן דאַווענען קומען גלייך פון בית־הכנסת מיט אַלע קינדער צו אונדז אין שטוב זאָגן „גוט־יאָנטעוו" דער אַלטער באָבען פייגל, וועלכע האָט געוווינט מיט אונדז. פון דער צוויטער זייט, פלעגט דער טאַטע ניט מאַכן קיין קידוש אין שטוב, ביז ער מיט אַלע קינדער פלעגן באַזוכן דער באָבען שפרינצע און זיידן צבי־הירש און זיין ווינטשן „גוט־יאָנטעוו".

שבת נאָכן דאַווענען פלעגן זיך צעשפּעגען די טירן פון בית־מדרש און דער עולם פלעגט גיין אַהיים. דאַן פלעגן די קינדערלעך לויפן אַנטקעגן זייערע טאַטעס און זיידעס און אויסשרייען מיט פריידן „גוט שבת". נאָך היינט הילכן אין מיינע אויערן אָט יענע קינדערישע שבתדיקע אויסגעשרייען צוגלייך ווי עס הילכט נאָך אין מיינע אויערן דער ניגון פון זלמן יאַכעס תהילים־זאָגן צווישן מנחה און מעריב. ביי אונדז אין שטוב פלעגט צו יענער צייט די באָבע פייגל פריער אויסזוויינען פאַר אַ גרופּע עלטערע ווייבער די „צאינה וראינה" און דערנאָך אויסבעטן מיט פריַיד ביים „גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב" אַ גוטע וואָך פאַר איר משפחה און כלל ישראל.

פאַר די ימים־נוראים פלעגן אַלע בעליצער ייִדן לויפן צו סליחות אויסבעטן אַ גוט ניי־יאָר פאַרן פאָלק ישראל. יום־כיפור ביינאַכט פלעגט הרב פיין זצ"ל האַלטן אַ רירנ־דיקע דרשה אין בית־הכנסת, דערנאָך פלעגן די טירן פון אָרון־קודש געעפנט ווערן און אַלע פלעגן זיך פונאַנדערוויינען און צוזאַמען, בקול רם, זאָגן „אָבינו מלכנו"...

באַלד מוצאי יום־כיפור פלעגט מען זיך נעמען גרייטן צום סוכות. ביי אונדז אויפן הויף פלעגט דער טאַטע יעדעס יאָר אויפשטעלן אַ גרויסע סוכה, ווו ס'פלעגט זיצן די גאַנצע משפחה. שמחת־תורה פלעגט דאָס גאַנצע שטעטל גיין צום רב און פירן אים מיט געזאַנג אין בית־מדרש. אויך אַ גאַנץ יאָר האָט זיך דאָס שטעטל געפילט ווי

איין משפחה. אויב עס האָט עפּעס פּאַסירט ביי איינעם האָט דאָס גאַנצע שטעטל מיטגע־מאַכט די פּאַסירונג — סיי אין פרייד, סיי אין לייד.

## צוויי יאָר סאָוועטישע הערשאַפט

אַזוי האָט מען געלעבט ביזן ערשטן סעפּטעמבער 1939, ווען עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה צווישן פּוילן און דייטשלאַנד. מיין פעטער יאָסל איז געקומען יענעם טאָג זיך געזעגענען, ווייל מען האָט אים גערופן אין דער פּוילישער אַרמיי און פון דעמאָלט אָן האָט מען אים מער ניט געזען. אויך אַנדערע ייִדישע יונגעלייט זיינען אַוועק אויף דער מלחמה און זיי האָבן זיך שוין קיין מאָל ניט אומגעקערט אין שטעטל.

נאָך דעם ווי די פּוילישע מאַכט־אָרגאַנען האָבן פאַרלאָזט דאָס שטעטל אין העלפט סעפּטעמבער 1939, האָט דער טאַטע, אַלס קאָמענדאַנט פון דער פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע, גענומען אויף זיך דאָס אָפּהיטן די אָרדענונג אין שטעטל. נאַוורואָצקי, דער דירעקטאָר פון דער פּוילישער שולע, נח־אבא גאַפּאַנאָוויטש, צוזאַמען מיטן טאַטן, האָבן אָרגאַניזירט די גאַנצע פּאָזשאַרנע צו האַלטן אָרדענונג מיט געווער אין האַנט, ביז די סאָוויעטן זיינען אַריין אין שטעטל.

די ערשטע צוויי יאָר (1939—1941), וואָס די סאָוויעטן זיינען געווען, האָבן מיר גע־לעבט נישט שלעכט, כאָטש יעדער האָט מורא געהאַט פאַרן מאָרגן. דאָס געשעפט זיינס האָט דער טאַטע גלייך ליקווידירט און פאַרלייגט אַ וואַרשטאַט צו פאַריכטן ראָווערן. שפּעטער איז ער אויסגעוויילט געוואָרן אין דער אָנפירערשאַפט פון דער געברויך־קאָאָ־פּעראַציע, וואָס האָט געפירט אַ גרויסע קאָאָפּעראַטיווע קראָם מיט אַלע נייטיקע פּראָדוקטן. די מילן, וואָס האָבן געהערט פריער צו די משפחות איצקאָוויטש און קאַלמאַנאָוויטש זיינען נאַציאָנאַליזירט געוואָרן. ברוך וויסמאַנסקי איז געוואָרן דער פאַרוואַלטער און די שטעטלדיקע יידן האָבן ווידער געמאָלן און געבאַקן... בלויז איין יידישע משפחה (לייזע־ראָוויטש) האָבן די סאָוויעטן אַרויסגעשיקט פון שטעטל צוזאַמען מיט פיל פּוילישע און ווייסרוסישע משפחות...

## די דייטשן קומען אָן

דעם 22.6.41, ווען ס'איז אויסגעבראָכן די מלחמה צווישן רוסלאַנד און נאַצי־דייטש־לאַנד, האָבן די דייטשן גלייך באָמבאַרדירט אונדזער געגנט. די ערשטע אויפרייסן האָבן אויפגעוועקט דאָס גאַנצע שטעטל אויפן שפּראָץ פון טאָג. די גאַנצע יוגנט איז גיך מאָבי־ליזירט געוואָרן און אָפּגעשיקט קיין לידע. אָבער די פלאַמען פון דער ברענענדיקער שטאָט לידע האָבן זיך געזען אין בעליצע (אַ מרחק פון 30 ק"מ), און דער טומל איז

געוועז אַזוי גרויס אַז די מאָביליזירטע יוגנט האָט זיך אומגעקערט צוריק קיין בעליצע. אין יענעם טאָג, צום מיטאָג, זיינען זיך ביי אונדז אין שטוב צונויפגעקומען כמעט אַלע קרובים, מען האָט געגעסן שווייגנדיק, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, ווייל ס'האָט זיך געפילט, אַז ס'הייבט זיך אָן אַ טרויעריק קאַפּיטל, כאָטש קיינער האָט זיך אַוודאי דאַן ניט פאַר־געשטעלט, אַז עס וועט זיך ענדיקן אַזוי טרויעריק...

ווען די ערשטע דייטשן האָבן זיך באַוויזן ביים אַריינפאָר אין שטעטל, זיינען די קינדער זיי געלאָפן אַנטקעגן און זיך אין זיי איינגעקוקט מיט באַגייסטערונג. באַלד אָבער האָט זיך אָנגעהויבן אַ שיסעריי, ווייל די דייטשן האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף אַן איינהייט פון רוסישע זעלנער, וואָס האָט זיך פאַרשפּעטיקט ביים אָפּטרעטן פון די סאָוויעטן. איך בין דאַן אַריינגעלאָפן צו חיים־ראובנען אין שטוב זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן אָבער גאָר גיך האָב איך דערפילט, אַז די דייטשן האָבן אונטערגעצונדן די שטוב. בין איך אַרויס־געלאָפן פון דער ברענענדיקער שטוב און אַריינגעלאָפן צו באַראַנען אין שטוב (שפּע־טער לייביטשקעס שטוב), אָבער די דייטשן זיינען געגאַנגען פון שטוב צו שטוב און אונ־טערגעצונדן די הייזער. גאָר גיך איז דאָס גאַנצע שטעטל געשטאַנען אין פלאַמען. דאַן בין איך געלאָפן דורך די גערטנער און אַרויסגעכאַפּט זיך אויף די אַרומיקע פעלדער. נעבן דער צערקווע האָב איך געטראָפן דעם יידן צבי־הירש מיט דער באָבען און ערשט צומאָרגנס האָב איך אָפּגעפונען מיינע עלטערן מיט די קינדער אין דאָרף סטאָק, עטלעכע קילאָמעטער פון שטעטל.

ווען מיר האָבן זיך צוריקגעקערט אינעם אָפּגעברענטן שטעטל, האָבן מיר זיך אַריינ־געקליבן אין אַ ליידיקן סקלאַד, וואָס האָט געהערט צו נח־אבאַן און דאָרט איז געוואָרן אונדזער וווינונג. מיט דעם ווענעלע, וואָס מיר קינדער פלעגן זיך פריער שפּילן האָבן מיר איצט געפירט ציגל פון פאַרשידענע פלעצער און געבויט אינעם פוסטן סקלאַד אַן אויוון צו באַקן און קאָכן. אַלע יידן פון שטעטל האָבן זיך געמוזט צונויפדרענגען אין די עטלעכע פאַרבליבענע נאָך דער שריפה יידישע הייַזער און סקלאַדן.

נאָך דעם ווי מען האָט דערהרגעט די ערשטע 36 יידן פון שטעטל, מיט הרב פיין זצ"ל בראש, האָט דער בירגערמייסטער באַלעבאַנסקי צונויפגערופן די יידישע פאָרשטייער און צוגעזאָגט, אַז מען וועט מער נישט הרגענען. ער האָט אַפילו אַרויסגעגעבן שיינען צו גיין אין די דערפער אַרבעטן, און יידן פון שטעטל האָבן טאַקע אַזוי אַרום פאַרדינט צו ביסלעך אויף ברויט, וואָס זיי האָבן געבראַכט פון די דערפער.

היות ווי דער בית־הכנסת איז אויך פאַרברענט געוואָרן און עס איז ניט געווען קיין ספר־תורה, איז דער טאַטע מיט יצחק מאַיעווסקי אַוועק קיין סעלץ און געבראַכט פון דאָרט אַ ספר־תורה. מען האָט געמאַכט אַ געהיים מנין אין אַ הינטער־שטיבל ביי רישקע פּאַניעמאַנסקי (מאָטקע דעם שוסטערס טאָכטער) און אַז די עלטערע פלעגן דאָרטן דאַ־וונען, זיינען יוגנטלעכע געשטאַנען אין דרויסן און געהיטן.

## אין געטאָ שטשוטשין

נאָך סוכות איז געקומען אַ באַפעל פון די דייטשן, אַז אַלע יידן מוזן פאַרלאָזן דאָס שטעטל. אונדזער פאַמיליע איז אַריבערגעפאָרן קיין שטשוטשין, דאָרטן האָט דער טאַטע געהאַט משפחה. אין דער אמתן האָבן מיר געדאַרפט פאָרן קיין לידע. דערפאַר טאַקע, אָנקומענדיק קיין שטשוטשין, האָט מען דעם טאַטן און פעטער אַרעסטירט און געפירט שיסן. אַ דאַנק דעם, וואָס דער טאַטע האָט געהאַט אַ גוטע באַשייניקונג פון בעליצער ביר־גערמייסטער, האָט מען די אָפּגעלאָזט און דערלויבט זיך באַזעצן אין שטשוטשינער געטאָ. דאָרט זיינען מיר געווען העכער 70 פערזאָן פון בעליצע. מיין פאָטער איז אויך דאָן ניט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט. צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע יידן האָט ער שטילערהייט אָרגאַניזירט אַן אַלגעמיינע קיך פאַר צוגעקומענע יידן, ווייל שטשוטשין איז ניט געוואָרן פאַרברענט און די דאָרטיקע יידן האָבן געהאַט וואָס צו עסן. דער טאַטע און דער עלטע־רער ברודער יעקב פלעגן טאָג־טעגלעך גיין אויף צוואַנגס־אַרבעט און מיר קליינע קינ־דער פלעגן ליגן אויסבאַהאַלטן און געדולדיק אָפּוואַרטן זייער צוריקקומען פון דער אַרבעט און דאָס ברענגען עפּעס צום עסן...

אין אַ שבתדיקן ווינטער־טאָג, ווען מיר אַלע האָבן זיך געפונען אין שטוב און זיך געגרייט עסן מיטאָג, איז עמעצער אַריינגעלאָפן און אויסגעשריגן, אַז די דייטשן גייען אין געטאָ און דערנענטערן זיך צו אונדזער קוואַרטאַל. דער טאַטע און ברודער יעקב זיינען אַרויסגעלאָפן פון שטוב און זיך אַריבערגעכאַפּט אויף דער אַרישער זייט. אויך איך בין אַרויסגעלאָפן נאָך זיי, אָבער די דייטשן זיינען שוין געווען נעבן אונדזער שטוב און אָנגעהויבן שיסן אויף מיר. מיינע קינדערישע פיסלעך זיינען מן הסתם שנעל געלאָפן און אַזוי אַרום האָבן די שאָסן מיך ניט געטראָפן. אָבער מיט אַ שעה שפּעטער, קומענדיק צוריק אין שטוב, האָבן מיר געפונען ליגנדיק דערשאָסן אויפן ווייסן שניי מיין ברודער דוד, די באָבע פייגל און צוויי פון אונדזערע שטשוטשינער קרובים — חיים־יאָסל און זיין זון בצלאל קאַפּעלמאַן.

יענעם בלוטיקן שבת, האָבן עטלעכע דייטשישע מערדער דערשאָסן אַ סך יידן און נאָר על־פּי־נס האָט זיך אונדזער מוטער אַרויסגעדרייט פון זייערע הענט — זי איז אַנטלאָפן און זיי האָבן זי געזוכט אין אַלע אַרומיקע הייזער.

שבת נאָך מיטאָג האָט מען אויף צוויי פורן אַרויפגעלייגט אַלע קערפּערס פון די דערשאָסענע יידן און זיי אַוועקגעפירט צום בית־עלמין. די ערד איז אָבער געווען שטאַרק פאַרפרוירן און מען האָט ניט געקענט גראָבן דעם קבר, האָט מען זיי געלאָזט ליגן אויף די פורן ביז צו מאָרגנס. ערשט זונטיק אין דער פרי האָט מען אָנגעלייגט אַ פייער, כדי די ערד זאָל אויפטייען און אַזוי לאַנגזאַם געגראָבן דעם ברודער־קבר. נאָך דעם האָט מען אַלע דערשאָסענע אויסגעלייגט אינעם קבר און זיי פאַרשאָטן מיט ערד און שניי. מיין פאָטער האָט געזאָגט קדיש נאָך זיין זון, שוויגער און צוויי קרובים, בעת די אַנדערע

האָבן געזאָגט קדיש נאָך זייערע קרבנות, און שוואַרצע וואָרנעס האָבן געקראַקעט אויף אונדזער ביטערן גורל.

מיט מיין קינדערישער פאַנטאַזיע האָב איך נאָך דעמאָלט ניט געקענט באַגריפן, פאַרוואָס שיסן די דייַטשישע מערדער אומשולדיקע קינדער. נאָך דודס טויט, פלעגט מיין טאַטע און ברודער יענקל יעדן פרימאָרגן אַרויסגייז צו דער אַרבעט אויסערן געטאָ און איך מיט דער שוועסטער חיה פלעגן אַ גאַנצן טאָג אויסוואַרטן זייער צוריקקומען. טראָץ דער טויט־שרעק און גרויל האָבן ייִדן אין געטאָ שטילערהייט געחלומט, אַז די גאולה וועט דאָך קומען. כ׳געדענק, אַז מען האָט אין געטאָ דערציילט וועגן „אַ טישל אויף דריי פיסלעך אָן טשוועקעס״, וואָס דריי מענטשן, אַז זיי האַלטן די הענט אויף אים, צעוואַ־רעמען דעם טישל אַזוי, אַז ווען מען פרעגט „וויפל ?״ קלאַפּט איין פיסל אויס די צאָל. מן הסתם פלעגן זיך „דריילעך״ צונויפקומען שפּעט אין דער נאַכט און אין אַ פאַרבאָרגע־נעם פלאַץ אין געטאָ גיין פרעגן ביים „טישל״ וויפל טעג וועט נאָך דויערן דער קאָשמאַר ? דאָך האָט קיינער אין געטאָ קיין מאָל ניט געקענט געבן קיין גענויעם ענטפער, צי ער אַליין מיט זיינע אויגן האָט טאַקע געזען ווי אַזוי דאָס „טישל״ האָט אויסגעקלאַפּט מיט איין פיסל די צאָל טעג, וואָכן און חדשים ביז צו דער גאולה...

די „גאולה״ איז סוף־כל־סוף געקומען און אויסגעוויקט אין בלוט הונדערטער ייִדישע קרבנות. די דייטשן און זייערע צוהעלפער האָבן אין דער נאַכט פון פרייטיק אויף שבת 8־9־טער מאַי 1942, אַרומגערינגלט דעם שטשוטשינער געטאָ און קיינעם מער ניט אַרויסגעלאָזט. שבת אין דער פרי האָט מען אַלעמען אַרויסגעטריבן פון די הייזער, אויסגעשטעלט פאַמיליעווייז אינעם פלאַץ־ראַיאָן פון די בתי־מדרשים און אָנגעהויבן די באַוווסטע סעלעקציע פון שיקן אויף רעכטס (צום לעבן) אָדער אויף לינקס (צום טויט). דער גורל האָט געוואָלט, אַז מיר זאָלן בלייבן לעבן — היות דער פאָטער איז געווען פאַרשריבן ביי די דייטשן אַלס שלאָסער פון פאַך האָט מען אונדז געשיקט אויף רעכטס. אין דער גרופּע פון „נוצלעכע יודען״ האָט מען אויסגעטיילט אַן ערך 500 פּערזאָן, בשעת אַלע איבעריקע, אַן ערך 2100 נפשות, זיינען אַוועקגעטריבן געוואָרן צו די צוגעגרייטע גריבער הינטער דער שטאָט און דאָרט גרופּנווייז דערשאָסן געוואָרן.

אין יענעם טאָג האָב איך מיט מייַנע קינדערישע אויגן געזען ווי אַזוי מען פירט דאָס ייִדישע פאָלק צו די טויט־גריבער. הונדערטער מענער, פרויען און קינדערלעך זיינען געגאַנגען זייער לעצטן וועג צוגעטוליעט איינער צו אַנדערן, אַרומגערינגלט דורך אַ קאָרדאָן פון באַוואָפנטע דייטשישע ווילדע חיות. כ׳האָב געזען געזען מיין אַלטן זיידן און אַלטער באָבע ווי זיי האָבן פון ביידע זייטן געפירט פאַר די הענטלעך דעם קלענסטן איניקל זייערן איסערקע, און געקוקט פאַרויס מיט שטאָלצע בליקן, שעפּטשענדיק אַוודאי אין זיך די הייליקע ווערטער פון ווידוי. אַזוי זיינען געגאַנגען צום טויט גיבורים און ניט קיין פּחדנים, ווייל ווער ס׳האָט אַזוי אַריינגעקוקט דעם טויט אין די אויגן און

געגאַנגען צו די גריבער מיט אַן אויפגעהויבענעם בליק — האָט געמוזט פאַרמאָגן אין זיך אַ פונק פון גבורה.

דער פאָטער און נאָך שטשוטשינער ייִדן זיינען די גאַנצע קומענדיקע נאַכט און אויך במשך די שפּעטערדיקע טעג און נעכט געווען פאַרנומען מיט אויפקלייבן איינצלנע דערשאָסענע קערפּערס, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט לענגאויס דעם לעצטן וועג — פונעם סעלעקציע־פּלאַץ ביזן מאָרד־פּלאַץ — און זיי מקבר געווען אויפן שטעטלדיקן בית־עלמין, ניט ווייט פון פרישן ברודער־קבר.

די לעבן־געבליבענע 500 פּערזאָן האָבן זיך צוריק אַריינגעצויגן אין געטאָ. ביי אונדז אין וווינונג האָט דער פאָטער אַריינגעבראַכט אַ ספר־תורה און מען פלעגט דאַווענען דריי מאָל אַ טאָג. די מורא איז איצט געוואָרן קלענער, מען האָט שוין כמעט פאַר קיין זאַך נישט מורא געהאַט, ווייל מען האָט שוין נישט געהאַט וואָס צו פאַרלירן. — דער טויט איז געוואָרן וואָכעדיק...

דער פאָטער האָט ווידער זיך גענומען צו זיין געזעלשאַפטלעכער זאָרג פאַר אַנדערע, אַרויסהעלפן מיט וואָס נאָר מען קען כל זמן מען לעבט. היות אין געטאָ זיינען פאַרבליבן אויך 4 פערד, האָט דער פאָטער אָרגאַניזירט, אַז מען זאָל צעאַקערן אין געטאָ די גערטנער, פאַרזייען גרינוואַרג און תבואה און ביז ס'וועט אויסוואַקסן זאָל מען דערוויל אָרגאַניזירן פון דרויסן פּראָדוקטן פאַר אַ געזעלשאַפטלעכע קיך. דאָס האָט זיך דווקא געלאָזט אַדורכפירן, ווייל בעת מען פלעגט אַרויספירן דאָס מיסט פון געטאָ אויף דער פּוילישער זייט איז ניט געווען קאָמפּליצירט אַריינצופירן צוריק אין געטאָ פאַרשידענע שפּייז־פּראָדוקטן פון דער אַרישער זייט. מיט נאָך אַ ייִנגעלע (שמואליק) פון וואַסילישאָק האָב איך אָנטייל גענומען אין דער דאָזיקער אַרבעט, ווייל קינדער און יוגנטלעכע האָבן זיך גיכער און אומבאַמערקבאַרער געקענט באַוועגן אויסערן שטח פון געטאָ.

גלייכצייטיק האָט דער פאָטער דערמוטיקט אַנדערע, אַז מען זאָל פאַרזייען קאַרטאָפל און פלאַנצן גרינוואַרג אויפן באַדן לעבן יעדער שטוב. אַזוי אַרום האָבן אין יענער מוראדיקער צייט די פאַרבליבענע ייִדן אין שטשוטשינער געטאָ כמעט נישט געהונגערט, איינשליסלעך די רעשטלעך ייִדן, וועלכע זיינען געקומען פון די ליקווידירטע געטאָס אין ראַדון, וואַסילישאָק, זשאָלודאָק א״אַנד. מען האָט זיי אויפגענומען מיט אַן אויסגעשטרעקטער ברידערלעכער האַנט און די געזעלשאַפטלעכע קיך האָט געטיילט עסן אַלע נויטבאַדערפטיקע ייִדן, וואָס זיינען געקומען קיין שטשוטשין.

צווישן די געקומענע פון ראַדון האָט זיך געפונען די משפּחה פון דאָרטיקן רב — אַ מוטער מיט צוויי דערוואַקסענע זין און איין טאָכטער. ביי זיך אין דער וווינונג האָבן זיי געגרינדעט אַ „שולע״ און כמעט אַלע קינדערלעך פון געטאָ פלעגן אַהינקומען פאַרטאָג דאַווענען און דערנאָך לערנען. די צוויי דערוואַקסענע ייִנגלעך האָבן געלערנט מיט די ייִנגלעך חומש און דאָס מיידל האָט געלערנט מיט די מיידלעך ברכות. מען קען זיך דאָס

איצט נישט פאַרשטעלן, אַז אין יענע גרויל־טעג, ווען דער חלף איז געלעגן ממש אויפן האַלדז, און אויך די קליינע קינדער האָבן דאָס געפילט אויף זייערע העלדזער, האָט זיך געפונען מוט פאַר דאַוונען און לערנען. מיין פאָטער האָט פיל מיטגעווירקט ביים דער־וועקן דעם מוט און שטאַרקן גלויבן — ער האָט פאַר יעדן געהאַט תמיד אַ טרייסטוואָרט און געמונטערט ניט צו פאַרלירן די האָפענונג ביזן לעצטן מאָמענט פון לעבן. ער גופא האָט געהאָפט און געגלייבט, אַז עס מוז קומען דער טאָג פון באַפרייאונג פאַרן ייִדישן פאָלק און מיר וועלן נאָך זוכה זייך צו זען די נקמה פון די דייטשישע מערדער.

## אין לידער טאָדט־לאַגער

אָבער ביז ס׳איז צו דעם געקומען, האָבן מיר נאָך איבערגעלעבט גענוג צרות. סוף זומער 1942 זיינען די דייטשן געקומען אין געטאָ און מאָביליזירט אַרבעטער פאַרן לידער „טאָדט״־לאַגער, וואָס האָט זיך געפונען אויפן שטח פון דער טורמע. דער פאָטער איז אַריינגעפאַלן אין דער דאָזיקער גרופּע, און מיט זיין אָפּפאָרן קיין לידע, האָט די קיך אין שטשוטשין נאָך געאַרבעט אַ גאַר קורצע צייט ביז זי האָט אין גאַנצן אויפגעהערט צו עקזיסטירן. דערפאַר האָט דער פאָטער איצט געזאָרגט, אַז אין „טאָדט״־לאַגער אין לידע זאָל זיין אַ ספר־תורה און פּאַרטאָג, פאַרן אַרויסגיין צו דער אַרבעט, זאָלן ייִדן דאַוונען בציבור. אויך האָט ער רעאַליזירט דאָרט דעם געדאַנק פון אַ געזעלשאַפטלעכער באָד; גייענדיק פון דער אַרבעט פלעגט יעדער מיטנעמען אַ ציגל אָדער אַ ביסל ליים, און אַזוי אַרום האָט מען אין די ווינונגס־באַראַקן מיט אייגענע מיטלען אויפגעבויט אַ באָד, וווּ מען פלעגט זיך שטילערהייט ביינאַכט אויסבאָדן און אויסוואַשן אַ ביסל וועש.

מיין ברודער יענקל איז שוין פריער מאָביליזירט געוואָרן צו דער אַרבעט אין דעם זעלבן „טאָדט״־לאַגער. ביינאַכט פלעגט ער רעדן צום פאָטער, אַז זיי זאָלן אַנטלויפן פון לאַגער צו די פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער און שפּעטער אויך אַרויסראַטעווען דער מאַמען מיט די איבעריקע צוויי קינדער, וועלכע זיינען פאַרבליבן אין שטשוטשין. אין איינער אַ נאַכט זיינען טאַקע צו זיי געקומען פון די אַרומיקע וועלדער דריי בעליצער ייִדן: אלעזר־מאיר סאַוויצקי, רחל איצקאָוויטש און מיכאל גראַזניק, וועלכע זיינען געווען מיין פאָטערס גוטע פריינד און האָבן אים מיט מיין ברודער יענקל אַרויסגעפירט פון לידער לאַגער. צוזאַמען מיט זיי זיינען אויך אַוועק פון לידער „טאָדט״־לאַגער נאָך 16 ייִדן צווישן זיי אויך דער בעליצער שלמה קאַפּלאַן. די דאָזיקע גאַנצע גרופּע האָט אַ דאַנק יענע נאַכט פון אַנטלויפן, איבערגעלעבט די מלחמה און אַ טייל פון זיי איז געקומען שפּעטער קיין ישראל. בלויז מיַין טייערער ברודער יענקל איז געפאַלן אין די לעצטע טעג פון דער מלחמה (מאַי 1945), בעת די איינהייט פון דער רויטער אַרמיי אין וועלכער ער האָט זיך געהאַט אַנגעשלאָסן נאָך די פּאַרטיזאַנער־קאַמפן, האָט געשטורעמט דאָס בראַנדענבורגער טויער אין האַרץ פון בערלין...

## אין וואַלד מיט פּאַרטיזאַנער

צוויי טעג און צוויי נעכט האָט געדויערט דער סכנותפולער מאַרש פון לידע ביזן וואַלד, צו וועלכן ס׳האָבן זיך דערשלאָגן די 16 אָפּגעראַטעוועטע און זייערע דריי רעטער — בעליצער פּאַרטיזאַנער. ווי נאָר זיי זיינען אָנגעקומען אין וואַלד, האָט דער פּאָטער מיט מיין ברודער זיך פאַרבונדן מיט אַ באַקאַנטן קריסט פון דאָרף זבלאָן (גערופן האָט מען אים קאַלע) און ער האָט מסכים געווען צו גיין אין זייער שליחות אין שטשוטשינער געטאָ און אונדז פון דאָרט ברענגען אין וואַלד. ווען דער קריסט איז צו אונדז געקומען (מיט פערד־און־וואָגן), האָט ער באַשלאָסן מיטצונעמען בלויז מיך מיט מיין שוועסטער, ווייל די מוטער, האָט ער געטענהט, וועט אונדז „פאַרשיטן" צוליב איר בולטן יידישן אויסזען. האָבן מיר אָבער ניט געוואָלט פאָרן אָן דער מוטער, האָט דער קריסט סוף־כל־סוף מסכים געווען אויך זי מיטצונעמען (צו אונדזער גליק איז אין יענעם טאָג געווען אַ גרויסע פוילישע חגא און דאָס שטעטל איז געווען איבערפולט מיט קריסטן פון די אַרומיקע דערפער, דערצו איז געפאַלן אַ גרויסער רעגן). דייטשן זיינען עטלעכע מאָל אונדז פאַרבייגעפאָרן, אָבער מיר זיינען געזעסן אויפן פור איינגעוויקלטע אין קאָצן צוליבן רעגן... און אַזוי אַרום זיינען מיר ביינאַכט אָנגעקומען בשלום אין דאָרף זבלאָן, ביים ברעג פון טייך ניעמאַן. מיין פּאָטער און ברודער יאַנקל, ווי אויך דער קוזין יענקל און נאָך פיל בעליצער יידן האָבן אונדז אָפּגעוואַרט אויף דער צווייטער זייט ניעמאַן און גלייך אונדז איינגעגלידערט אין דער נייער משפחה פון וואַלד־מענטשן — פּאַרטיזאַנער.

מיין ברודער יענקל און קוזין יענקל האָבן ניט געוואָלט זיצן אין וואַלד מיט פאַרלייגטע הענט, זיי האָבן זיך געריסן אין קאַמף קעגן די דייטשן, נעמען פון זיי נקמה. גאָר גיך האָבן זיי זיך אָנגעשלאָסן אינעם אָטריאַד „אָקטיאַבער"" — אַ פּאַרטיזאַנער קאַמפּס־איינהייט פון דער בריגאַדע „פּיערוואָמאַיסקע".

כ׳געדענק, מיט וואָס פאַר אַ גרויסע פרייד מיין ברודער איז געקומען צו לויפן און אָנגעזאָגט מיין פּאָטער, אַז דער קאָמאַנדיר פון אָטריאַד „אָקטיאַבער" האָט אים צוזאַמען מיטן קוזין יענקל צוגענומען אַלס קעמפער און גלייך געגעבן צוויי אויטאָמאַטישע ביקסן. בעתן דערציילן דאָס האָט ער מיט פרייד און ליבשאַפט געדריקט די אויטאָמאַטישע ביקס צו דער ברוסט, פּונקט ווי ס׳וואָלט געווען זיין בעסטער און ליבסטער פריינד.

## איך שייד זיך מיט מיין ברודער

פאַרן צעשיידן זיך מיט אונדז, ווען מיין ברודער יענקל איז אַוועק מיט דער רויטער אַרמיי יאָגן די אָפּטרעטנדיקע דייטשן, האָט ער מיך אַרויסגערופן פון ביידל און אָפּגע־פירט אין וואַלד אין אַ זייט, אַז קיינער זאָל נישט זען. ער האָט מיר אַ קלאַפּ געטאָן איי־בערן אַקסל און געזאָגט: „זיי געזונט, פּייול. ווער ווייסט צי מיר וועלן זיך נאָך זען.

זאָלסט היטן דעם טאַטן, דער מאַמען און די שוועסטער. איך קען דאָ ניט פאַרבלייבן צו־זאַמען מיט אייך. איך מוז גיין פאָרויס, נקמה נעמען ביזן סוף פון די דייטשע מערדער".

ער איז דעמאָלט נאָך אַליין געווען אַ קינד און אַזוי האָט ער גערעדט צו מיר, דעם ייִנגערן פון זיך. איך האָב דעמאָלט ניט פאַרשטאַנען וואָס ער האָט געמיינט מיט זיינע ווערטער. היינט פאַרשטיי איך אים בעסער. עס טרעפן אָבער מאָמענטן, ווען ס'דוכט זיך מיר, אַז מיין ברודער יענקל איז ניט טויט, אַז ער איז כלל ניט געפאַלן ביים בראַנדענ־בורגער טויער אין צענטער פון בערלין... אָפט דוכט זיך מיר, אַז מיין ברודער יענקל לעבט און וואַנדערט נאָך היינט אַרום איבער די ווייסרוסישע וועלדער מיט יענער אויטאָ־מאַטישער ביקס אין האַנט און רופט: „זכור, את אשר עשה לך עמלק!".

אָט שפּרייזט מיין ברודער יענקל איבערן וואַלד, ער קלייבט צונויף די ייִדישע פּאַר־טיזאַנער־קעמפער, וועלכע זיינען געבליבן אויף אייביק אינעם וואַלד, שטעלט זיי אויס אין רייען און רופט: „פאָרויס, נקמה!". און אָט רוען זיי, יענע פּאַרטיזאַנער־קעמפער: זיי האָבן זיך אויסגעזעצט אין אַ קאַראַהאַד אַרום אַ פייער־קאָסטיאָר; מיין ברודער יענקל זיצט אין דער מיט און פאַרציט מיט זיין לירישער שטאַרק־טרויעריקער שטימע: „אומרו יאַ אומרו, פּאַכאַראָניאַט מעניאַ; אי ניכטאָ ניע אוזנאַיעט גדיע מאָגילאַ מאַיאַ..."

מיין העלדישער ברודער יענקל האָט העלדיש געקעמפט אַלס פּאַרטיזאַנער און אַלס סאָלדאַט אויפן פראָנט און איז העלדיש געפאַלן פאַרן כבוד פון ייִדישן פאָלק, ביים שטו־רעמען דאָס בראַנדענבורגער טויער אין צענטער פון בערלין.

## פאַמיליע־לעבן אין וואַלד

נאָכדעם ווי מיין ברודער איז אַוועק פון אונדז, האָט דער פעטער דוד־הירשל געבראַכט פאַרן טאַטן אַן אַלטן ביקס מיר זאָלן זיך אַליין קענען פאַרטיידיקן אין וואַלד.

דער טאַטע פלעגט גיין אין די אַרומיקע דערפער און ברענגען עסן פאַר אונדז אַלעמען (מאַמע, שוועסטער חיה און איך). מיר האָבן באַגלייט מיט ליבשאַפט און פחד דעם פאָטער, ווען ער פלעגט סיי באַטאָג, סיי ביינאַכט אַרומשפּאַנען אַרום אונדזערע זיעמליאַנקעס מיטן אַלטן ביקס אין האַנט, און לויערן צי עס דערנענטערן זיך דייטשן אָדער ווייסע פּאָליאַקן, אָדער וולאַסאָווצעס. איך געדענק ווי ער פלעגט אָנטאָן דעם אַלטן ביקס און אָנציינדן די ליולקע, אַ וואַרף־טאָן אַ בליק אויף מיר, דער שוועסטער און מאַמען און פאַרשווינדן צווישן די בוימער אין דער נאַכט־פינצטערניש. אים האָבן ניט אָפּגעהאַלטן די גרויסע שנייען אָדער ווינטן. אַפילו ווען די בוימער האָבן זיך געבראָכן פון די גרויסע ווינטן איז דער טאַטע געגאַנגען אין די נעכט ברענגען עסן פאַר זיין משפחה. ער פלעגט אַרויסגיין שפּעט אין דער נאַכט און אויפן פאַרטאָג פלעגט ער זיין צוריק, נאָכדעם ווי ער האָט באַזוכט זיינע באַקאַנטע פויערים אין דער אומגעגנט און אויסגעבעטן ביי זיי אַ ביסל פּראָוויאַנט.

אין וואַלד זיינען איך, די מוטער און שוועסטער קראַנק געוואָרן אויף טיפוס (דעם גאַנצן לאַגער אונדזערן האָט אַרומגענומען די עפּידעמיע). נאָר די ענערגיע פון מיין פאָטער, וואָס האָט זיך ניט נאָכגעגעבן און ניט צוזאַמענגעבראָכן און געבליבן איסער דער עפּידעמיע, האָבן אויך מיר זיך אומגעקערט צו אונדזערע כוחות וואָס זיינען גע־וואָרן זייער אָפּגעשוואַכט פון דער קראַנקהייט. אין יענעם צייט־אָפּשניט פלעגט דער פאָטער ביינאַכט לויפן מער ווי פינף קילאָמעטער, כדי צו ברענגען פאַר אונדז אַ פלעשל מילך. די מוטער איז דאַן געווען אַזוי אָפּגעשוואַכט, אַז דער פאָטער האָט איר געמוזט טראָגן אויפן פּלייצע ביז צו די ווייטע סכראַנעס בעת די דייטשישע עראָפּלאַנען פלעגן וואַרפן באָמבעס איבערן וואַלד.

די צייט איז דאַן געוואָרן זייער אַ סכנותפולע, דער פראָנט איז דערנאָענטערט זייער נאָענט און מיר האָבן שוין געהערט דאָס קנאַלן פון די האַרמאַטן. די אַרמיי פון דעם פאַרעטערישן רוסישן גענעראַל וולאַסאָוו, וואָס איז געגאַנגען מיט די דייטשן, האָט אַרומגערינגלט דעם גאַנצן געגנט און אַזוי אַרום האָבן אַלע פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן גע־מוזט פאַרלאָזן דעם וואַלד און אַנטלויפן אין פאַרשיידענע ריכטונגען.

מיר זיינען געווען אָפּגעשוואַכט נאָכן טיפוס און האָבן ניט געקענט אַנטלויפן, זיינען מיר געבליבן זיצן אויפן זעלבן פּלאַץ מיט נאָך עטלעכע פאַמיליעס, וואָס האָבן אויך ניט געקענט אַנטלויפן. פאַרטאָג פלעגן מיר זיך אַריבערטראָגן פון וואַלד אין די אַרומיקע בלאָטעס, באַוואַקסענע מיט געדיכטע געוויקסן, און ביינאַכט פלעגן מיר קומען צוריק צו אונדזערע זיעמליאַנקעס אין וואַלד, מאַכן אַ פייער, אויסטריקענען די נאַסע זאַכן און מאַכן עפּעס צום עסן.

איך דערמאָן זיך אַ געוויסן פאַרטאָג, האָט דער פאָטער מיך מיט דער שוועסטער איבערגעלאָזט אין וואַלד. ער האָט אונדז אַריינגעזעצט אין אַ גרוב, פאַרדעקט מיט צווייגן און געזאָגט, אַז מיר דאַרפן ליגן שטיל אין גרוב (ער האָט געוואָלט פאַרשפּאָרן אונדז דאָס ליגן אַ גאַנצן טאָג אין בלאָטיקן וואַסער). אָבער מיר צווי קליינע קינדער האָבן מורא געקראָגן צו זיצן אַליין אין גרוב, דערצו האָט אונדז אויסגעפּעלט לופט, ווייל דער גרוב איז געווען פאַרדעקט גאָר געדיכט. ווי נאָר דער פאָטער מיט דער מוטער האָבן זיך דערווייטערט, בין איך און די שוועסטער אַרויסגעקראָכן און געלאָפן אין דער ריכטונג פון דער בלאָטע. מיטאַמאָל האָבן מיר דערהערט געשרייען און אַ געלויף פון פערדישע פיס. דאָס זיינען געווען „וולאַסאָווצעס" וואָס האָבן אַרומגערינגלט דעם וואַלד און געזוכט פאַרטיזאַנער. אָבער דער פאָטער האָט מיט זיין אינסטינקט דער־פילט די סכנה און געלאָפן צוריק צום גרוב. אַזוי אַרום האָט ער אונדז געטראָפן שוין אויפן וועג און גיך אַריבערגעטראָגן אין די קוסטעס וואָס האָבן צוגעדעקט די אַרומיקע בלאָטעס.

אין די לעצטע טעג פאַר דער באַפרייאונג, זיינען מיר פאַרבליבן אָן עסנוואַרג. מיר

פלעגן קלייבן שוואַרצע יאַגדעס אין וואַלד און מיט דעם האָבן מיר זיך געקוויקט. איינמאָל, בעת איך מיט מיין שוועסטער האָבן געקליבן יאַגדעס אין וואַלד, איז אָנגעקומען אַ יידישער פּאַרטיזאַן און האָט אָנגעזאָגט, אַז די רוסישע אַרמיי איז שוין גאָר נאָענט און אינגיכן וועלן מיר ווערן באַפרייט. די הערצער אונדזערע זיינען אָנגעפילט געוואָרן מיט פרייד, אַז אָט אָט קומט אָן דער טאָג פון באַפרייאונג. אין עטלעכע טעג שפּעטער האָבן מיר געזען פון ווייטן ווי די פייערן קנאַלן פון די האַרמאַטן און מיר האָבן געהערט און געזען ווי די רוסישע טאַנקן גייען פאָרויס און יאָגן די אָפּטרעטנדיקע דייטשן.

## צוריק אינעם חרובן שטעטל

איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן דאָס בילד, ווי מיר זיינען אַרויס פון וואַלד און דערזען די ערשטע רוסישע סאָלדאַטן. זיי האָבן אונדז אויסגעפרעגט ווי אַזוי מיר זיינען געבליבן לעבן, זיך אַרומגענומען און געקוויקט מיט אונדז, געטיילט אונדז שאָקאָלאַד, ברויט און ציגאַרעטן. ספּעציעל האָבן זיי זיך געפרייט מיט אונדז קינדער, ניט געוווּסט ממש וואָס צו טאָן פאַר אונדז. פון זיי האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אונדזער שטעטל בעליצע איז באַפרייט פון די דייטשן. אַלע בעליצער יידישע פּאַרטיזאַנער, מיט די קינדער און פרויען, האָבן זיך אַוועקגעלאָזט צו פוס, זייערע שמאַטעס אויף די פּלייצעס, צוריק אַהיים. אין אַ זומערדיקן פאַרנאַכט איז אַ קליין בינטעלע איבערגעבליבענע בעליצער יידן אָנגעקומען אין שטעטל.

קיינער איז אונדז ניט אַרויס באַגעגענען. באַגעגנט האָט אונדז דער גרויסער ברודער־קבר פון די אומגעקומענע ביי דער רוסישער צערקווע און באַגעגנט האָבן אונדז די אָפּגעברענטע יידישע הייזער. מיר זיינען קודם־כל אַלע אַוועק אויפן ברודער־קבר און דאָרט שטיל זיך אויסגעוויינט. דערנאָך האָט מען זיך צעשפּרייט און יעדער איז געגאַנגען זוכן אַ פּלאַץ ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן. די איבערגעבליבענע ניט־פאַר־ברענטע הייזער אין שטעטל זיינען געוואָרן פאַרנומען דורך די קריסטן, אַזוי אַרום האָט מען געדאַרפט זיך קריגן מיט זיי. אַ קליינע טייל איז דעריבער פאַרבליבן אין שטעטל (עטלעכע משפּחות) און אַלע אַנדערע זיינען אַוועק אין לידע.

אונדזער משפּחה האָט זיך איינגעאָרדנט צייטווייליק ביי גאַפּאַנאָוויטשן אין שייער, ווייל אין שטוב האָט געווינט פעטריע לובעצקי (אַ בעליצער קריסט). וואָס זיין שטוב איז אויך אַוועק מיט דער שריפה, ווען די דייטשן זיינען אָנגעקומען. דער פאָטער האָט זיך גלייך איינגעאָרדנט אין מיל אַלס מעכאַניקער (רחל איצקאָוויטש איז ווידער געווען די „באַלעבאָסטע" פון מיל). איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן אין אַ רעגירונגס־געשעפט. אַזוי האָבן מיר געלעבט אין שטעטל אַ קאָרגן יאָר, ביז פון זיך אַליין, האָט זיך אויפסניי אויפגעוועקט דער אַלטער געפיל, וואָס איז געווען פאַרבאָרגן אין דער טיפעניש פון דער נשמה. אַ שטילער רוף איז מיטאַמאָל דורכגעגאַנגען צווישן אַלע איבערגעבליבענע

יידן אין יענער געגנט: פאַרלאָזט די פאַרשאָלטענע ערד, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט יידיש בלוט, פאָרט קיין פוילן, ווייל פון דאָרט פירט אַ וועג קיין ארץ־ישראל

נאָכדעם ווי מיר האָבן דערהאַלטן דעם בריוו פון דער רוסישער אַרמיי, אַז אונדזער ברודער יענקל איז געפאַלן אין קאַמף, האָבן מיר באַשלאָסן וואָס גיכער פאַרלאָזן דאָס שטעטל און פאָרן קיין פוילן. צוזאַמען מיט אונדז איז אויך געפאָרן אונדזער קוזין יענקל קרעמען, וואָס איז געקומען צוריק פון פראָנט אַ פאַרוווּנדעטער. שפּעט ביינאַכט, כמעט אין געהיימניש, האָבן מיר פאַרלאָזן דאָס שטעטל. ווידער האָט אונדז קיינער ניט באַגלייט, בלויז הינט זיינען נאָכגעלאָפן אונדזער וואָגן און געבילט. מיר האָבן געשפּירט, אַז דאָסמאָל פאַרלאָזן מיר בעליצע אויף אייביק.

## דורך וועגן און אומוועגן קיין ארץ־ישראל

מיר זיינען אַוועק אין לידע און שפּעטער זיינען מיר מיט אַ טראַנספּאָרט פון פוילישע רעפּאַטריאַנטן אָנגעקומען קיין פוילן. געקומען זיינען מיר אין לאָדזש, דאָרט האָבן מיר זיך געטראָפן מיט בעליצער און זיך איינגעאָרדנט ביי דער משפּחה מאַיעווסקי. אין לאָדזש זיינען מיר געווען פיר וואָכן. אין דער צייט איז דאָרט געשאַפן געוואָרן די פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג וואָס האָט אָרגאַניזירט גרופּן פון פּאַרטיזאַנער־משפּחות און דורך אומלעגאַלע וועגן זיי געשיקט קיין ארץ־ישראל.

פון פוילן זיינען מיר אָנגעקומען קיין טשעכאָסלאָוואַקיי, דאָרט געזעסן צוויי וואָכן און שפּעטער צו־פוס און ביינאַכט אַריבער די גרענעץ קיין עסטרייך. דאָ האָבן מיר זיך געטראָפן מיט זייער פיל פּאַרטיזאַנער־משפּחות, ווייל אין צווישנצייט האָט זיך אָפּגע־שטעלט די אומלעגאַלע עליה און מען האָט אָנגעהויבן זיך איינצואָרדענען אין די פּליטים־לאַגערן. דער פאָטער צוזאַמען מיט נאָך פּאַרטיזאַנער האָבן דאָ אַקטיוויזירט צווישן זיך אַ געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט און אַזוי אַרום געשאַפן דעם פּאַרטיזאַנער־פאַרבאַנד אין עסטרייך (פּח״ח), וואָס האָט אין אַלע פּליטים־לאַגערן פון עסטרייך פאַר־נומען אַ גאָר וויכטיקן פּלאַץ. דער פאַרבאַנד איז געווען פאַרטראָטן אין דער ציוניס־טישער פעדעראַציע אין עסטרייך און אין אַלע פּליטים־קערפּערשאַפטן, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט די פּראָבלעמען פון די יידן אין עסטרייך.

דער פאָטער האָט זיך דאָ ווידער מיט זיין גאַנצער ענערגיע אָפּגעגעבן דער געזעל־שאַפטלעכער אַרבעט צווישן די פּאַרטיזאַנער. אויך אונדזערע בעליצער פּאַרטיזאַנער האָבן פאַרנומען אָנגעזעענע פּלעצער אין דער מפקדה פון פּאַרטיזאַנער־פאַרבאַנד.

דעם 10טן מערץ 1949, האָט אונדזער משפּחה פאַרלאָזן עסטרייך. אינעם פּאָרט נעאַפּאָל האָבן מיר דערזען די ערשטע ישראלדיקע שיף „גלילה" און מיט דער שיף זיינען מיר אָנגעקומען צו די ברעגן פון אונדזער היימלאַנד.

חיים יאָסעלעוויטש

# דורך קאַמפּסוועגן און אומוועגן צו אַ נײַ לעבן

### נאָך דער באַפרייאונג

עטלעכע וואָכן נאָך דער באַפרייאונג דורך דער רויטער אַרמיי, האָט אונדזער לעבן אָנגעהויבן זיך צו נאָרמאַליזירן. אמת, ס'איז אונדז שווער אָנגעקומען זיך צוצו־געוווינען צום געדאַנק, אַז מיר לעבן אויף דער זעלבער ערד, אין זעלבן אָרט ווו אונדזערע נאָענטסטע און טײַערסטע זײַנען אויסגעראָטן געוואָרן. ס'איז שווער געווען, אָבער קיין אַנדערער אויסוועג איז ניט געווען, נאָך דעם ווי מען איז געבליבן לעבן.

אין די ערשטע טעג האָט מען געטראַכט וועגן אַ דאַך איבערן קאָפּ, וועגן עפּעס עסן און אָנטון זיך. בעסערע קריסטן, באַקאַנטע פּויערים האָבן אונדז צוביסלעך געשטיצט.

די מלחמה איז נאָך געווען אין פולן ברען. די רויטע אַרמיי האָט אָפּגעהאַלטן גרויסע נצחונות. יעדן טאָג פֿלעגן די רויטע אַרמייער ברענגען אין שטעטל אַרײַן פיל געפאַנגענע דײַטשן, אוקראַינער און וולאַסאָווצעס.

עס איז געשאַפן געוואָרן אַ לאַגער פאַר געפאַנגענע אין בעליצע. געוועזענע פּאַר־טיזאַנער און ייִדן זײַנען מאָביליזירט געוואָרן צו דער באַוואַכונג פונעם לאַגער, ווי אויך צו אָבלאַוועס איבער די רעשטלעך זיך אויסבאַהאַלטנדיקע דײַטשן. מען האָט צו דעם צוועק אָרגאַניזירט אַן אַזוי גערופענעם „איסטרעביטעלני באַטאַליאָן".

אַלע יונגטלעכע פון בעליצע, וועלכע האָבן געהערט צו דעם באַטאַליאָן האָבן גענומען נקמה פון די מערדער, וועלכע מען האָט געכאַפּט, איבערהויפּט — פון די געפאַנגענע ס. ס.־לײַט (ימח שמם) און געסטאַפּאָווצעס. בײַ יעדן האָט זיך דערוועקט אַ געפיל פון נקמה פאַר אונדזערע קדושים. מען האָט אויך פּלאַנירט אויסצופירן נקמה־אַקטן איבער שכנים „מיעשטשאַנעס", וועלכע האָבן מיטגעאַרבעט מיט די דײַטשן און געצאַפּט ייִדיש בלוט.

## דאָס חרובע שטעטל

דאָס שטעטל איז געווען אינגאַנצן צעשטערט. די יידישע הייזער, וואָס זיינען געבליבן גאַנץ אין „נעטעצער״־געסל, אין דעם שוחטס געסל, זיינען געווען באַוווינט דורך קריסטן. מען האָט זיי אָבער אַרויסגעשיקט און די עטלעכע צעבראָכענע יידישע משפחות האָבן זיך אַהין אַריינגעקליבן.

קיין איין־איינציקע פאַמיליע איז ניט געווען גאַנץ. עס זיינען געבליבן זייער ווייניק פון דער בעליצער יידישער קהילה. דער גרעסטער טייל איז אומגעקומען אין די געטאָס און לאַגערן.

מיר האָבן זיך אַריינגעצויגן אין פייגל בן־ציונס קליין שטיבעלע און געפּרובירט אויפצושטעלן דעם בנין, וואָס איז צעשטערט געוואָרן אין דער מלחמה.

מען האָט אָנגעהויבן אַ ביסל קומען צו זיך. אין יענע טעג האָט מען גאָרניט פּלאַנירט וועגן דער צוקונפט. די מלחמה האָט זיך געפירט און עס זיינען נאָך פאָרגע־קומען בלוטיקע אָנפאַלן פון די „ווייסע פּאָליאַקן״ איבער באַפרייטע שטעט און שטעטלעך. מען האָט אויך מורא געהאַט, אַז זיי זאָלן ניט באַפאַלן אונדזער שטעטל.

## אין מיליטער, אויפן פראָנט

דעם 15.9.1944 זיינען אָנגעקומען פּאָוויעסטקעס פאַר אַלע מענער אין די יאָרן פון 18 ביז 45. זיי האָבן געדאַרפט גלייך צומאַרגנס זיך צושטעלן אין די אָנגעצייכנטע מאָביליזאַציע־פּונקטן. אַלע גערופענע האָבן זיך אויפגעקליבן און מען איז אַוועק צופוס קיין לידע. דאָרט האָבן מיר געטראָפן פיל באַקאַנטע יידן פון אַרומיקע שטעט־לעך, רעשטלעך לעבנגעבליבענע פון די לאַגערן און וועלדער. יעדער איינער פון אונדז האָט געוואָלט זיך נאָך אַ ביסל אויסרוען נאָך אַזעלכע שווערע ליידן, וואָס מען האָט מיטגעמאַכט און מען האָט געזוכט זיך צו באַפרייען צייטווייליק פון דער דינסט.

די פאַכלייט האָבן באַקומען אַרבעט אין מיליטערישע וואַרשטאַטן און זיי זיינען געוואָרן „בראָנירט״ פון גיין אויפן פראָנט. מיר האָבן אָבער ניט געהאַט קיין פאַך און עס איז אונדז געווען שווער זיך איינצואָרדענען אויף אַוועלכער ס׳איז שטעלע.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז געקומען אין לאַגער אַריין דער פריערדיקער קאָ־מאַנדיר פון יידישן פאַרטיזאַנער־אָטריאַד „ביעלסקי״ (טוביה) און פאַרגעלייגט מיר און מיין ברודער צו אַרבעטן אין זיין ביוראָ ווי אָנגעשטעלטע. ער איז געווען אַ דירעקטאָר פון אַ ציגל־פאַבריק און אַנדערע פאַכמענישע וואַרשטאַטן, וועלכע האָבן געאַרבעט פאַר דער רויטער אַרמיי.

גלייכצייטיק האָט ער אונדז אויך פאַרזיכערט, אַז מיר וועלן קאָנען בלייבן רואיק אַרבעטן און צייטווייליק אויך זיין בראָנירט פון גיין אויפן פראָנט.

מיר האָבן דעם פאָרשלאַג אָנגענומען מיט גרויס צופרידנהייט און גלייך דעם זעלבן טאָג האָבן מיר זיך געזעצט צו דער אַרבעט ווי געהילפן אין בוכהאַלטעריע־פירונג. אָבער ניט לאַנג זיינען מיר געזעסן רואיק ביי דער אַרבעט. די סאָוויעטן האָבן געדאַרפט וואָס מער זעלנער צום פראָנט. אין איינעם אַ טאָג האָט מען אונדז ווידער גערופן זיך צוצושטעלן אין „וואָיענקאָמאַט" (ווערביר־פּונקט). מיר זיינען אַוועק אַהין צוזאַמען מיט אַלע איבעריקע אַרבעטער פון דער פאַבריק. מען האָט אונדז מעדיציניש אונטערזוכט. מיך האָט מען געפונען אַ געזונטן און פעאיקן צו אַרמיי־דינסט, און דעם ברודער האָט מען געלאָזט פריי. דעם 12.10.1944, בין איך צוגענומען געוואָרן ווי אַ זעלנער אין דער רויטער אַרמיי, און צוזאַמען מיט נאָך דריי בעליצער בחורים בין איך אַוועק אין די לידער קאַזאַרמעס. די בחורים זיינען געווען: יעקב זלאָצאָווסקי ז״ל (ישראלס זון), יעקב קרעמיען (ישראל מיירימס זון) און נטע אָזשע־כאָווסקי (פּייווע ניסנס זון).

עס האָבן ניט געהאָלפן קיין שום אינטערווענצן פאַר מיר מצד מיינע בעלי־בתים און איך האָב געמוזט אַוועקגיין אין אַרמיי. עטלעכע טעג זיינען מיר נאָך געזעסן אין לידער קאַזאַרמעס, ביז עס זיינען דורכגעפירט געוואָרן אַלע פאָרמאַליטעטן.

דאַן האָט מען אונדז איבערגעשיקט קיין באַראַנאָוויטש. גלייך נאָר ווי מיר זיינען אַהין אָנגעקומען, האָט מען מיך אָפּגעטיילט פון מיינע חברים צוליב מיין יונגערן יאָרגאַנג. זיי האָט מען נאָך דעם זעלבן טאָג אַוועקגעשיקט אין דער ריכטונג פון בריסק, און איך בין פאַרבליבן נאָך עטלעכע טעג אין באַראַנאָוויטש. אויפן פינפטן טאָג, האָט מען מיך אָפּגעשיקט, מיט אַ גרופּע, קיין באָברויסק (מזרח־ווייסרוסלאַנד). מען האָט אונדז אַריינגעפירט אין אַן אַלטער, גרויסער פעסטונג מיט גרויסע לאַנגע קאַזאַרמעס. דאָ האָב איך ערשט דערפילט, אַז איך בין דער אמתער זעלנער. מען האָט מיך צוגעטיילט צו אַ מאַשין־געווער־פּאָלק, די באַדינגונגען זיינען געווען זייער שלעכטע און מיר איז געווען זייער שווער זיך צוצוגעוויינען צו די נייע אומשטענדן. טאָג און נאַכט פלעגט מען טרייבן אויף קריגס־אונטערריכטן אונטער דער שטרענגסטער דיסציפּלין. דאָס עסן איז געווען זייער שלעכט און איך פלעג ליידן פון הונגער און דחקות. איך האָב שנעל איבערגענומען די לערע פון קריגס־טאַקטיק און דאָס האָט מיר פאַרלייכטערט מיין לאַגע. נאָך איין און אַ האַלבן חודש האָט מען אויפגעקליבן אונדזער גאַנצן פּאָלק און אים אַוועקגעשיקט מיט דער באַן אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. מיר זיינען געווען זיכער, אַז מיר פאָרן צום פראָנט, נאָר נאָך 3 טעג פאָרן, זיינען מיר אָנגעקומען אין אַ קליינער סטאַנציע, ניט ווייט פון מינסק. שפּעטער האָט מען אונדז אַוועקגעפירט אין אַ גרויסן מיליטערישן לאַגער און פונאַנדערגעלייגט אין די וועלדער. לויט דער בילדונג האָט מען יעדן פון אונדז צוגעטיילט צו אַן אַנטשפּרע־כנדיקער איינהייט. איך בין אַריינגעפאַלן אין אַן אַרטילעריע־פּאָלק און כ׳האָב געדאַרפט

אַרבעטן ווי אַ ראַדיסט. נאָכהער האָט מען מיך איבערגעשיקט אין שטאַב פון פּאָלק. דאָ האָב איך געאַרבעט אַלס טעלעפאָניסט־פאַרבינדלער צווישן שטאַב און דער באַ־טעריע. איך האָב זיך גוט געפילט און כ׳בין געווען צופרידן מיט מיין אַרבעט. איך האָב זיך שנעל אָריענטירט אין די פאַרבינדונגען און האָב עס לייכט באַנומען. איך האָב געקראָגן אַ גוטן נאָמען ביי מיינע קאָמאַנדירן און דערפאַר איז מיר לייכטער געווען.

נאָך אַ קורץ שטיקל צייט איז געקומען דער באַפעל אַז אונדזער גאַנצע דיוויזיע דאַרף אַרויספאָרן צו קריגס־אונטערריכטן, פאַרן אָפּפאָרן אויפן פראָנט. פון דערהיים פלעג איך דערהאַלטן אָפטע בריוו. דער ברודער האָט זיך געפונען אין לידע און האָט געאַרבעט אין וואָיענקאָמאַט ווי אַ סעקרעטאַר. דער פאָטער האָט געלעבט אין בעליצע ווו עס האָבן זיך געפונען נאָך עטלעכע בעליצער פאַמיליעס. אין דער אַרומיקער געגנט האָבן זיך נאָך געפונען רעשטלעך פון די „ווייסע פּאָליאַקן" און זיי זיינען אָנגעפאַלן אויף די דערפער. זיי פלעגן אויך אָפט אָנפאַלן אויפן שטעטל, ווי אויך אויף סאָוויע־טישע פּאָסטנס.

## אויפן פראָנט

דעם 15־טן נאָוועמבער 1944 זיינען מיר אַרויסגעפאָרן אין פולן קריגס־צושטאַנד צום פּלאַץ, ווו עס האָבן געדאַרפט פּאַרקומען די דערמאָנטע מאַנעוורן. דאָס אָרט האָט געמאַכט אויף אונדז דעם איינדרוק ווי אַ ריכטיקער פראָנט־אַפּשניט. אָבער שפּעטער האָב איך זיך צוגעוווינט און עס האָט מיך ניט געאַרט די קעלט און ניט די געדיכטע שנייען. מיר זיינען געשלאָפן אונטערן פרייען הימל און נאָך עטלעכע טעג האָב איך געשפּירט אַ טעם פון אַ ריכטיק פראָנט־לעבן.

די קאָנאָנאַדעס פלעגן פאַרטויבן דעם געהער מיט זייער גערויש און איך האָב אָנגעהויבן באַגרייפן ווי עס זעט אויס דאָס לעבן אויפן פראָנט. איך האָב זיך שוין ניט שטאַרק איבערגענומען און גוט אויסגעלערנט זיך, ווי אַזוי זיך צו פירן אויפן פראָנט, אין אַ שלאַכט. עס האָט מיך גאָרניט מער געשראָקן.

גלייך מיט אַלע אַנדערע מיינע חברים, האָב איך געבעטן מיך צו שיקן וואָס שנעלער צום פראָנט, כדי צו באַזיגן דעם שונא. איך האָב געהאַט פיל גליק וואָס קיינער פון מיינע קריסטלעכע חברים האָבן ניט געוווסט, אַז איך בין אַ ייד, — וואָס ס׳האָט מיך געהאָלפן ניט אויסצושטיין קיין אַנטיסעמיטישע באַליידיקונגען. נאָך 5 טאָגיקע מאַ־נעוורן, זיינען מיר אָפּגעפאָרן, מיט אונדזערע מכשירים, צום פראָנט. די „הייסע" פראָנט־לידער האָבן זיך ווייט צעטראָגן איבער די פעלדער, נעבן וועלכע אונדזער עשאַלאָן איז פאַרבייגעפאָרן.

דעם 20סטן דעצעמבער 1944, איז אונדזער עשאַלאָן אָפּגעפאָרן פון דער סטאַנציע אין דער ריכטונג צום פראָנט. יעדער סאָלדאַט איז געפאָרן מיט אַ געפיל פון פרייד און האָפענונג צו אַ שנעלן זיג איבערן שונא. נאָך פיר טעג זיינען מיר אָנגעקומען צו דער קליינער פוילישער סטאַנציע לוקאָוו. אַ גאַנצע נאַכט האָט אונדזער פּאָלק זיך אויסגלאָדנט פון די וואַגאָנעס, און מיטן אָנקום פון פרימאָרגן האָבן מיר שוין געוואַרט אויפן באַפעל, וווּהין זיך צו לאָזן. דער־אָ פּלאַץ האָט זיך געפונען נאָענט פון פראָנט.

אַזייגער 10 איז אָנגעקומען דער באַפעל פון הויפּט־שטאַב איינצושטייגן אין די מאַשינעס מיט אַלע מכשירים און זיך אַוועקלאָזן צום פראָנט־צו. מיר זיינען תיכף אָפּגעפאָרן. דער וועג איז כסדר געווען מאַסקירט דורכן וואַלד. עס האָבן זיך געזען צעגראָבענע בונקערס פו די אָפּטרעטנדיקע דייטשן. פון ביידע זייטן וועג, זיינען געלעגן צעשפּרייט פארברענטע טאַנקן, געווער און אויטאָס איבערגעלאָזענע דורך דער אָפּטרעטנדיקער דייטשער אַרמיי. אויך אַ סך געהרגעטע זיינען געלעגן אין וואַלד. עס האָט זיך גלייך געמערקט, אַז מיט גאָר אַ קורצער צייט צוריק זיינען דאָ פאָרגעקומען שווערע, גאָר שווערע שלאַכטן. די געגנט איז געווען פולשטענדיק רואינירט. די דערפער — פאַרברענט און די ציווילע באַפעלקערונג איז געזעסן אין צייטווייליקע זיעמליאַנקעס. אַ טייל פון זיי האָבן זיך באַוויזן צו עוואַקואירן. אין וואַלד זיינען געווען פונאַנדערגעלייגט די מיליטערישע לאַגערן פון דער רויטער אַרמיי און אויף יעדן טריט האָט מען זיך אָנגעשטויסן אויף די „כלים“ און אויך מאַסן זעלנער. אַלע האָבן געלעבט אין זיעמליאַנקעס, דער טומל און דער גערויש פון דאָזיקן שטאַרקן פאַרקער פון די מאַשינען האָט פאַרטויבט דעם געהער. צופאָרנדיק נענטער צום פראָנט, האָבן זיך אָנגעהויבן שטאַרקער הערן די שיסערייען. פאַרנאַכטלעך זיינען מיר אָנגעקומען אויפן „פּלאַצדאַרם“.

אונדזער פּאָלק איז צוגעטיילט געוואָרן צום ערשטן ווייסרוסישן פראָנט, וואָס איז געווען אונטער דער אָנפירערשאַפט פון באַרימטן גענעראַל, זשוקאָוו.

די אַכטע אַרמיי, אין וועלכער איך האָב געדינט, האָט באַזעצט דעם גאַנצן „ווייסל־פּלאַצדאַרם“. די אַרמיי איז אין דער צײַט געשטאַנען אין „אָבראָנע“ (פאַרטיידיקונג).

מיר האָבן זיך פונאַנדערגעלייגט, לויטן באַפעל, אין די „סאָבאָליעווער וועלדער“, ווו מיר האָבן גלייכצייטיק אויסגעבויט זיעמליאַנקעס פאַר זיך און אײַנגעשטעלט אַ רעגולערע פאַרבינדונג מיט די הויפּט־שטאַבן. עס האָט געשוועבלט פון רויטע־אַרמייער. אַלץ האָט זיך צו עפּעס געגרייט. טאָג און נאַכט פלעג איך לויפן מיט דעם „קאַטיושקע“־קאַבעל אויף דער פּלייצע, מיטן טעלעפאָן אין האַנט, און איינגעשטעלט די נויטיקע פאַרבינדונג. דער גערויש פון די מאַשינעס, טאַנקן און אַעראָפּלאַנען איז געווען אומדערטרעגלעך. נאָר דאָך האָט מען זיך צוביסלעך צוגעוווינט. אין די פרימאָרגנס, ווי נאָר עס פלעגט ווערן ליכטיק, פלעג איך שוין זיין אויפ „פּיעראָדאָוואַיאַ“ — (פאָדער־

שטע לינע) — ביים קאָמאַנדיר, און קאָנטראָלירן די פאַרבינדונג. אַ גאַנצן טאָג פלעג איך זיצן אויפן אָבסערוויר־פּונקט און איבערנעמען די באַפעלן פון מיין קאָמאַנדיר. אין אָוונט, ווי עס פלעגט נאָר ווערן פינצטער, פלעגט די דייטשע אַרטילעריע באַשיסן די אַרומיקע פּונקטן פון אונדזער פּלאַצדאַרם.

קיין אָפיציעלע שלאַכטן זיינען אין יענע טעג נאָך ניט פאָרגעקומען. דער גערויש און דאָס שווישטשעריי פון די קאַנאָנען און פון קוילן, וואָס פלעגן פליען איבער די קעפּ, האָבן אָנגעוואָרפן שרעק אויף יעדן איינעם. דער הימל פלעגט זיין באַלויכטן פון ראַקעטעס און פּראָזשעקטאָרן, ווי אויך פון שריפות פון דער צווייטער זייט, פון דער א. ג. „נייטראַלער זאָנע" (דער נייטראַלער דיסטאַנץ צווישןביידע פּאָזיציעס). עטלעכע טעג האָב איך שווער געאַרבעט ביז ס'איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ פולשטענדיקע טעלעפאָניש פאַרבינדונג און אַלץ האָט געקלאַפּט אין בעסטן אָרדענונג. מען האָט זיך געגרייט צו אַן אָנגריף. פון גרויס מידקייט פלעגט מיך כאַפּן אָפּט אַ שטאַרקער שלאָף.

די קעלט האָט זיך פאַרשטאַרקט, און עס האָבן זיך געשטעלט פרעסט. דער פּלאַץ אין וואַלד ווו מיר זיינען געשטאַנען איז אויך געווען זייער אַ שלעכטער. עס זיינען געווען בלאָטעס, וואָס פלעגן ניט פרירן. שטענדיק פלעג איך אַרומגיין מיט נאַסע פיס. דאָס האָט שלעכט געווירקט אויף מיין געזונט, ווי אויך אויפן געזונט פון פיל פון מיינע חברים. דער קאָמאַנדיר פון מיין אָפּטיילונג איז פּלוצלינג קראַנק געוואָרן אויף פאַרקילונג און איך האָב אים געמוזט פאַרטרעטן. מיין אַרבעט האָב איך שוין געהאַט זייער גוט באַהערשט. איך פלעג איבערנעמען פאַרשידענע טעלעגראַמעס און באַפעלן, זיך שנעל שטעלן אין קאָנטאַקט מיטן שטאַב און קאָמאַנדירן. חוץ דעם, ווי אַ קאָמאַנדיר פון אַן אַטדיעלעניע, וואָס איז באַשטאַנען פון 5 פערזאָן, האָב איך געדאַרפט צעשיקן די סאָלדאַטן אויף פאַרשידענע פּאָסטנס, אין 5 באַזונדערע טעלעפאָן־סטאַציעס. דאָס איז געווען איינע פון די פאַראַנטוואָרטלעכסטע אַרבעטן, פאַר יעדן ניט אויסגעפילטן באַפעל האָט געדראָט טויט־שטראָף. דאָס גופא האָט מיך פאַרפליכטעט אויסצופירן די אויפגאַבעס מיט גרויס אחריות. פאַר דער איבערגעגעבענער אַרבעט האָב איך זיך דערוואָרבן ביי מיין קאָמאַנדשאַפט און אויך ביי די העכערע שטאַבס־לייט פיל צוטרוי.

די צייט איז שנעל פאַרביי און איך האָב זיך צוגעוווינט צום האַרטן פראָנט־לעבן. אין יענע טעג האָב איך וועגן גאָרניט געטראַכט, ווי נאָר וועגן — נקמה און זיג איבער די דייטשע מערדער.

דעם 2.1.45, אין מיטן דער נאַכט, האָבן די דייטשן געעפנט אַ שטאַרק פייער. זיי האָבן, אומגעריכטערהייט, אָנגעהויבן אָנגרייפן אונדזער שטיץ־פּונקטן. עס איז גלייך אָנגעקומען דער באַפעל וועגן אַ קעגן־אָנגריף. „נאַסטופּאַט"! (אָנגרייפן!) האָט יעדער אויסגעשריגן. דער טומל איז געוואָרן גרויס. מיט אַ „הוראַ" זיינען אַרויסגעלאָפן די

רויטע אַרמייער פון די טראַנשייעס אין דער ריכטונג צו דער „נייטראַלער זאָנע". די גרויסע שיסעריי פון מאַשין־געווער, מינען־וואַרפער און קאַנאָנען, האָבן פאַרהילכט די גאַנצע געגנט. אַ גאַנצע נאַכט האָט געדויערט די שלאַכט און עס זיינען געוועזן פיל געהרגעטע און פאַרוואונדעטע. מיטן פרימאָרגן איז די שיסעריי געוואָרן שוואַכער און שפּעטער — אינגאַנצן אויפגעהערט. עס איז געלונגען אָפּצוטרייבן די אָנגרייפער און די אַטאַקע איז געוואָרן אָפּגעקלאַפּט. איך האָב צום ערשטן מאָל אָנטייל גענומען אין אַ שלאַכט. די גאַנצע צייט בין איך געזעסן ביים טעלעפאָן אויפן נ. פּ. (אָבסערוואיר־פּונקט) און כ'האָב אויסגעפירט די באַפעלן פון קאָמאַנדיר. עס איז מיר נאָך דעם געוואָרן קלאָרער דאָס לעבן פון אַ זעלנער אויפן פראָנט און איך האָב פונדעסטוועגן געהאָפט איבערלעבן און אַהיימצוקומען צו מיין פאָטער און ברודער.

## בלוט און פייער

עס פלעגט קומען צו אָפטע צוזאַמענשטויסן. עס זיינען געמאַכט געוואָרן קליינע קאָנטער־אַטאַקעס, אָבער אָפיציעלע גרויסע שלאַכטן זיינען ניט פאָרגעקומען. מען האָט אָבער געקענט גוט באַמערקן, אַז מען גרייט צו אַ גרויסע אָפענסיווע. דעם 4.1.45, בין איך גלייך מיט פרימאָרגן געשיקט געוואָרן אויפן נ. פּ. (אָבסערוואיר־פּונקט) פון דער פאָדערשטער ליניע, מיטן באַפעל זיך צו שטעלן אין אַ גוטער פאַרבינדונג מיט די „אָגניעוויע־פּאָזיציעס" (קאַנאָנען־פּאָזיציעס), ווי אויך, מיטן קאָמאַנדיר פון פּאָלק און מיטן שטאַב. תיכף נאָכן אָנקומען אויפן אָרט, איז דער באַפעל אויסגעפירט געוואָרן. דער פּאָדפּאָלקאָווניק (קאָמאַנדיר פון פּאָלק) האָט גלייך באַפוילן, לויט די אָנווייזונגען צו פאַרניכטן איינעם פון די פּונקטן, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער „נייטראַלער זאָנע" און געברענגט שאָדן צום ווייטערדיקן אָנגריף. עס איז געוועזן אַ קליין שטיבל פון וואַנען די דייטשן פלעגן שטענדיק באַשיסן, פון מאַשין־געווער אונדזערע „פּאָסטנס". דער קאָמאַנדיר פון אונדזער ערשטער באַטאַריע האָט באַקומען דעם באַפעל פון מיין טעלעפאָן־סטאַנציע — דעם קאָמאַנדיר איז געלונגען צו פאַרניכטן דעם שעד־לעכן פּונקט. דער קאָמאַנדיר פון פּאָלק האָט מיר פּערזענלעך געדאַנקט פאַר מיין אַרבעט.

די דײַטשן האָבן צו ערשט ניט געענטפערט און געוואַרט ביז אָוונט. ווי נאָר עס איז געוואָרן פינצטער האָבן זיי אָנגעהויבן באַשיסן פון אַרטילעריע, אונדזערע פּאָזיציעס. נאָך עטלעכע מינוט האָבן זיי אָנגעגריפן אונדזערע פּאָסטנס און זיי זיינען דורכגעגאַנגען די „נייטראַלע זאָנע".

אונדזערע פּאָסטנס האָבן זיי באַגעגנט מיט אַ שטאַרק פייער פון מאַשין־געווער. נאָכן באַפעל פון הויפּט־שטאַב, זיינען מיר אַוועק אין קאָנטער־אַטאַקע. עס האָט זיך צעפלאַקערט אַ בלוטיקער קאַמף. די דייטשע פּיעכאָטע (אינפאַנטעריע) איינהייטן האָבן געשטעלט אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד און נאָר מיט דער הילף פון טאַנקן איז אונדז

געלונגען אַריינצודרינגען אין זייערע בונקערס. די דייטשן האָבן זיך צוריקגעצויגן ביז דעם קליינעם פוילישן שטעטל וואַרקע. איך בין געזעסן ביים טעלעפאָן און אויסגעפּילט פּינקטלעך אַלע באַפעלן פון קאָמאַנדיר. אונדזערע קאַנאָנען האָבן ניט אויפגעהערט צו שיסן. פיל טויטע און פאַרווונדעטע האָבן זיך געוואַלגערט אויפן שלאַכט־פעלד. דאָס געריוש פון מאַשינען און טאַנקן און די שיסעריי פון קאַנאָנען, האָבן זיך אויסגעמישט אין איין ווילדן געטומל. דער הימל איז געווען רויט פון אַרומיקע שריפות, הינטערן פראָנט. צומאָרגנס פרי איז געוואָרן רואיקער און איך האָב זיך אָנגעהויבן איינאָרדענען מיט דער פאַרבינדונג אויפן נייעם פּלאַץ. די דייטשן האָבן זיך איינגעפעסטיקט אין נאָענטן דאָרף. אונדזער באַטעריע האָט זיך צוזאַמענגעקליבן אין וואַלד און ביי אַ פייער האָט יעדער איינער געטרונקען די נאַסע זאַכן, דערציילט פּרטים וועגן דער שלאַכט. מען האָט אויך געזונגען און געשפּילט פראָנט־לידער.

נאָך אָט דער שלאַכט זיינען פאַרשפּרייט געוואָרן קלאַנגען צווישן די זעלנער, אַז אינגיכן דאַרף זיך אָנהויבן גאָר אַ גרויסע אָפענסיווע קעגן די דייטשע טרופּן, אָנגע־פירט דורך דעם 1־טן ווייסרוסישן פראָנט. איך האָב זיך אַביסל געשראָקן פאַר דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וועלכע וועט אַרויספאַלן אויף מיר בעת די גרויסע שלאַכטן, אָבער איך האָב געהאָפט, אַז כ׳וועל מיין אויפגאַבע קענען דערפילן, ווי ביז איצט.

דעם 8.1.45, איז געווען דער טאָג פון אָנגריף. במשך דער גאַנצער נאַכט פריער האָט מען זיך געגרייט צום באַפעל. מען האָט געוואַרט עס זאָל ווערן ליכטיק. ווי נאָר עס איז געוואָרן טאָג האָב איך דערהאַלטן דעם באַפעל „זיי גרייט!". עס האָט זיך באַוויזן אויפן הימל די ערשטע גרויסע ראַקעטן. תיכף נאָך דעם האָט זיך אויף דער גאַנצער פראָנט־ליניע דערהערט אַ געוואַלדיקע שיסעריי פון אַלערליי מינים געווער: קאַנאָנען, מינענוואַרפער און פון די באַרימטע סאָוויעטיע „קאַטיושאַס". די אָפּקלאַנגען פון דער שיסעריי האָבן זיך אָן אויפהער געטראָגן אין דער לופט און זי ווי צעריסן.

## דער טעלעפאָן הערט אויף צו אַרבעטן...

די פאַרבינדונג האָט גוט געאַרבעט. איך בין געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט אַלע טעלעפאָן־סטאַנציעס. קיין איבעררייסן זיינען ניט געווען און מען האָט געוואַרט אויפן באַפעל, „אָנגרייפן!". אַזייגער 7 האָט זיך אויפן פּלאַצדאַרם דערהערט אַ „הוראַ"־רוף — דער רוסישער צייכן פון אָנגריף. עס האָט זיך אָנגעהויבן דער אָנגריף פון ערשטן ווייסרוסישן פראָנט. פון אַלע זייטן האָט זיך אַ שאָט געטאָן דער המון אָנגרייפנדיקע סאָלדאַטן, וועלכע זיינען געלאָפן מיטן געווער פאָרויס אין דער ריכטונג צו דער נייטראַלער זאָנע. די שיסעריי איז געוואָרן גרויס. דאָס געשריי „הוראַ", „אָנגרייפן" האָט זיך געטראָגן ביזן הימל. דער שונא האָט באַגעגנט אונדזערע זעלנער מיט אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד. עס האָבן זיך צעפלאַקערט שטאַרקע קאַמפן. אַלע סאָרטן געווער

אונדזערע האָבן געשאָסן אין דער ריכטונג פון שונאס בונקערן און פעסטונגס־פּונקטן. מייך אַרבעט ביים טעלעפאָן איז געווען: איבערצוגעבן די נויטיקע באַפעלן און טעלע־גראַמעס. אונדזערע קאַנאָנען האָבן געשאָסן אָן אויפהער.

אויפן שלאַכטפעלד זיינען שוין געווען פיל געהרגעטע און שווער פאַרוווּנדעטע. די פּיעכאָטע האָט געקעמפט פאַרביסן כדי צו קאָנען דורכרייסן די דייטשע שטיץ־פּונקטן. ביזן האַלבן טאָג האָט דער קאָנטאַקט געאַרבעט אָן איבעררייס. פּלוצלינג האָט דער טעלעפאָן אויפגעהערט צו אַרבעטן. דער קאָמאַנדיר האָט באַפוילן: „שנעל געבן פאַרבינדונג", איך בין געלאָפן פאָרויס, מיט דער ביקס אין האַנט און מיט גרויסע שוועריקייטן דערגרייכט צו די רייען פון דער פאָדערשטער ליניע. אַ האָגל פון קוילן האָט זיך געשאָטן איבער אונדזערע קעפּ. די שווישטשערייען פון די קוילן האָבן מיך געשראָקן. ניט קוקנדיק אויף דעם, האָב איך געזוכט דעם איבעררייס אין די קאַבעלן. ניט לײַכט איז דאָס געווען צו געפינען, אָבער עס איז מיר דאָך געלונגען שנעל צו געפינען די צעשטערונג און עס צו פאַרריכטן. אַזוי אַרום איז באַנייט געוואָרן די פאַרבינדונג מיט די קאַנאָנען, וועלכע האָבן פאָרגעזעצט די קאַנאָנאַדע. איך בין צוריק געלאָפן צו מיין בונקער, צו מיין אַרבעט. אונדז איז געלונגען דורכצוברעכן די דייטשע פעסטונגען און אונדזערע איינהייטן האָבן זיך אַריינגעכאַפּט אין זייערע טראַנשייען (בונקערס). טאַנקען און אַנדערע מאַשינען האָבן זיך געצויגן נאָך די אָנגרײַפנדיקע.

אונדזערע אָנגרייפנדיקע סאָלדאַטן זיינען געלאָפן פאָרויס מיטן געשריי „זאַ ראָדינו, זאַ סטאַלינאַ" (פאַרן פאָטערלאַנד, פאַר סטאַלין).

לויטן באַפעל פון מיין קאָמאַנדיר האָב איך שנעל אויפגעפּאַקט אַלע מכשירים און געווער אויף אַ מאַשין און מיר זיינען אַוועקגעפאָרן פאָרויס מיט דער אָנגרייפנדיקער אַרמיי. די דייטשן זיינען אָפּגעטרעטן ביז דעם טייכל ראַדאָמקע, אין דער ריכטונג צו דער פּוילישער שטאָט ראַדאָם. פאַרן פאָרסירן דעם טייך, האָט דער קאָמאַנדיר באַפוילן אויסצולאָדענען זיך שנעל ווי מעגלעך און ווידער פאַרנעמען אַ פּאָזיציע, געבן פאַר־בינדונג די קאַנאָנען־פּאָזיציעס. איך האָב עס געמאַכט שנעל און כ'האָב צעטיילט די אַרבעט פאַר אַלע זעלנער־פאַרבינדלער פון מיין אָפּטיילונג. איך האָב פאַר זיך אויסגע־גראָבן אַ „יאַטשעיקע" (אָפענער קליינער בונקער), אַוועקגעשטעלט דעם טעלעפאָן, און זיך פאַרזיכערט פון קוילן־שיסעריי. דער פּלאַץ איז געווען זייער אַ שלעכטער, — אַ גלייך צעאַקערטער פעלד. פון יענער זייט טייך האָט זיך אַלץ געזען ווי אויף דער האַנט. נאָך אַ קורצער צייט האָט שוין דער טעלעפאָן ווידער געאַרבעט און ס'איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ פאַרבינדונג מיט אַלע טעלעפאָן־סטאַנציעס.

דאָס שיסעריי האָט זיך פאַרברייטערט. איינצלנע איינהייטן האָבן געפּרובירט פאָרסירן דאָס טייכל, אָבער די דייטשן האָבן כסדר באַשאָסן די פאָרסירנדיקע. ווידער האָט זיך פאַרבונדן אַ קאַמף. פון אַלע זייטן האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן קוילן־מינעס און

פיל צענדליקער סאָלדאַטן זיינען פאַרוווּנדעט געוואָרן. דער שונא האָט געפּרוּבירט מיט איינציקע קאַנאָנען־שאָסן צו „דערלאַנגען" אויף אונדזערע אָנגרייפנדיקע סאָלדאַטן. אונדזערע האַרמאַטן האָבן געענטפערט מיט פייער און עס האָט זיך פונדאַסניי פאַרבונדן אַ שטאַרקע קעגנזייטיקע שיסעריי. איך בין געבליבן אָן פאַרבינדונג. מיין קאָמאַנדיר האָט דורך אַ צווייטער ליניע זיך פאַרבונדן מיט מיר און מיר גלייך באַפוילן: „שנעל פאַריכטן דעם איבעררייס און געבן פאַרבינדונג אונדזערע קאַנאָנען". איך האָב אַרויס־געשיקט איינעם פון מיינע העלפער כדי דעם באַפעל צו דערפילן. ווי ער איז נאָר אַרויס צו דער ריכטונג פון איבעררייס, האָט אים באַגעגנט אַ האָגל פון קוילן און ער איז גלייך געהרגעט געוואָרן. אַז ס'איז פאַרביי אַ שטיקל צייט און איך האָב גאָרניט געהערט פון אים, בין איך אַרויס מיט איינעם אַ חבר מיינעם אין דער ריכטונג פון דער פראָנט־ליניע. ס'איז פאַרביי אַ שטיקל צייט און קיין פאַרבינדונג האָב איך ניט געהאַט. איך האָב זיך שטאַרק געשראָקן דערפאַר. ווי נאָר עס איז געוואָרן עטוואָס רואיקער, האָב איך מיט מיין חבר, פאַרגעזעצט דעם וועג צו דער פאָדערשטער ליניע אין דער ריכטונג פון קאַבעל־איבעררייס. איך בין געלאָפן און געפאַלן, זיך אויפגעשטעלט און ווידער געפאַלן און באַמיט זיך, אַז דער שונא זאָל מיך ניט באַמערקן. מיין חבר איז געלאָפן פאָרויס און איך האָב אָנגעהויבן צו פויזן אויף די קני. פון קעלט האָב איך ניט געפילט די פיס און אויך ניט — די הענט. נאָך אַ 50 מעטער קריכן „אויף אַלע פיר", האָב איך זיך צוגעשלעפּט צו אַ גריבל און געבליבן דאָרט ליגן. מיין חבר איז שוין געווען ווייטער פון מיר. דאָס שיסעריי האָט זיך ווידער דערנענטערט צו אונדז. איך האָב זיך צוגעטוליעט צו דער ערד. ווי נאָר דאָס שיסעריי האָט זיך איבער־געטראָגן אין אַן אַנדערער ריכטונג, האָב איך זיך אויפגעשטעלט, און אָפּלויפנדיק עטלעכע מעטער, האָב איך געפונען דעם איבעררייס. פון גרויס פרייד און איבעראַשונג האָבן זיך ביי מיר די הענט געטרייסלט און כ'האָב גאָרנישט געקענט טון.

די הענט זיינען מיר געווען פאַרפרוירן, נאָר עס איז מיר גלייך הייס געוואָרן אין גאַנצן קערפּער. איך האָב שנעל פאַרריכט די צעשטערונג און זיך געשטעלט גלייך אין פאַרבינדונג מיטן קאָמאַנדיר. ער איז געווען זייער צופרידן און האָט מיר געדאַנקט דורכן טעלעפאָן: „מאָלאָדיעץ", האָט ער געזאָגט, „דו קריגסט דערפאַר אַ מעדאַל". אונדזערע קאַנאָנען האָבן ווידער אָנגעהויבן שיסן. דער קאָמאַנדיר האָט מיר באַפוילן זיך צוריקצוציען צו מיין בונקער און פאַרלאָזן די פאָדערשטע ליניע. איך האָב זיך אויפגעשטעלט און געפּרוּבירט לויפן צו מיין חבר כדי צוזאַמען אומצוקערן זיך צו אונדזער בונקער. דאָס שיסעריי האָט נאָך לאַנג אָנגעהאַלטן. אַזוי איז פאַרביי אַ האַלבער טאָג. אונדזערע סאָלדאַטן זיינען געלעגן אָקאָפּירט און געוואַרט אויף נייע באַפעלן. צו אונדז האָט זיך דערטראָגן דער שטיקנדיקער רויך פון די ברענענדיקע קערפּער.

איך האָב זיך געפרייט מיטן געדאַנק, וואָס ס'איז מיר אויסגעפאַלן אין אַ גאָר

שווערן מאָמענט צו דערפילן מיין אויפגאַבע און צוריקשטעלן די פאַרבינדונג. און פלוצלינג האָט זיך ווידער דערהערט דאָס געשריי „הוראַ". אונדזערע זעלנער האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אין אַטאַק, קוילן האָבן געשווישטשעט איבער די קעפּ און דער גאַנצער הימל איז געוואָרן באַלויכטן ווי ס'וואָלט געווען אין מיטן העלן טאָג.

## איך ווער פאַרווונדעט

לויפנדיק אַזוי צום בונקער־צו, האָט דאָס שיסעריי זיך ווידער אַ קער געטון אין מיין ריכטונג. איך האָב ווידער אָנגעהויבן פאַלן צו דער ערד און פאַרויסרוקן זיך פויזנדיק.

סנאַריאַדן האָבן גענומען פאַלן ניט ווייט פון מיר און זיך אויפרייסן. מיין חבר איז שוין געווען פיל ווייטער פון מיר און דאָס שיסעריי האָט אים אויסגעמיטן. שטייענדיק אַזוי אין מיטן פייער, אָן אויסוועג, בין איך זייער צעטומלט געוואָרן. דאָס האַרץ האָט מיר עפּעס פאָרויסגעזאָגט ניט קיין גוטס. דער שונא האָט מיך באַמערקט און געשאָסן כסדר אין מיין זייט. פלוצלינג איז געפאַלן אַ סנאַריאַד נעבן מיר און האָט זיך אויפגע־ריסן, אומגעפער אַן 8 מעטער פון אָרט וווּ איך בין געפאַלן. דער אָפּקלאַנג האָט מיך פאַרטויבט, און איך בין געבליבן ליגן אַן באַוווסטזיין, כ'האָב גאָרניט געפילט, אַז איך בין אין דעם מאָמענט פאַרוווּנדעט געוואָרן. ווען כ'בין צוביסלעך געקומען צו זיך, האָב איך אָנגעהויבן פילן אַ ברענונג אין בויך און אַזאַ מין ווייטיק אין גאַנצן קערפּער. כ'האָב זיך צוגעהערט צו די געשרייען פון נאָך פאַרווונדעטע זעלנער, וועלכע זיינען געלעגן אויפן פעלד. זיי האָבן געבעטן הילף. איך האָב אָנגעהויבן זוכן דעם פלאָץ פון ווונד און ניט געקאָנט אים געפינען. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איך קען זיך ניט רירן, און אַז כ'בין שטאַרק ראַנירט.

ס'איז מיר זייער וואַרעם געוואָרן און איך האָב דערפילט, אַז איך ליג אין אַ טייך פון בלוט. די הענט זיינען מיר פאַראַליזשירט געוואָרן און כ'האָב ניט געקאָנט זיי באַוועגן. איך האָב דערשפּירט אַ שטאַרקן ווייטאָג אין דער לינקער לאָפּאַטקע פון דער האַנט. כ'האָב זיך געפּרובירט שטעלן אויף די פיס און ניט געקאָנט. די שמערצן זיינען געוואָרן אומדערטרעגלעכע. איך האָב פאַרלוירן דעם גלויבן אין בלייבן לעבן. איך האָב אָנגעהויבן שרייען, נאָר גלייך זיך אָפּגעהאַלטן, ווייל דאָס מויל איז געווען פול מיט בלוט. איצט האָב איך דערפילט, אַז איך בין אויך פאַרווונדעט אונטערן לינקן אויער. איך האָב זיך אָנגעשטרענגט מיט די לעצטע כוחות און געשריגן אין דער שטיל: „ספּאַסיי" (ראַטעווע, הילף!). די אָנגרייפנדיקע רויט־אַרמייער זיינען שוין געווען ווייט פון מיר. ס'האָבן זיך נאָך געהערט איינציקע שאָסן. חוץ די פאַרווונדעטע און געהרגעטע האָט מען קיין לעבעדיקן נפש ניט געזען אויפן פעלד. פיל פון די

לייכט־פאַרוווּנדעטע זיינען אַוועק פּאַמעלעך מיטן וועג. עס איז איבערגעגאַנגען אַ האַלבע שעה און קיינער איז מיר ניט געקומען צוהילף. כ׳האָב געפילט, אַז איך גיי אָפּ אין בלוט, און אַז עס גייען מיר אויס די כוחות פון די שטאַרקע שמערצן. „דאָ איז מיין סוף“, האָב איך זיך געטראַכט.

און דאָך האָב איך ווידער אָנגעהויבן קלערן וועגן רעטונג און כ׳האָב זיך דערמאָנט אין מיין חבר, וועלכער איז אַוועק צו דער איינהייט. אפשר וועט ער רופן עמעצן צו הילף? און אפשר איז אויך ער פאַרוווּנדעט אָדער געהרגעט געוואָרן? פּלוצלינג האָב איך דערהערט טריט. כ׳האָב זיך שטאַרק דערפרייט. דער מענטש האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבן מיר. כ׳האָב ווידער אָנגעהויבן רופן הילף: „דרוג (חבר), ראַטעווע מיך, איך גיי אויס“. איך האָב דערקענט מיין חבר. ער איז צעטומלט געוואָרן, דערזעענדיק מיך אַ פאַרוווּנדעטן, און ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן מיט מיר. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך בין שטאַרק פאַרוווּנדעט אין בויך און אַז עס ברענט מיר זייער פון די שטאַרקע שמערצן. ער האָט שנעל אַראָפּגעריסן פון מיר דאָס אָנטועכץ, עס צעריסן און מיר פאַרבאַנדאַזשירט. אַליין איז ער אַוועקגעלאָפן צוריק אין דער איינהייט, איבערלאָזנדיק מיך נאַקעטערהייט אויפן פעלד. ער האָט מיך צוגעדעקט מיטן מאַנטל און איז אַוועק.

מיך האָט גענומען טרייסלען פון קעלט. פיבער האָט אַרומגענומען מיין גאַנצן קערפּער. „ווער ווייסט צי איך וועל דאָס קאָנען איבערטראָגן“? — האָב איך ביי מיר געטראַכט. די פאַרוווּנדעטע האָבן ווידער אָנגעהויבן בעטן הילף. עס האָט זיך באַוויזן אַ סאַניטאַר. ער איז צוגעגאַנגען צו מיר און מיך פאָרזיכטיק אויפגעהויבן. ער האָט פון מיר אַלץ אַראָפּגענומען און מיך נאָכאַמאָל איבערגעבונדן. ער האָט מיר געלאָזט אַ צעטעלע אין האַנט, אויף וועלכן ס׳איז געווען אָנגעשריבן: „דער סאָלדאַט איז פאַרוווּנדעט געוואָרן אויפן שלאַכטפעלד“. דער סאַניטאַר איז אַוועק. ס׳איז געווען שפּעטע נאַכט און זייער פינצטער. עס איז מיר זייער קאַלט געוואָרן און איך האָב ניט געשפּירט מער קיין ווייטיק. איך בין זייער אָפּגעשוואַכט געוואָרן און מער גאָרניט געפילט. עס זיינען מסתמא אָפּגעלאָפן אַ שיינע פּאָר שעה, ביז עס איז צוגעפאָרן אַן אמבולאַנס. מען האָט מיך אַרויפגעלייגט אויפן טראָג־בעטל. ס׳זיינען געווען נאָך פיל פאַרוווּנדעטע. צווישן די זעלנער, וועלכע האָבן מיך אַוועקגעלייגט אויפן אַמבולאַנס, האָב איך געזען מיין חבר און מיין קאָמאַנדיר. „פימאַ“, — האָט ער געזאָגט — „ניטשעוואָ, מאָלאָדיעץ; טי פּאָפּראַווישסיאַ סקאָראָ אי בודיעש זדאָראָוו“ (גאָרניט, ביסט אַ בראַווער, וועסט שנעל קומען צו זיך און וועסט זיין געזונט). מיין חבר האָט מיך שטאַרק באַדויערט און געזאָגט: „זשאַלקאָ כאַראָשעוואָ באָיצאַ“ (אַ שאָד אַ גוטן זעלנער). מען האָט מיך געבראַכט צו פירן אין דער סאַניטאַרן־אָפּטיילונג פון אונדזער פּאָלק.

## פון שפּיטאָל צו שפּיטאָל

אין דער סאַניטאַרער אָפּטיילונג פון פּאָלק, האָט דער דאָקטאָר מיך אַליין אַראָפּ־גענומען און מיך תיכּף איבערגעבונדן. ער האָט פעסטגעשטעלט, אַז די ווונד איז זייער אַ שווערע און מען מוז מיך גלייך אָפּערירן. אין זעלבן מאָמענט איז צוגעפאָרן אַ לאַסט־אויטאָ און מען האָט מיך אַוועקגעפירט אין באַגלייטונג פון דאָקטאָר. נאָך אַ שעה פאָרן זיינען מיר אָנגעקומען אויף אַ פּלאַץ, ווו די קראַנקן־שוועסטער מיטן דאָקטאָר האָבן מיר פּאַרזיכטיק אַראָפּגענומען, אַרויפגעלייגט מיך אויף אַ טראָג־בעטל און אַריינגעבראַכט אין אַ זיעמליאַנקע, וואָס איז געווען שוואַך באַלויכטן פון עלעקטרישע לעמפּלעך. דאָס איז געווען דער אָפּעראַציע־זאַל. מען האָט מיך אַוועק־געלייגט אויפן טיש און גלייך אָפּערירט. די אָפּעראַציע האָט געדויערט בערך פיר שעה. די געדערים זיינען אין צוויי ערטער געווען באַשעדיקט. דער רעכטער פוס און דער חוט־השדרה זיינען אויך געווען שטאַרק פאַרלעצט.

די שרעקלעכע שמערצן האָב איך ערשט דערשפּירט צומאָרגנס, איך האָב ניט געקאָנט אויסרעדן קיין וואָרט און אויך ניט איבערדרייען זיך אויף אַ זייט. מען האָט מיך דערנערט נאָר מיט גלוקאָזע־שפּריצן. דער גאַנצער קערפּער איז געווען איינגע־וויקלט אין גרויסע בינטן. פון שוואַכקייט, פלעג איך אָפט חלשן, די דאָקטוירים האָבן אָנערקענט, אַז ס׳איז ביי מיר אָפּגעגאַנגען זייער פיל בלוט און זיי האָבן פאַראָרדנט די שוועסטער, אַז זיי זאָלן מיר מאַכן וואָס מער בלוט־טראַנספוזיעס. נאָך די בלוט־טראַנספוזיעס פלעג איך זיך פילן בעסער. צוויי וואָכן האָב איך איבערהויפּט ניט געקאָנט עסן און כ׳האָב אַפילו ניט גענומען אַביסל וואַסער אין מויל.

איך האָב זיך געפונען אין אַ קליין פעלד־לאַזאַרעט, וואָס האָט סטאַציאָנירט אין שטעטל סאַבאָליעווו. אין דעם שפּיטאָל האָט מען מיך נאָכאַמאָל אָפּערירט און אַרויס־גענומען דעם שפּליטער פון דער ווונד, וואָס אונטערן אויער. איך האָב גענומען קומען צו זיך און אָנגעהויבן זיך פילן בעסער. איך האָב געגעסן צוביסלעך און מיט יעדן טאָג איז מיר געוואָרן לייכטער. אַרונטערגיין פון בעט איז אָבער נאָך ניט געקומען אין באַטראַכט. די שוואַכקייט פלעגט מיך שטאַרק אויסמאַטערן. נאָך 2 חדשים ליגן אין שפּיטאָל האָט מען מיך איבערגעשיקט קיין לובלין. צוליב מיין שוואַכן געזונט־צושטאַנד בין איך אין דעם שפּיטאָל ניט פאַרבליבן לאַנג און מען האָט מיך איבער־געשיקט טיף אין רוסלאַנד, אין דער אוקראַאינישער שטאָט : דניעפּראָפּיעטראָווסק (אַמאָליקע יעקאַטערינאָסלאַוו), דאָ אין דעם שפּיטאָל, בין איך געבליבן ליגן אונטער אַ ספּעציעלער אויפזיכט פון אַ דאָקטאָר. איך האָב גלייך אָנגעשריבן אַ בריוו צום פאָטער און ברודער. זיי האָבן פון מיר איבערהויפּט קיין ידיעה ניט געהאַט. מיין גע־זונט־צושטאַנד האָט זיך גענומען בעסערן, און איך האָב אָנגעהויבן האָפן געזונט צו ווערן. די דאָקטאָרשע, וועלכע האָט מיך באַהאַנדלט, האָט זיך שטאַרק באַמיט מיך

אויסצוהיילן און צוגעזאָגט צו שטעלן מיך אויף די פיס. זי פלעגט מיר פאַרשאַפן פאַרשידענע אַרבעטן, כדי ס'זאָל מיר דורך די צייט און ס'זאָל מיר ניט זיין לאַנג־ווייליק. איך פלעג אויך באַקומען פון איר ביכער צו לייענען, וואָס עס פלעגט מיר פאַרשאַפן פיל פאַרגעניגן. דאָס עסן איז געווען זייער גוט און עס פלעגט זייער גוט ווירקן אויף מיין געזונט־צושטאַנד. די ווונדן האָבן זיך לאַנגזאַם אויסגעהיילט. עס איז נאָר געבליבן ניט פאַרהיילט דער רעכטער פוס. צוויי מאָל האָט מען מיך אָפּערירט און עס האָט ניט געהאָלפן. די דאָקטאָרשע האָט מיך נאָך אַמאָל צוגעשטעלט צו אַ דריטער אָפּעראַציע.

אין צווישנצייט האָב איך אָנגעהויבן דערהאַלטן בריוו פון דער היים. זיי האָבן מיר געשריבן, אַז כמעט אַלע לעבן־געבליבענע יידן פון מערב־ווייסרוסלאַנד זיינען אַרויסגעפאָרן קיין פוילן ווי פוילישע בירגער, פון וואַנען זיי קומען אָן קיין ארץ־ישראל. די נייַעס האָט מיך שטאַרק איבערראַשט און איך האָב ניט געוווּסט וואָס איך זאָל טון. כ'האָב געדאַרפט ווידער דורכמאַכן אַן אָפּעראַציע, וואָס האָט מיר געדאַרפט צונעמען אַ פּאָר חדשים. עס איז שוין געווען דער ערשטער טערמין פון אַרויספאָרן פון ווייסרוסלאַנד און אַן מיר האָבן זיי אויך ניט געוואָלט פאָרן. איך האָב וועגן דעם געשריבן אהיים און דער ברודער איז צו מיר גלייך געקומען צופאָרן. דער ברודער, משה, האָט מיך צוגעאײַלט צו דער זאַך, ווייל אַנדערש האָט אונדז געדראָט צו פאַרבלייבן אין רוסלאַנד. די צייט אויף אַרויסצופאָרן קיין פוילן איז געווען זייער אַ קורצע. איך בין אַוועק צו מיין דאָקטאָרשע און איר דערציילט גענוי וועגן מיין לאַגע. איך האָב זי שטאַרק געבעטן, זי זאָל מיר העלפן. גרויס חשק איינגעאַנצן צו באַפרייען מיך האָט זי ניט געהאַט. נאָכהער האָט זי מיר עס יאָ געטון, נאָר מיטן באַדינג, אַז איך זאָל געבן מיין אונטערשריפט, אַז פאַר מיין ניט־פאַרהיילטע ווונד איז זי ניט פאַראַנט־וואָרטלעך. איך האָב עס אָנגענומען מיט גרויס פרייד. זי האָט מיר דורכגעפירט אַלע פאָרמאַליטעטן, ניט פאָדערנדיק מער פון מיר קיין אונטערשריפט, און איך מיטן ברודער זיינען געפאָרן אַהיים...

## אַהיים... אַהיים... און אַוועק פון דער היים

געגנוי אַ וואָך צייט האָט געדויערט די רייזע קיין בעליצע. מיר זיינען געפאָרן דורך כאַרקאָוו אין דער ריכטונג צו מינסק. אויפן וועג זיינען מיר אַריינגעפאָרן צו דעם פאָטערס עלטערן ברודער, זעליק, וואָס איז געזעסן אין אַ קליין רוסיש שטעטעלע זלינקע. דער פעטער האָט זיך געראַטעוועט פון די רוצחישע הענט און איז איינער אַליין געבליבן לעבן. ער האָט געאַרבעט אַלס אַפּטייקער אין שטעטל. אונדזער באַגעגעניש האָט שטאַרק געווירקט אויף מיר און אויף מיין ברודער. ער האָט אונדז דער־ציילט וועגן דעם, וואָס ער האָט אַלץ דורכגעמאַכט אין דער מלחמה, שוין זייענדיק אין

די עלטערע יאָרן. מיר זיינען שטאַרק צוגעשטאַנען צו אים, אַז ער זאָל מיט אונדז גלייך פאָרן נאָך פּוילן, פון וואַנען מיר וועלן צוזאַמען פאָרן ווייטער. ער האָט עס אָבער ניט געוואָלט טון צוליב זיינע קינדער, וועלכע האָבן געדאַרפט פאַרבלייבן אין רוסלאַנד און וואָלטן געהאַט שפּעטער אויסצושטיין פיל אומאַנגענעמלעכקייטן. אָפּזייענ־דיק ביים פעטער צוויי טעג, האָבן מיר זיך געזעגנט מיט אים און מיר זיינען אַוועק־געפאָרן און אָנגעקומען קיין לידע. דער פאָטער האָט נאָך געוווינט אין בעליצע און איז געווען כמעט דער איינציקער ייד אין גאַנצן שטעטל.

נאָכן אָפּזיין אַ פּאָר וואָכן אין דער חרובער היים, זיינען מיר אַרויסגעפאָרן מיט אַ ספּעציעלן טראַנספּאָרט קיין לאָדזש.

אין דער צעשטערטער בעליצע זיינען געבליבן וווינען ביזן היינטיקן טאָג: יידל באַראַנטשיק (אייזשקעס זון) מיט זיין משפּחה און אברהמל שערעשעווסקי (ישראל דעם פאַרבערס אייניקל), וועלכער איז שפּעט געקומען פון דער רויטער אַרמיי און האָט שוין ניט געהאַט די מעגלעכקייט אַרויספאָרן קיין פּוילן.

## לאָדזש, בראַטיסלאַוואַ, בודאַפּעשט און באַד־גאַסטיין (עסטרייך)

צוויי וואָכן פאַר ראש השנה זיינען מיר אָנגעקומען אין לאָדזש. דער אויסערלעכער אויסזען פון לעבן פונעם יידישן קיבוץ האָט אויף אונדז געמאַכט אַ גוטן איינדרוק. מיר האָבן שוין לאַנג ניט געהאַט געזען קאָנצענטרירט אַזויפיל יידן אין איין אָרט. עס זיינען שוין געווען טעטיק פאַרשידענע ציוניסטישע באַוועגונגען און קיבוצים. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ „בריחה"־קאָמיטעט, וואָס האָט אָרגאַניזירט דאָס אַרויספירן יידן און בעיקר יוגנטלעכע פון פּוילן מיטן ציל צו ברענגען זיי קיין ארץ־ישראל. דער „בריחה"־קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון אַ גרופּע אידעאַליסטן, וועלכע פלעגן ניט איינמאָל איינשטעלן זייער לעבן פירנדיק די גרופּעס יידן איבער די גרענעצן.

פאַרבלייבן לאַנג אין לאָדזש האָבן מיר ניט געוואָלט און נאָך 6 וואָכן זיינען מיר, צוזאַמען מיט נאָך אַ גרופּע יידן אַוועקגעפאָרן נאָך קראָקע. 2 וואָכן האָבן מיר געוואַרט אויף אונדזער ריי אין קראָקע און דערנאָך זיינען מיר איבערגעשיקט געוואָרן קיין קאַטאָוויץ. אויף דער באַן־סטאַנציע האָט אונדז דערוואַרט אַ מיטאַרבעטערין פון דער „בריחה" — אַ יונגע בחורה. זי האָט אונדז אויפגענומען און איינגעאָרדנט אין אַ האָטעל, וווּ מיר האָבן איבערגענעכטיקט. צומאָרגנס אינדערפרי איז צו אונדז ווידער געקומען די זעלבע בחורה, און אָרגאַניזירט אַ גרופּע פון 6 פּערזאָן. זי האָט אונדז געגעבן אַלע אָנווייזונגען ווי אַזוי זיך צו האַלטן אין ווייטערדיקן וועג. מיר זיינען געוואָרן גריכישע יידן, וועלכע פאָרן צוריק פון די לאַגערן, אַהיים צו זיך. אונדזער גרופּע־פירער האָט באַקומען אַ ספּעציעלן דאָקומענט און מיר האָבן געמוזט רעדן נאָר עברית, נישט פאַרשטיק קיין שום אַנדערע שפּראַך. זי האָט אונדז בלויז געזאָגט, אַז

מיר פאָרן איצט נאָך בראַטיסלאַוואַ (סלאָוואַקיע) און אַז דאָרט אָנקומענדיק, וועט מען אונדז געבן ווייטערדיקע אָנווייזונגען. פון קאַטאָוויצער באַן־סטאַציע זיינען מיר אָפּגעפאָרן צו דער פויליש־טשעכישער גרענעץ. פאַרטאָג־צו זיינען מיר אָנגעקומען צו דער גרענעץ־סטאַציע זעבזשידאָוויצע.

די באַן־באַאַמטע האָבן שוין גוט געקענט די „קונדן" און זיי האָבן לאַנג מיט אונדז ניט גערעדט, נאָר אָפּגעשיקט צו דער גרענעץ־וואַך. אין וואַך־שטיבל האָט מען אונדז אונטערזוכט און גלייך אַריבערגעפירט איבערן גרענעץ־פּאַס. דאָרט האָבן מיר געוואַרט אויף דעם טשעכישן צוג, וואָס האָט אונדז געדאַרפט פירן קיין בראַטיסלאַוואַ. מיר האָבן אַוודאי אויסגעזען זייער טראַגיש בעת מיר זיינען געשטאַנען מיט די פּעק אויפן רעגן און יעדער פאַרבייגייענדיקער זעלנער האָט אָפּגעלאַכט און געמאַכט שפּאַס פון אונדז. פאַרנאַכט איז אָנגעקומען דער צוג. מיר זיינען אין אים איינגעשטיגן, פאַרנומען זיך־פּלעצער און געוואַרט ביזן אָפּפאָרן. אָפּפאָרנדיק איז ווידער פאָרגעקומען אַ קאָנטראָל פון טשעכישע וואכלייט. מיר האָבן גערעדט צווישן זיך נאָר עברית און זיך פאָרגעשטעלט ווי גריכישע יידן. מיר האָבן געהאַט איין פּאַראָל; „אַני גרעקאָ". נאָך אַ מעת־לעת, זיינען מיר אָנגעקומען אין בראַטיסלאַוואַ און לויט דעם אונדז געגעבענעם אַדרעס, זיינען מיר אַוועק אין האָטעל „יעלען". דאָרט האָבן מיר געטראָפן פיל יידן, וועלכע האָבן געוואַרט אויף צו קאָנען ווייטער אָפּפאָרן. דער האָטעל האָט שוין געהאַט דעם ריכטיקן יידישן אויסזען...

די לעצטע טעג סוכות האָבן מיר געפייערט אין בראַטיסלאַוואַ און גלייך נאָך יום־טוב האָט מען אונדז אַוועקגעשיקט מיט אַ טראַנספּאָרט קיין אונגאַרן. נאָך צוויי טעג פאָרן, זיינען מיר אָנגעקומען אין קליינעם גרענעץ־שטעטל, קאמארן. פון דער סטאַנציע ביז צום פּונקט, זיינען מיר געגאַנגען צופוס. ס׳איז געווען ביינאַכט און אין דער געדיכטער פינצטערניש, האָט אונדז דער פירער פון טראַנספּאָרט אויסגעשטעלט אין אַ לאַנגער קאָלאָנע און מיר זיינען געגאַנגען איינער אונטער דעם אַנדערן. מיד און צעבראָכן פון וואַלגערן זיך, האָבן 500 מענטשן, צווישן זיי פרויען און קינדער, זיך געשלעפּט איבער די שמאָלע, טונקעלע וואַלד־וועגעלעך. דאָס בילד האָט אונדז דערמאָנט אָן די פאַרגאַנגענע שרעקלעכע צייטן. מען האָט ניט געטאָרט אויסרעדן קיין וואָרט. די קליינע קינדערלעך האָבן געוויינט פון מידקייט, פון ניט־דערשלאָפן און ניט־דערעסן. די עלטערע לייט און פרויען האָבן זיך געשלעפּט מיט די לעצטע כוחות. עס האָט נאָר אויפגעהאַלטן די האָפענונג שנעל אָנקומען צום ציל. שפּעט ביינאַכט זיינען מיר אָנגעקומען אויפן פּונקט. דאָ זיינען מיר געבליבן שלאָפן. צומאָרגנס, גאָר פרי, איז געקומען אונדזער פירער און אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן זיין גרייט אַרויסצוגיין צו דער גרענעץ. 11 אַזייגער זיינען מיר אָנגעקומען צו דער טשעכיש־אונגאַרישער גרענעץ, ביים טייך דונאַי.

די טשעכישע זעלנער האָבן יעדן איינעם באַזוכט. נאָך דער קאָנטראָל האָבן מיר

זיך ווידער אויסגעשטעלט אין אַ קאָלאָנע, און אַוועק איבער דער בריק. מיר זיינען געקומען צו דער אונגאַרישער גרענעץ־וואַך. דער גרופּן־פירער, וועלכער האָט גוט גערעדט אונגאַריש האָט זיך מיט אים דורכגעשמועסט און ער האָט אונדז געהייסן וואַרטן ביז עס וועט קומען דער קאָמיסאַר. מיר האָבן זיך אַלע צעלייגט אויפן באָדן און געוואַרט אויפן קאָמיסאַר. אַרום האַלבן טאָג איז ער געקומען. נאָך אַ לאַנגן שמועס מיט אים, האָט ער אונדז ניט דערלויבט אַריינקומען קיין אונגאַרן, און געפאָדערט, אַז מיר זאָלן זיך אומקערן פון וואַנען מיר זיינען געקומען. די טשעכישע וואַך האָט אונדז ניט געוואָלט צוריק אַריינלאָזן און מיר זיינען געבליבן שטיין אויף דער „נייטראַלער זאָנע". דער גרופּן־פירער האָט אויפגעוויזן דעם קאָמיסאַר מיט אותות און מופתים, אַז מיר זיינען אונגאַרישע יידן און קערן זיך צוריק „אַהיים". זיי זיינען אַוועק אין זייַן קאַבינעט און, ווי עס ווייזט אויס, זיינען זיי צווישן זיך דורכגעקומען... באַלד נאָך דעם זיינען מיר אַריבער דעם גרענעץ־פּאַס, און האָבן זיך געפונען אויף דער אונגאַרישער ערד. מיר זיינען אַוועק צו דער באַן־סטאַציע, דאָרט זיינען מיר איינגעשטיגן אין לאַסט־וואַגאָנעס און געפאָרן קיין בודאַפּעשט. אָט אַזוי האָט מען געשוואַרצט די גרענעצן פון איין לאַנד אין צווייטן. אָבער דאָס אַלץ איז ערשט געווען דער אָנהויב פון אַ ווייטערדיקן וואַנדער־וועג ביז צום דערגרייכן דעם ציל.

## אין עסטרייך

אַרום האַלבן טאָג איז אונדזער טראַנספּאָרט אָנגעקומען אויף דעם הויפּט־וואָקזאַל אין בודאַפּעשט. עס האָבן שוין אויף אונדז געוואַרט פאָרשטייער פון „דזשאָינט" און „בריחה". אין ספּעציעל־צוגעגרייטע טראַמווייען זיינען מיר אַוועקגעפאָרן צום פּונקט ווו מיר האָבן געדאַרפט פאַרבלייבן עטלעכע טעג, נאָר כדי אָפּצורוען. נאָך עטלעכע טעג זיינען מיר אַביסל געקומען צו זיך. דער פירער פון דער „בריחה" האָט אויפגע־קליבן דעם גאַנצן טראַנספּאָרט אין אַ גרויסן זאַל און אונדז אָנגעזאָגט ווי אַזוי מיר דאַרפן זיך נוהג־זיין. מיר זיינען דאָרט געווען יידן פון פּוילן, וועלכע קערן זיך אום אַהין פון די עסטרייכישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן. אויפן דריטן טאָג זיינען מיר געפאָרן קיין ווין ווי יידן צוריקקערנדיקע זיך פון לאַגער. מיר זיינען איינגעשטיגן אין אַ סאָוויעטיש־מיליטערישן צוג און צוזאַמען מיט די רויטע־אַרמייער זיינען מיר אָנגע־קומען אויפן „אָסט־באַנהאָף" אין ווין. דער אָנפירער מיטן טראַנספּאָרט האָט אַלעמען אַראָפּגענומען פון צוג און אויסגעשטעלט אין אַ קאָלאָנע. ס'איז געווען פאַרטאָג און אין דער העלער טונקלקייט, זיינען מיר אַוועק איבער די ווינער גאַסן אין דער ריכטונג צום באַקאַנטן „ראָטשילד־שפּיטאָל". מיר זיינען געגאַנגען עטלעכע שעה. די פרויען און די קליינע קינדער האָבן זיך שוין קוים געשלעפּט. זיי זיינען געווען אויסגעמאַ־טערט פון גיין און פון ניט דערשלאָפן. מייַן פאָטער איז אויך געגאַנגען מיט די לעצטע

כוחות. ווען ס׳איז גוט ליכטיק געוואָרן, זיינען מיר אָנגעקומען אויפֿן פּלאַץ. די שפּיטאָל־געביידע איז געווען שטאַרק באַשעדיקט פֿון באָמבעס. אינעווייניק איז געווען שמוציק. מענטשן האָבן זיך געוואַלגערט אויף די הויפֿן, אין די קאָרידאָרן און אונטער די טרעפּ. ס׳איז געווען שפּעטער האַרבסט און מענטשן זיינען געשלאָפֿן אויף דער קאַלטער ערד. אַלע האָבן געוואַרט אויפֿן ווייטערדיקן אָפּפֿאָר. מיר זיינען געווען אין ווין איין טאָג און אין אָוונט זיינען מיר שוין ווידער געווען גרייט צו פֿאָרן ווייטער. יעדער פֿון אונדז האָט באַקומען אַ דאָקומענט פֿון רויטן קרייץ ווי אַן עסטרייכישער ייד פֿון דער אַמעריקאַנער זאָנע. 8 אַזייגער אין אָוונט איז אונדזער טראַנספּאָרט אַוועק צום „וועסט־באַנהאָף" (פֿראַנצויזישע זאָנע). אויף דער סטאַציע זיינען שוין וואַגאָנעס געווען גרייט פֿאַר אונדז צום אָפּפֿאָרן.

אין מיטן דער נאַכט זיינען מיר אָפּגעפֿאָרן אין דער ריכטונג צו דער אַמעריקאַנער זאָנע. מיר זיינען געפֿאָרן עטלעכע שעה, ביז מיר זיינען אָנגעקומען צו דער גרענעץ פֿון די סאָוויעטיש־אַמעריקאַנישע זאָנעס. דער דונאַי איז געווען די גרענעץ און די פּאָסטנס זיינען געשטאַנען פֿוןביידע זייטן בריק. די סאָוויעטישע וואַך איז דורכגעגאַנגען שנעל דעם צוג און דורכגעלאָזט אונדזער טראַנספּאָרט. דער צוג האָט זיך גערירט און מיר זיינען אָפּגעפֿאָרן אין דער ריכטונג פֿון דער שטאָט וועלס, וווּ עס האָט זיך געפֿונען אַ יידישער לאַגער. אין וועלס האָט אונדז דער לאַגער־פֿירער ניט אויפֿגענומען, צוליבן מאַנגל אין פּלאַץ און מיר זיינען אַוועקגעפֿאָרן אין אַ צווייטן לאַגער (לאַמבאַך). אויסשטייגנדיק פֿון צוג, האָט אונדזער בריחה־פֿירער ווידער אונדז אויסגעשטעלט און אַוועקגעפֿירט צופֿוס אין לאַגער אַריין.

עטלעכע קילאָמעטער האָבן מיר זיך געשלעפּט דורך אַ פֿעלד און וואַלד, ביז מיר זיינען מיט די לעצטע כוחות אָנגעקומען אין לאַגער. מיר האָבן זיך גלייך צעלייגט אויף דער ערד, כדי זיך אָפּצורוען. אונדזער בריחה־פֿירער איז אַוועק אין לאַגער אַריין און האָט פֿאַרהאַנדלט מיטן לאַגער־קאָמענדאַנט וועגן אונדז, ער זאָל דערלויבן זיך אויפֿצוהאַלטן ביי אים אין לאַגער. נאָך אַ 10־מינוטיקן שמועס, איז ער צוריקגעקומען און מיר זיינען אַריין אין לאַגער. עס האָט זיך גלייך געמערקט, אַז דאָ איז געווען אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. דער לאַגער איז נאָך אַלץ געווען אַרומגעצוימט מיט שטעכיקער דראָט. צוזאַמען מיט די יידן האָבן זיך דאָ אויך געפֿונען פֿאַרברעכער פֿון פֿאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן, פֿאַרשפּאַרטע צוליב זייער פֿאַרברעכערישער אַרבעט לטובת דעם נאַצי־רעזשים. נעבן טויער איז געשטאַנען אַ שטענדיקע וואַך, וועלכע האָט אויך געהיט די אָרדענונג אין לאַגער. אַרויסגיין אין שטאָט האָט מען נאָר געקאָנט מיט אַ ספּעציעלער דערלויבעניש פֿון לאַגער־קאָמענדאַנט.

די באַדינגונגען זיינען דאָ געווען זייער שווערע און דערדריקנדיקע. נאָכן עסן פֿלעגט מען מוזן שטיין אין דער ריי צוזאַמען מיט די אַלע פֿאַרברעכער, וועלכע האָבן

אונדז פריער געשלאָגן און אַצינד געוואָרן גלײַכע פּליטים מיט אונדז. זיי פלעגן נאָך אויסלאַכן די יידן, און שפּעטן פון זיי.

מיר האָבן דאָ געטראָפן באַקאַנטע, וועלכע האָבן אונדז געהאָלפן זיך איינאָרדענען. מיר האָבן אונדזער האָפענונג ניט פאַרלוירן און זיך אָנגעהויבן צוגעוווינען צו די נייע אומשטענדן. זייער אָפט פלעגן אונדז באַזוכן יידיש־אַמעריקאַנישע זעלנער.

ס'איז געווען סעפּטעמבער און די קעלט איז געווען גרויס. מיר האָבן איבער־הויפּט ניט געהאַט וואָס אָנצוטון אויף זיך. אין די באַראַקן פון די ברעטער איז געווען זייער קאַלט צו שלאָפן אין די נעכט. אין איינעם אַ טאָג איז געקומען צו פאָרן אין לאַגער אַריין אַ ספּעציעלע אַמעריקאַנער קאָמיסיע און האָט באַטראַכט די באַדינגונגען אין וועלכע מיר לעבן. זיי האָבן אונדז צוגעזאָגט אַז ניט לאַנג וועט דויערן און מ'וועט אונדז אַרויסנעמען פון דאָרט. צווישן די קאָמיסיע־לייט איז אויך געווען דער ראַבינער באַנען. ער האָט אונדז דערציילט, אַז „טרומאַן האָט באַפוילן איינצואָרדענען ווי אַמ־בעסטן דאָס ביסל יידישע שארית הפליטה". נאָך עטלעכע וואָכן האָט מען אונדז אַוועקגעשיקט אין אַ נייעם לאַגער „באַד־גאַסטיין".

דריי וואָכן זיינען מיר געווען אין לאַגער לאַמבאַך, בעת עס איז אָנגעקומען דער באַפעל פון הויפּט־קוואַרטיר פון אַמעריקאַנישן שטאַב אונדז איבערצוזידלען אין באַד־גאַסטיין.

דעם 13.10.45 זיינען געקומען אַמעריקאַנער זעלנער און האָבן אונדז אַוועקגעפירט מיט מיליטערישע אויטאָבוסן קיין באַד־גאַסטיין — דער וועלט־באַרימטער עסטרייכישער קור־אָרט. מען האָט אונדז אַריינגעבראַכט אין אַ גן־עדן. מען האָט יעדן איינגע־אָרדנט אין קאָמפאָרט־האָטעלן, וואָס זיינען אַמאָל געווען באַזעצט דורך אויסלענדישע קור־געסט. די צימערן — פיין־מעבלירטע, באַקוועמע און באַוואַרעמט. דאָ איז געווען אונדזער אמתער אָפּרו נאָך אַזוי פיל ליידן און מאַטערניש. יעדערער פון אונדז האָט זיך גוט איינגעאָרדנט. אין דעם זעלבן לאַגער האָבן זיך געפונען נאָך עטלעכע בעליצער פאַמיליעס. שפּעטער האָבן מיר זיך אויך דערוווּסט וועגן נאָך בעליצער משפחות, וועלכע לעבן אין די לאַגערן, ניט ווייט פון אונדז.

עס האָבן זיך דאָ קאָנצענטרירט כמעט אַלע בעליצער לעבנגעבליבענע יידן. איינער ניט ווייט פון אַנדערן. עטלעכע משפחות האָבן זיך אויך געפונען אין די לאַגערן אין דייטשלאַנד.

עס האָט זיך דערנענטערט דער ווינטער. איך האָב זייער פיל געליטן פון דער וווּנד אויפן פוס. נאָר אַזוי ווי מען האָט מיך ניט געקענט אין ווינטער אָפּערירן, האָב איך ניט געוואָלט פאַרלירן די פרייע צייט און זיך אויסגעלערנט שאָפערײַ. ווי נאָר עס איז געוואָרן וואַרעמער, בין איך אַוועק אין שפּיטאָל, כדי צו היילן די וווּנד און פּטור ווערן פון איר.

אינצווישן האָט זיך אָנגעהויבן אַן עליה דורך איטאַליע. פיל מענטשן זיינען אַהין אַריבערגעפאָרן, מיטן ציל אָנצוקומען אין ארץ־ישראל. איך האָב זיך באַמיט צו פאַרשנעלערן די אָפּעראַציע כדי צו קענען עולה זיין צוזאַמען מיטן פאָטער און ברודער. נאָך עטלעכע חדשים בין איך פולקאָם געזונט געוואָרן.

דעם 15.8.46, איז געווען אַן עליה דורך בעלגיע און מיין ברודער משה איז מיט־געפאָרן. מיר האָבן גערעכנט ,אַז עס וועט ניט לאַנג דויערן, און מיר וועלן אויך עולה זיין. איך מיטן פאָטער זיינען געבליבן אויפן פלאַץ. די לאַגע אין באַד־גאַסטיין האָט זיך פאַרערגערט אין אַלע הינזיכטן. איך האָב געמוזט זוכן אַרבעט און עפּעס פאַרדינען. איך בין געוואָרן דער סעקרעטאַר פון האָטעל־קאָמיטעט. פון מיין פאַרדינסט האָב איך געהאַט צו דעקן די אויסגאַבן פאַרן טאָג־טעגלעכן געברויך. פאַר דער צייט האָט דער ברודער פון בעלגיע עולה־געווען מיט עליה ב׳, מיט דער שיף „תיאודור הרצל״ און איז אָנגעקומען קיין ציפּערן. מיר האָבן אויך אָנגעהויבן טראַכטן וועגן עולה זיין. עס האָבן זיך אויך פאַרשפּרייט קלאַנגען וועגן דער ליקווידאַציע פון דעם לאַגער אין באַד־גאַסטיין און מיר האָבן באַשלאָסן אַוועקצופאָרן.

קיינער האָט ניט געזען פאַר זיך קיין שום אַנדערן אויסוועג. צוזאַמען מיט אונדז זיינען זייער פיל מענטשן אָפּגעפאָרן צו דער מחנה־עליה: סאַלפעלדען. פון אָט דעם פלאַץ, וואָס איז געווען נאָענט פון דער פראַנצויזישער גרענעץ־זאָנע, האָבן מיר געדאַרפט פאָרן נאָך איטאַליע. אין אַ וואָך שפּעטער האָט מען אונדז צוגעטיילט צו אַ טראַנס־פּאָרט מיט וועלכן מיר זיינען אַוועקגעפאָרן ביז צו דער פראַנצויזישער זאָנע. אויפן גרענעץ־פּאַס האָבן אונדז די פראַנצויזן קאָנטראָלירט און פעסטגעשטעלט, אַז די דאָקומענטן זיינען פאַלשע. מיר האָבן דעריבער געדאַרפט אַרויסגיין פון די וואַגאָנעס און צוריק פאָרן פון וואַנען מיר זיינען געקומען. אונדזער טראַנספּאָרט האָט זיך געראַנגלט אַ גאַנצע נאַכט מיט דער וואַך, און איז ניט אַרויס פון די וואַגאָנעס. פאַרטאָג האָבן וואַך־זעלנער באַזעצט אונדזערע וואַגאָנען, פאַרשלאָסן די טירן, כדי מען זאָל ניט אַטלויפן, און אונדז געשיקט אויף צוריק.ביים אָפּשטייגן אין סאַלפעל־דען האָבן אונדז אַמעריקאַנער פּאָליציי־לייט ווידער אַרעסטירט. נאָך לאַנגע אונטער־האַנדלונגען מיטן קאָמענדאַנט פון לאַגער, האָט מען אונדז אָפּגעלאָזט. נאָך אין דעם זעלבן אָוונט זיינען מיר צוריק אַוועקגעפאָרן מיטן זעלבן צוג קיין אינסברוק (פראַנצויזישע זאָנע). דאָרט איז געווען דער פונקט פון וואַנען מיר האָבן געדאַרפט פאָרזעצן אונדזער ווייטערדיקן וועג. דאָסמאָל איז אונדז געלונגען און פאַרטאָגס זיינען מיר אָנגעקומען אויפן אָרט. צוויי „חברה״ פון דער „בריחה״ האָבן אָפּגעוואַרט אונדזער טראַנספּאָרט מיט אַ ספּעציעלער מאַשין, וואָס האָט אונדז גלייך אַוועקגע־פירט אויפן פונקט.

דער אַזוי גערופענער זאַמל־פונקט „גנאַדענוואַלד״, איז געווען אַ קליין דערפעלע,

אומגעפער 30 קילאָמעטער פון אינסברוק. פון דעם פונקט פלעגן טאָג־טעגלעך אָפּגיין טראַנספּאָרטן, שוואַרצנדיק די גרענעץ, נאָך איטאַליע. מיר האָבן געמוזט וואַרטן גאַנצע 3 וואָכן אויף אונדזער ריי צו קאָנען פאָרן ווייטער. אויף דעם פּלאַץ זיינען געווען זייער שווערע באַדינגונגען. די ענגשאַפט איז געווען גרויס און די אָנקומענדיקע מענטשן פלעגן זיך וואַלגערן אויף דער ערד, אין די קאָרידאָרן, און אויף דער גאַס. אין דער ערשטער ריי צום פאָרן זיינען געווען משפּחות מיט קליינע קינדער, און שוואַנגער־פרויען.

אין איינעם אַ טאָג, ווי נאָר עס איז געוואָרן טונקל, האָט דער לייטער פון „בריחה" פאַראָרדנט אַ פאַרזאַמלונג פון אונדזער גאַנצן טראַנספּאָרט. ער האָט אונדז געגעבן גענויע אָנווייזונגען ווי אַזוי מיר דאַרפן זיך האַלטן בעת אונדזער נסיעה. מיר זיינען איינגעשטיגן בערך 40 פערזאָן אין אַ מאַשין, און מיר זיינען אָפּגעפאָרן אין דער ריכטונג צום גרענעץ־פּאַס, ביז צו דער גרענעץ איז געווען בערך אַ 70 ק"מ. מיר זיינען געפאָרן 4 שעה. די פרויען און די שוואַכערע מענטשן האָבן זיך זייער שלעכט געשפּירט בעתן פאָרן. אין איינער אַ מינוט האָט דער אויטאָ זיך שטיל אָפּגעשטעלט אין אַ גרויסן געדיכטן וואַלד. אַרום און אַרום איז געווען פינצטער. מיר אַלע זיינען אַראָפּ פון אויטאָ און אויסשטעלנדיק זיך אין אַ קאָלאָנע, האָבן מיר לאַנגזאַם זיך געלאָזן אין וועג. עס האָט געדויערט אַ שעה, ביז מיר האָבן זיך דערנענטערט צו דעם ראַיאָן פון דער גרענעץ־וואַך. דער אָנפירער פון דער „בריחה" האָט אונדז באַפוילן זיך צו זעצן אויפן גראָז און ניט רעדן.

די מאַמעס מיט די קליינע קינדער אויף די הענט, זיינען געווען שטאַרק מיד און די קינדערלעך האָבן אָנגעהויבן וויינען. נאָך עטלעכע מינוט אָפּרו, האָבן מיר זיך אויפגעשטעלט און מען האָט אָנגעהויבן שוואַרצן די גרענעץ. אָפּגעגאַנגען אַ ביסל, זיינען מיר צוגעקומען צו אַ גרויסן באַרג. לאַנגזאַם האָבן מיר זיך אַראָפּגעלאָזט פון באַרג און מיר זיינען אַריין אין אַ בלאָטע. מיר זיינען דאָ ווידער געבליבן זיצן שטאַרק מיד און ניט געהאַט קיין כוחות ווייטער צו גיין. מיר זיינען שוין געווען אויף דער איטאַליענישער טעריטאָריע. איך האָב דעם פאָטער געפירט אונטער דער האַנט און אין דער צווייטער האַנט האָב איך געהאַלטן דאָס ביסל זאַכן. איך בין שוין אַליין געווען מיד פון גיין. הינטער מיר איז אַן אַלטע פרוי געגאַנגען מיט די לעצטע כוחות. זי האָט ווייטער נישט געקאָנט גיין און איז געבליבן זיצן אַ פאַרחלשטע. איך האָב געלאָזט דעם פאָטער גיין ווייטער און דערלאַנגט דער פרוי אַביסל וואַסער. זי איז געקומען צו זיך און מיר זיינען אַוועק ווייטער. איך האָב אָנגעיאָגט די גרופּע. די פרוי האָט זיך קוים געשלעפּט. „אָט אַזוי מאַטערט מען מיך אויף די עלטערע יאָרן, איך וועל במילא ניט דערגיין" — האָט זי אויסגעשריגן אין וואַלד אַריין.

די פירער פון „בריחה" האָבן זיך געבייזערט. זיי האָבן געבעטן, אַז מיר

זאָלן זיך אויפהאַלטן רואיק, וואָרום דאָ איז דאָס ערגסטע שטיקל פּלאַץ, וואָס מיר האָבן דורכצוגיין. מיר זיינען דורכגעגאַנגען אַ קליין וואַסערל. עס איז געוואָרן נאַס און קאַלט אין די פיס. דאָס האָט אונדז ניט אָפּגעשטעלט און מיר זיינען אַוועק ווייטער. פּלוצלינג האָבן זיך דערהערט עטלעכע שאָסן איבער אונדזערע קעפּ. מען האָט אונדז באַפוילן זיך אָפּצושטעלן. באַלד האָבן אָפּגעהילכט נאָך עטלעכע שאָסן. מען האָט אונדז אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן, באַלויכטנדיק אונדז מיט עלעקטרישע לעמפּלעך. די ליכט פון די לעמפּלעך האָט דורכגעשניטן די טונקלקייט פון דער נאַכט. פון גרויס שרעק האָט יעדער פון אונדז אויפגעציטערט.

די קליינע קינדערלעך האָבן אָנגעהויבן וויינען. עס זיינען צו אונדז צוגעקומען איטאַליענישע גרענעץ־זעלנער. זיי האָבן אונדז אַרעסטירט און אַוועקגעפירט אין שטאָב. די זעלנער זיינען זיך מיט אונדז באַגאַנגען זייער גוט, זיי האָבן גענומען די קליינע קינדערלעך אויף די הענט און זיי געטראָגן ביז דעם אָרט, וווּ זיי האָבן אונדז צוגעפירט. אונדזערע פירער האָבן אונדז פאַרזיכערט, אַז מיר דאַרפן זיך ניט שרעקן, וואָרום זיי זיינען שוין געוווינט דערצו. מיר זיינען געקומען צו דער פּאָסט־שטוב. דאָרט האָט מען אונדז אַלעמען רעגיסטרירט און מיר זיינען געבליבן אונטער זייער השגחה, ווי אַרעסטירטע. מיר האָבן געדאַרפט וואַרטן ביזן אָנקומען פון וואַך־קאָמיסאַר, וועלכער דאַרף דעצידירן, וואָס מיט אונדז צו טאָן. טויט־מיד פון שווערן וועג זיינען די מענטשן גלייך איינגעשלאָפן אויף דער הוילער ערד.

## אין איטאַליע

אינדערפרי האָבן אונדזערע צוויי „בריחה"־פירער זיך פאַרבונדן טעלעפאָניש מיטן „יידישן קאָמיטעט" פון דער נאָענטער שטאָט מעראַנאָ און זיי איבערגעגעבן וועגן דער לאַגע אין וועלכער מיר געפינען זיך. מיטאָג־צייט איז צו אונדז געקומען אַ פאָרשטייער פון דער דאָרטיקער קהילה און האָט אונדז געבראַכט עסן. ער האָט אונדז צוגעזאָגט, אַז מען וועט אונדז גלייך אַרויסנעמען. דריי טעג זיינען מיר אָפּגעזעסן אויף דער גרענעץ און יעדן טאָג פלעגט מען אונדז צופירן עסן. אויפן דריטן טאָג, אין אָוונט, האָט מען אונדז אונטער אַ ספּעציעלער איטאַליענישער פּאָליציי־וואַך צוריק־געפירט צו דער עסטרייכישער גרענעץ. אָבער ווי נאָר די וואַך האָט אונדז אַרויסגעפירט פון דער פּאָליציי האָט זי אונדז אומגעקערט אין אַ פאַרקערטער ריכטונג. זיי האָבן אונדז נאָך באַגלייט אַ שטיק וועג צו דער ריכטונג פון נאָענטסטן פונקט. נאָך עטלעכע שעה גיין מיטן וואַלד און איבער הויכע בערג, זיינען מיר מיט די לעצטע כוחות אָנגעקומען אין אַ קליין דערפל.

אַ מיטאַרבעטער פון „בריחה" האָט אונדז שוין דאָרט אָפּגעוואַרט און איבערגע־נומען די אָנפירערשאַפט איבער דער גרופּע.

אין דער טיפער נאַכטיקער שטילקייט האָט יעדער טריט אונדזערער אָפּגעהילכט אין חלל פון קליינעם אין שלאָף נאָך זינקענדיקן דערפל. אָבער, נאָך אידער מיר זיינען דערגאַנגען צום פּונקט, האָט געגומען טאָגן און ס׳איז ליכטיק געוואָרן פאַר די אויגן. דער „בריחה״־מענטש האָט אַריינגעפירט די גרעסטע טייל מענטשן אין אַ שייער, וווּ זיי האָבן געדאַרפט איבערזיצן במשך די טאָג־שעהן און אין אָוונט ווײַטער זיך לאָזן אין וועג. איך און מיין פאָטער זיינען אַרייגעפאַלן אין אַ קליין, אַלט שטיבעלע, וווּ מיר האָבן איבערגעטאָגט צוזאַמען מיט אונדזער גרופּע. אין אָוונט זיינען צו אונדז געקומען צוויי בריחה־לייט און אונדז געגעבן ווייטערדיקע אָנווייזונגען. מיר האָבן פון זיי באַקומען געלט צו פאָרן מיט דער באַן ביז מעראַנאָ. אין מיטן דער נאַכט, פּונקט 12 אַזייגער, זיינען מיר אַרויס צופוס ביז דער באַן־סטאַציע.

מיר זיינען געגאַנגען 13 קילאָמעטער. ווי נאָר עס איז געוואָרן טאָג, זיינען מיר אָפּגעפאָרן מיטן צוג, און אַזייגער 8 זיינען מיר שוין געווען אויפן אָרט. אויף דער סטאַציע האָט אונדז ווידער אָפּגעוואַרט אַ „בריחהניק״. ער האָט אונדז געגעבן דעם אַדרעס פון פּונקט און אָנגעוויזן ווי אַזוי מיר דאַרפן אַהינגיין. אַ פּאָר שעה האָט געדויערט דער וועג, טויט־מידע זיינען מיר אַריינגעפאַלן אין דער געביידע פון דער „בריחה״. מען האָט אונדז תיכף דערלאַנגט עסן. גלייך נאָך דעם זיינען אַלע אַנטשלאָפן געוואָרן. דעם טאָג זיינען מיר אָפּגעווען אין מעראַנאָ און אין זעלבן אָוונט נאָך זיינען מיר אָפּגעפאָרן מיט אַ פּולמאַן־וואַגאָן, קיין מילאַנאָ. דער וועג האָט געדויערט אַ גאַנצע נאַכט. פאַרטאָגס האָבן מיר דורך די פענצטער פון וואַגאָן געזען די שיינע לאַנדשאַפט פון איטאַליע. מענטשן לעבן און ווייסן ניט פון אונדזערע צרות, ווער ווייסט ווען מיר וועלן נאָך קענען לעבן ווי זיי און זיין מיט מענטשן גלײַך? — איז דורכגעלאָפן אַ געדאַנק.

10 אַ זייגער אין דער פרי זיינען מיר צוגעפאָרן מיט אַ ספּעציעלן אויטאָ צום באַרימטן זאַמל־פּונקט פון מעפּילים, געקומענע פון עסטרייך: — „וויאַ אוניאָנע 5״. מען האָט רעגיסטרירט אונדזער גאַנצן טראַנספּאָרט. מיר האָבן באַקומען שפּייז־קאַרטן. מיד און אויסגעווייטיקט פון וואָגלען און פון ניט־שלאָפן, האָט זיך יעדן פון אונדז געוואָלט זייער אויסשלאָפן, אָבער עס איז ניט געווען גענוג פּלאַץ. אויך דאָ האָט זיך שטאַרק געמערקט די שרעקלעכע טראַגעדיע פון אונדזער אומגליקלעך פאָלק; הונדערטער מענטשן האָבן זיך געשפּאַרט איינער אויפן צווייטן אין אַן ענגן הויף. די קאָרידאָרן, אַלע פּלעצער אונטער די טרעפּ פון די געביידעס, אַלע צימערן און דער גאַנצער באָדן אויפן הויף, זיינען געווען באַלייגט פון מענטשן. עס איז אַפילו ניט געווען קיין פּלאַץ ווו צו שטיין. די קינדערלעך האָבן זיך געוואַלגערט אויף דער הוילער ערד. דער שמוץ איז געווען גרויס. אין אַזעלכע באַדינגונגען האָבן מענטשן געלעבט גאַנצע חדשים.

במשך די ערשטע צוויי טעג זיינען מיר אַדורך אַ מעדיציינישע אונטערזוכונג און אויך דורכגעפירט אַלע פאָרמאַליטעטן.. שוין אין די ערשטע טעג, האָב איך זיך פאַרבונדן מיט אונדזער בן־עיר, זרח קרעמיען, וועלכער איז געקומען פריער אַהער און איז שוין געווען איינגעאָרדנט אין אַ קיבוץ. ער איז גלייך געקומען צו פאָרן און אונדז צוגענומען צו זיך. ער האָט אונדז געהאָלפן זיך איינאָרדענען. אַ דאַנק אים זיינען מיר געקומען צו זיך.

דער קיבוץ האָט זיך געפונען אין אַ קליין שטעטל, קאסטראַ־לאַמבראַ, ניט ווייט פון מילאַנאָ, אין זייער אַ שיינער ווילע. דאָ איז פאַר אונדז געווען דער אמתער אָפּרו־פּלאַץ נאָך דעם לאַנגן און שווערן וועג. זעקס וואָכן זיינען מיר געווען אין קיבוץ. שפּעטער, אַז מען האָט זרחן איבערגעפירט אויף אַ ספּעציעלן פּאָסטן אין רוים, זיינען מיר, איך און מיין פאָטער, ניט וועלנדיק זיך צעשיידן מיט זרחן, אויך איבערגעפאָרן קיין רוים.

אין רוים האָבן מיר געלעבט אין קיבוץ א. נ. פון מרדכי אַניעלעוויטש. גלייכצייטיק האָב איך געלערנט ראַדיאָ־טעכניק אין אַן איטאַליענישער פאַך־שולע. נאָכן ענדיקן דעם קורס האָבן מיר זיך געגרייט צו דער עליה נאָך ישראל.

סוף 1948 זיינען מיר ענדלעך אָנגעקומען אין אויסגעבענקטן לאַנד. אין דער באַפרייטער מיט בלוט אויסגעקעמפטער יידישער מדינה.



די דריי שוועסטער מעקעל

## חלק רביעי
## פערטער טייל

## התוכן / אינהאלט



# השלמות והוספות
# צוגאב־מאטעריאלן

י. ל.

# הרב רבי יואל בּאראנצ'יק זצ"ל



הרב ר' יואל באראנצ'יק עם נכדו

בעיר ריגה, על רבניה וחכמיה, בלטה דמותו של הרב ר' יואל באראנצ'יק, יליד העיירה בליצה ליד לידא, פלך ווילנא. הוא היה נכדו של הרבי ר' שמלקא מלידא, מאצילי ישראל, שזכה לתורה וגדולה (נכדו של הגאון החסיד ר' שמלקא מניקלסבורג) ונודע בישיבות בשם „יואל דער בעליצער" ואמרו עליו: „יש בו ניצוץ מאבי־אמו ר' שמלקא".

עיקר חינוכו קיבל בישיבת נובוהרודק, בהיותו מתלמידיו המובהקים והוותיקים של הסבא הגה"צ רבי יוסף־יוזל הורוויץ (רבו ראה בו „תלמיד־חבר"). היה גברא רבא, בעל שיעור קומה, מיחידי סגולה; גדול בתורה ובמוסר, צדיק מושל ביראת ד' ומהביל עניני העולם הזה; מסביר מצוין ופה מפיק מרגליות, הדרת פנים מאירות, עינים מפיקות חכמה; איש האמת והחסד, בעל תפילה מחונן בקולו הנעים ובניגונו המלבב.

בישיבות יצאו לו מוניטין בתור משפיע והיה מראשי המדברים בכל הכינוסים של ישיבות „בית יוסף״ מיסודה של נובוהרודק ובכל מקום שהופיע עשה רושם גדול. התמסר בכל להטו ומרצו לקרב רחוקים ולהשיב לב בנים אל אבותם והיה בכוחו להגיד „מוסר״ שלוש שעות רצופות ללא ליאות. בקסם שפתיו, בדברים חוצבים להבות־אש ריתק את שומעיו, פעמים אף נתיפחו בבכי, ורבים חזרו למוטב על ידו.

בשנות נעוריו היה משגיח בישיבת אמציסלאוו, שהגאון רבי אלחנן וסרמן (הקדוש) שימש בה ריש מתיבתא. עפ״י הוראתם ובעזרתם של מורי הדור ומאוריו, „החפץ חיים״ ורבי חיים־עוזר גרודזנסקי (זכר צדיקים לברכה), יסד סמינר של מלמדים בגרודנא וזמן מה אח״כ שימש מנהל רוחני של ישיבת קלצק. לפי הוראתו של רבו הגדול רבי יוסף־יוזל הורוויץ, יסד יחד עם עסקני „צעירי־אגודת־ישראל״ את הגימנסיה „תורה ודרך ארץ״ בריגה ושימש רבם של „צעירי־אגודת־ישראל״ שם. הגיד שיעורים בבית־אולפנה „יגדיל תורה״ ובגימנסיה „תורה ודרך ארץ״ ומדי שבת בשבתו, בימים טובים ובימים הנוראים, היה דורש לפני „צעירי־אגודת־ישראל״ לעורר אותם לתורה וליראת שמים.

הקים דור של יראים ושלמים. וכל תלמידיו שומעי לקחו חיבבוהו והעריצוהו כחסידים את רבם. היה מראשי המשתתפים באסיפת ישיבת נובוהרודק, שנתקיימה בימים ו׳—י״א כסלו תר״ץ בישיבת מזריץ. אחד ממאמריו החשובים התפרסם בקובץ „אור המוסר״.

חותנו של הרב ר׳ יואל באראנצ׳יק היה הרב ר׳ בצלאל בר׳ דב סמריק, מראשי־ראשוני המורים ב„חדר־המתוקן״ בריגה ומקדושי ישיבת חברון.

(מתוך „יהדות לטביה״, ספר זכרון, הוצא ע״י אגוד לטביה ואסטוניה בישראל, תל־אביב, תשי״ג).

רילי קמנצקי

# על אבא

**(בשלושים לפטירתו)**



יששכר קמנצקי

אתה יושב ומביט במבט המוצמד כאילו רק לעיניך שלך, חודר ועובר דרכו הלאה הרחק אל המרחב המעורפל של הבלתי נתפש, של הבלתי מוחשי — אל מרחב התם של האין עוד.

הפצע עדין טרי מדי מכדי לתפוס את גודל משמעות הכאב. עדין אי אפשר להשלים ולהבין שאכן עובדה נקבעה לפני שלושים יום ויש להתרגל, להסתגל, להשלים ולהמשיך הלאה. הדברים הם מעל כח ההבנה וההסתגלות — הרגשות, החושים וכולך כולך נתונים בתוך החיפוש אחר הבלתי ניתן להשגה, אחר הנעלם הגדול שאינך קולט אותו אל תוככי

הודעתך. חחלל החסר מתמלא בחוסר אונים ושתקנות אילמת, היתמות זועקת מכל קיר וחפץ, אשר שימש והיווה חלק בלתי נפרד מהישות היקרה אשר את חסרונה אתה חש ונושם בכל רמ״ח אבריך.

לעתים, בעתות רגשה עם עלעול בחשאי במכתבי עבר — מתכווץ הלב ומתרחב באהבה אל שפעת הרגש הנובעת ממספר מלים בודדות ותמות, הנשלחות ממרחקים אל הרעיה, האם, המתגעגעת ומתלבטת בקשרי ההסתגלות של ארץ נכריה, מהרהר אתה וחושב לעצמך כאילו מסוגל היית לשמוע מפעמיו של אותו לב גדול הנחבא בתוך החזה החם. ותאמר, אין הוא מן הרגילים, חייב הוא להיות מגזע אדירים, גזע ארזים בל־ימוט, בל יכוף ראשו, אשר יונק ביונקותיו מאהבת האדם והאמונה בו. משפיע צלו בעזרה, עידוד והטיית שכם לעזרת הזולת. מצוקה אישית אינה קיימת, קושי אישי — נדחה בפני בעיות חשובות לאין ערוך — המצב הפוליטי בארץ, נפילת מיטב הבנים אי־שם, מלחמת העצמאות במלוא עוזה, כשהוא נגזר לעמוד מנגד וידיו כבולות. היכן מקומו של הכאב להתפרץ? היכן זעקת המצוקה האישית? היכן היא מועקת ההבלגה? — אותם תמצא בתרופת המעשה, אותם תמצא בתושיה ובעידוד, אותם תמצא בחינוך ובהוראה, אום תמצא בזקיפות הראש ובגאווה הלאומית.

לעתים אתה מחפש את הטלת הדופי באחרים המתבקשת מאליה, אך לא תמצאנה. תחפש את זריקת האשם אך לא תמצאנו. מוצא אתה את עצמך בלבד, האחראי למעשיך, ומקבל את הדין כפשוטו, כרע במיעוטו. מוצא אתה את ההסתפקות במועט כמיצוי הטוב, מיצוי החיובי. אכן זוהי תכונת יסוד, תכונת אופי המלווה לאורך שנות.

איש הספר, אתה הוגה בנפשך — הלא כמה מילים וכמה ויכוחים הוכברו על הנושא מה ואת מי לקרוא.

מוצא אתה את ההשקעות היסודית ורואהו כשהוא רכון על ספר הספרים בגפו, עם רעיתו או בחבורת שכנים וידידים, מוקירי ספר הבאים להסתופף באורה של תורה — החוג לתנ״ך.

רואה אתה וחש שכאן מיטב עולמו, כאן מוצא הוא את עצמו, טובל בימו שלו, באגם חכמה אשר שליטתו עליו, אשר שהיתו בו כדג במים. ואין הדבר פרי המקרה שבאקראי תכונת יסוד כתכונת יסוד חותרת אל המסד, אל העיקר, אל התמצית ואל התשתית, על כן נוכל לאמר שהוא חור אל מיצויו של העקר במקור המקורות, דולה ודולה ואינו מרווה צמאונו, העיקר והבסיס עליו אמונתו, בו הוא מוצא את עצמו וזיקתו אל העם והמורשת, עליו בונה הוא עולמו — ספר הספרים.

לא הזיקה אל הדת, וגם לא רגשות עבר ומסורת בית־אבא, כי אם פשוטו כמשמעו, זיקה אל המקור, אל הטהור, אל הבלתי מלוטש, אל היסודי והקדמון, השפה — השירה — הפרוזה — המוסר — האמונה — ואידיאל, כל אלה מלהיטים את נפשו עד כי עומד אתה נדהם על חומרת אמונתו, על עזותו, קנאתו בדבר האחד הבלתי־נפרד ממנו.

**דברי־הערכה שפורסמו בבטאון עובדי הסוכנות היהודית „מבע" (אפריל 1964)**

## בצלאל איזקסון

### סמל המסירות והאהבה

מוצאו מהעיירה בליצה בסביבות וילנה. לפני כ־40 שנה, לערך, הגיע לעיירה רדושקוביץ, אף היא באותה סביבה, כמורה בבית־הספר העברי „תרבות". עם בואו נתווסף לבית־הספר, וכן לעיירה כולה, כוח אינטלקטואלי לניהול הפעולה החינוכית והתרבותית בין כתלי בית־הספר, וכן לשיתוף פעולה עם בחירי־המקום בכל העניינים המרובים של הציבור, בכל הנוגע לתנועה הציונית והחלוצית, ולהשרשת השפה העברית ותרבותה בין בני הנוער.

כעבור שנים מעטות עלה ארצה, כשמאחוריו שדה־פעולה מבורך בתורה ובמעשים טובים, ולפניו — הארץ היעודה, שקסמה לכל בחור וטוב בעם. לא שפרו עליו צעדיו הראשונים בארץ, עברו שנים מיספר עד שנקלט במקצוע החביב עליו, ההוראה, בשמשו מורה מחונן בשיעורי־ערב למבוגרים בירושלים. אף פיתח שיטת־לימודים משלו בהוראה למבוגרים והוציא ספר למוד בשם „פתח", שנפוץ בין תלמידיו המרובים. תכונותיו וסגולותיו האישיות חיבבוהו על המכרים הידידים, שרכש לו במרוצת הזמן. דרכיו — דרכי יושר ונועם, מידותיו הנעלות, השכלתו ידיעת מקורותינו התרבותיים והלאומיים, הבנתו והתמצאותו בפעולות הציבוריות והלאומיות שלנו, — הביאוהו לבסוף לעמדה המכובדת של מנהל לשכת־העתונות של הסוכנות היהודית בירושלים.

חמש־עשרה שנה, עד יומו האחרון ממש, עשה בהתמדה, מסירות ואהבה, — אלו הסגולות המיוחדות לו, — בתפקיד האחראי של מנהל לשכת העתונות; כשרוחו טובה עליו וכמי שבא על סיפוקו בתפקיד שתאם לעצמו ולהתאים לו, כמקשר בין הציבור הרחב והסוכנות היהודית, — בחן, בטעם ובידיעה, לשביעת רצונם והוקרתם של כל הבאים אתו במגע.

בחייו האישיים הצטיין כאיש אהוב וחביב על הבריות, בעל דעות מקוריות משלו מכל הנעשה מסביב, והולך בקו הישר, העקבי והנאמן משלו, כאיש תנועת העבודה, לה

הטיף בנעוריו ובה עשה בכל דרך חייו בארץ, חינך את בני־ביתו ברוח זו, וגדול היה סיפוקו בלכת בנו לקיבוץ להיות בין המגשימים.

ללא עת הלך מאיתנו החבר והידיד הטוב, כשחיוכו המלבב עוד נשקף מעיניו, שנעצמו פתאום לנצח.

## יעקב צור

### (מתוך מכתב לאסיפת־אזכרה במלאות שלושים לפטירתו)

מימי עבודתי עם י. קמנצקי ז״ל, נשאר בלבי זכרון של יושר וטהרה, נאמנות ללא־סייג ומסירות ללא־גבול של אדם, שראה עצמו כל ימיו כמשרתה של תנועה. מעולם לא עזבה אותו הכרת הקדושה של *המשימה* שהוא ממלא — ככל שתראה צנועה במסגרת הכללית.

אלו תכונות נדירות בימינו, ולפיכך הוקירוהו ידידיו וכל העובדים עמו.

## ג׳מס יעקב רוזנטל

### (מתוך מכתב של הסופר הפרלמנטרי של עתון „הארץ" אל מחלקת ההסברה של הסוכה"י)

מתאבל אני על עמיתנו ומיודענו היקר באדם י. קמנצקי ז״ל. ברבים לא נודע, ולא בחוצות־עיר ביקש סיפוקו, אלא די היה לו בעשיית שליחותו בנאמנות, שלא היו לה סייג ושיעור. הישגו היה רכישת אהדתם של אלה שבאו במגע עמו תוך כדי פעולתו שסימן ההיכר שלה היה מסירות תוך כדי שלווה, שיווי משקל, מהותי ונפשי, ואיזון ערכים. בהיכנסי לבניין המוסדות הלאומיים — מדי פעם אחזתני מעין תחושה ביתית ותודעת רציפות, מוסרית ועניינית, כאשר ראיתי פני י. קמנצקי, בהכינו דברים או בהשלימו סדרים טכניים — והכל לשירות הזולת, לרבות העתונאים. מי לא נהנה מטיב שירותו! לפי פיתגם, הטובה בנשים הינה הבלתי־ידועה שאין מזכירים אותה, — במובן עילאי של מוסר חיים ועבודה, יפה הדבר לגבי ידידנו שאיננו עוד. מאד „בלתי־מודרני" היה, כי לא התנפח, לא ביקש פירסום או פירסומת לעצמו, ואף לא למנגנון שבתוכו פעל —

אלא ע״י רמת עבודתו ביקש לעשות נפשות למכלול הערכים אשר אותם שימש. וכך, כמופת לשירותים ציבוריים ולשירותיו, יישאר עומד לנגד עיני. ובצינעה ובאהדה, כיאות לו לפי אפייו, אכבד את זכרו.

משה יוסלביץ

## הקרוב והידיד יששכר קמנצקי

לפתע נלקח מאתנו והוא עדיין מלא תכניות ושאיפות־מעש. נדמה, כי מעולם לא היה לו זמן לתת דעתו על עצמו, כי תמיד חיכתה לו עבודתו, אותה עשה בנאמנות והשקיע בה את כל מרצו.

עבד במחלקת־ההסברה של הסוכנות היהודית ומילא בה תפקיד אחראי. תוך עבודתו היה בא תכופות במגע עם אנשים בעלי־שליחות לאומית וציונית בארץ ובתפוצות. כן שימש מקשר בין הסוכנות היהודית לבין נציגי העתונות, לפניהם היה מביא את דבר הסוכנות וההנהלה הציונית. ואכן, הלם תפקיד זה את אופיו של יששכר שעוד בימי נעוריו ספג לתוכו בבית הוריו, בבליצה, את רעיונות התנועה הציונית והתחיה הלאומית, את האהבה לארץ־ישראל וללשון העברית.

מאביו, ר׳ חיים־נח ז״ל, שהיה מורה בבליצה, למד את השפה העברית — לימוד נדיר בימים ההם — משנה וגמרא. וכאשר יצא לרשות עצמו היה אף הוא מורה לילדי־ישראל בעיירות בילורוסיה.

בראשית שנות העשרים עלה לישראל עם העליה החלוצית וחי מספר שנים בחדרה. לאחר מכן עבר לירושלים. בשעות הערב היה מלמד את העולים את הלשון העברית ולשם כך אף הוציא ספר לימוד מפרי־עטו.

השנים הראשונות שלו בארץ היו קשות. היו אלה שנים של מחסור, של פרעות ושל מאבק לקיום. אולם, האהבה לארץ־ישראל והאמונה בגאולת־עם־ישראל שבהן היה חדור כולו, נתנו לו כח להתגבר על התלאות. ובעוד רבים, דלי־אמונה וחלשי־אופי, עוזבים את הארץ, היה הוא משתרש בה ומפיח בלבבות אחרים תקוה לתקומת־ישראל.

*

לאחר השואה החלו להתקבץ בארץ שרידי יהודי בליצה. מספר ניכר של בליצאים חיו כאן עוד מלפני מלחמת־העולם השניה — הם עלו כחלוצים. לרובנו היו איפא

קרובים כאן. מצדו של יששכר ומשפחתו היה זה אך טבעי לארח את שרידי־המשפחה שלנו בביתו ולכלכל אותנו עד שהצלחנו לקבל דירה לעצמנו.

כבר בשבועות הראשונים התחלנו לחשוב על הפגשת יוצאי בליצה וביוזמת מספר חברים, ויששכר בראשם, אורגנה הפגישה הראשונה בחדרה, שם היה הריכוז הגדול ביותר של הבליצאים. בפגישה זו, ובפגישות השנתיות האחרות המוקדשות להעלאת זכרם של קדושי עיירתנו, גובש הרעיון של הוצאת הספר להנצחת זכרם.

על אף עיסוקיו הרבים, קיבל יששכר על עצמו את התפקיד של איסוף החומר, עיבודו ועריכת הספר. ואכן השקיע יששכר הרבה מחשבה והקדיש הרבה מזמנו לעיבוד החומר שנכתב על ידי חברינו ואף הספיק כבר לקבוע את ראשי הפרקים לספר זה.

מאז שנת 1954 נמצא ביתי בשכונת קרית־היובל, בירושלים, קרוב לביתו של יששכר. ומלבד היותנו קרובי־משפחה, היינו ידידים טובים ולא אחת הסתייעתי בעצתו הטובה ובהדרכתו הנבונה.

בהזדמנויות שונות העלינו גם את ענין הספר הזה, ההתקדמות באיסוף חומר, עיבודו ועריכתו. והנה, כשהדבר התחיל להתגשם והוצאת הספר כמעט נראתה לעין, נלקח לפתע יששכר מתוכנו ולא זכה לראות את הספר הזה בעודו בחייו.

חבל על דאבדין ולא משתכחין.

---

## ברוך קראַסנאָסעלסקי ז״ל



ב. קראַסנאָסעלסקי

געווען אַ שטילער און אַ באַשיידענער; זיך פאַר־נומען מיט תבואה־מסחר; פון די איינגעוואָרצלטע פאַ־מיליעס אין בעליצע. נאָכן פאַרלאָזן דאָס שטעטל בעתן גירוש — אַוועק מיט פאַמיליע קיין זשעטל, דאָרט מיטגעמאַכט די ערשטע און צווייטע שחיטות, פאַרלאָרן זיין פרוי פערל און די גאַנצע משפחה. ער איז אַנטלאָפן אין די וועלדער אַרום בעליצע און דאָרט צווישן פאַר־טיזאַנער איבערגעלעבט דעם מלחמה־קאַשמאַר.

נאָך דער מלחמה אַוועק קיין פוילן, דאָרט חתונה געהאַט און אויפסניי געגומען בויען אַ משפחה. שפּעטער עולה געווען קיין ישראל, זיך באַזעצט אין כפר־סבא און זיך גענומען דאָ אויפסניי איינוואָרצלען. דער טויט האָט אים אָבער פּלוצעם אַוועקגעריסן. ת.נ.צ.ב.ה.

ז. ק.

א. מ. סוויצקי

# יקירנו ישראל זלוצובסקי ז״ל



ישראל זלוצובסקי

יקירנו ישראל זלוצובסקי נלקח מאתנו פתאום, באמצע עבודתו המסורה להנצחת עיירתנו וקדושיה ב„פנקס בליצה" המוצא לאור ע"י ארגוני בני־עיירתנו בישראל ובאמריקה. קומץ שרידי עיירתנו — נתיתמנו במותו, אבד לנו ידיד נאמן ועסקן מסור ופעיל.

עוד בצעירותו התמסר בעיירתנו לעבודה ציבורית באמונה. הוא השקיע את כחו ומרצו בכל מוסדות הציבור של העיירה והיה פעיל בעיקר כראש מכבי־האש — כך שמר במסירות רבה על הרכוש הדל של בני העיירה.

כן הצטיין בעבודתו הקדושה בימי השואה. אפילו בימים האפלים ההם היה הוא דואג למכריו ולידידיו ולכל אחיו המעונים. בלבו החם ובאהבתו הרבה לכל יצור־אנוש — הוא דאג לחלשים שלא יעונה להם ע״י עבודה קשה, לחסרי כסות — להלבישם ולכסותם, למזי רעב — להאכילם לחם. לא פעם העמיד את נפשו בסכנה כדי לעזור לאחרים, להצילם מידיהם הטמאות של רוצחי עמנו מכל הסוגים.

כשהגיעה הגזירה על יהודי העיירה, שמוכרחים לעזובה, לא עזבו הוא ומשפחתו את המקום עד שסידר עגלות להעביר בהן את המשפחות שנשארו אחרי שריפת הבתים בלי גג לראשן ואמצעים לקיומן. הוא עזב האחרון את העיירה ועבר עם משפחתו לגיטו שצ׳וצ׳ין. גם שם התמסר לעבודה ציבורית, חיפש ומצא דרכים להקל על מצוקתם של אחיו. הוא היה ממיסדי „מטבח ציבורי״ בשביל אלה שנשארו בחוסר־כל ודאג לכך ששום אדם בגיטו לא יהיה רעב.

כשנוכח לדעת, שאין יותר שום זיק של תקווה להשאר בחיים בגיטאות, התחמק עם משפחתו מידי הנאצים וברח אל הפרטיזנים ביערות שעל גדות הניימן. גם ביערות אלה היה פעיל בענייני ציבור וחיפש עצות ודרכים כיצד להגן על השרידים ביערות שיהיה להם הכוח לעמוד בתלאות עד שיבוא השיחרור מעול הנאצים. אכן, אחרי השיחרור שוב ראינו אותו פעיל ומפעיל בתחומי החיים שהתחילו להתרקם מחדש בקרב שרידי השואה בעיירתנו ובסביבה. הוא לא נח ולא שקט עד שלא הובאו לקבר־ישראל גוויותיהם של יהודים שנרצחו ביערות, בשדות ובדרכים. וכאשר התחילו שרידי השואה לעזוב את מקומות־מגוריהם, לקח גם הוא את מקל־הנדודים בידו והלך עם משפחתו לפולניה. משם המשיך לנדוד בדרכי ההעפלה לאוסטריה והגיע עד למחנה העקורים בינדרמיכל ע״י לינץ. ושוב היה עם הראשונים לפעולה ציבורית והשקיע את כל מרצו לארגון חיי




ישראל זלוצובסקי נואם מטעם קק״ל באסיפה של שארית־הפליטה באוסטריה

שארית־הפליטה בדרך אל מולדתם ההיסטורית. כאן הוא הפך שוב כתובת לכל עובר ולכל דורש עזרה וסעד, לקרוב ולרחוק כאחד.

הוא היה באוסטריה ממיסדי אירגון הפח"ח (פרטיזנים — חיילים — חלוצים) והרוח החיה במרכז האירגון. כן היה פעיל שם בפדרציה הציונית, בהנהלת הקק"ל ובכל המוסדות הציוניים והציבוריים שפעלו בקרב שארית־הפליטה.

גם בישראל בלט בפעולתו הציבורית במקום מגוריו נתניה, וכן היה ראש וראשון לכל פעולה ציבורית של ארגון יוצאי בליצה בישראל. הוא תרם את זמנו ומרצו, לבו ונפשו וכל מאודו למען הוצאת פנקס בליצה, אך לא זכה לראות בהופעתו לאור. שמו וזכרו יהיו שמורים בתוכנו לברכה יחד עם שמותיהם וזכרם של כל הנשמות הקדושות והטהורות שלהן מוקדש ספר־זכרון זה.

שרגא (פייוול) זלאַצאָווסקי

# מיין טאַטע

מיין טאַטע האָט אין ישראל געפונען זיין אמתן תיקון אַלס אַרבעט־מענטש. זיין נאָרמאַלער אַרבעטס־טאָג האָט זיך געצויגן 10—12 שעה, און תמיד מיט זיין כאַראַק־טעריסטישן ליבן שמייכל אויפן פּנים. ער פלעגט זאָגן: ביים שניידער, ליגט דער כוח אין דער נאָדל, און ביי מיר — ביים שלאָסער — אינעם האַמער. כל זמן ס'האַמער קלאַפּט אין מיין האַנט, ווייס איך אַז איך לעב. ער האָט טאַקע געהאַלטן דעם האַמער אין זיין האַנט ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

ער איז געווען ניט־נאָר מ י י ן טאַטע — ער איז געווען אַ טאַטע פאַר הונדערטער און טויזנטער יידן: אין זיין היימשטעטל בעליצע, דערנאָך אין די געטאָס פון שטשוטשין און לידע, שפּעטער אין די וועלדער מיט פּאַרטיזאַנער, נאָך שפּעטער אין די פּליטים־לאַגערן פון עסטרייך, און צום סוף — אין זיין לעצטער לעבן־סטאַציע נתניה. הונדערטער אַרטיקע אייוואָינער און צענדליקער פריינד און באַקאַנטע פונעם גאַנצן לאַנד — האָבן אים באַגלייט אויף זיין לעצטן וועג, געקומען צו שלושים אויף זיין פרישן קבר און צו דער אזכרה אין בית־הכנסת ע"ש מורדי הגיטאות ולוחמי הפרטיזנים, וואָס ער האָט געבויט מיט פיל מי און ענערגיע און באַטראַכט אַלס די גרעסטע שטאָלץ אין זיינע לעצטע לעבן־יאָרן.

פונעם מאָמענט וואָס כ'האָב אָנגעהויבן גיין אַלס קינד, בין איך נאָכגעגאַנגען און




ישראל זלוצובסקי, אשתו טייבע, בתם חיה ובנם שרגא (פייוול) ליד מצבת־הזכרון לקרבנות היהודים במחנה־הריכוז עבענזע (אוסטריה).

ישראל זלאָצאָווסקי, זיין פרוי טייבע, טאָכטער חיה און זון שראגא (פייוול) ביי דער מצבה צום אָנדענק די יידישע קרבנות אינעם קאָנצענטראַציע־לאַגער עבענזע (עסטרייך).

נאָכגעלאָפן מיך טאַטן ביזן לעצטן מאָמענט פון זיין לעבן. אָבער בלויז דאָ אין ישראל האָב איך פאַרשטאַנען אַריינצודרינגען און פאַרשטיין די גרויסקייט פון זיין נשמה אַלס טאַטע, ייד און מענטש. ווייל בלויז דאָ אין ישראל האָב איך דערגרייכט דעם עלטער און די מדרגה פון קענען אָפּשאַצן אַ מענטשן אין זיינע אַנטפּלעקונגען, און אַזוי אַרום האָט מיין טאַטנס גאַנצע לעבנס־וועג זיך אַנטפּלעקט פאַר מיר אויפסניי אין איר פולער פּראַכט און קאָלאָריט. איך האָב אַנטפּלעקט אין אים ניט־נאָר יידישע שעפּפערישקייט און מענטשלעכע גבורה, נאָר איך האָב דערזען פאַר זיך אַ טאַטן אַ בריליאַנט — אַ לערער און דערציער, אַ חבר און פריינד. דער עיקרדיקער שטריך פון זיין כאַראַקטער — האַרציקע פשטות — דאָס לייט־מאָטיוו אין זיינע באַציאונגען מיט אַלע מענטשן — האָט באַצויבערט אויך מיר, דעם יינגסטן זון זיינעם.

אַלס אַזעלכן וועל איך דיר תמיד טראָגן אין מיין האַרץ און נשמה — מ י י ן טאַטע.



פון לינקס: ישראל זלאָצאָווסקי און פרוי, שמואל שימאַנאָוויטש און פרוי — צוויי אָפּגעראַטעוועטע בעליצער משפחות, — בעת אַ באַגעגעניש אין עסטרייך (1948).

משה יוסלביץ

# אבי־מורי ר׳ זלמן יוסלביץ ז״ל



זלמן יוסלביץ

יתגדל ויתקדש שמה רבא.

במלים אלו מתחילה תפילת קדיש אחרי הנפטר, תפילה המקדשת את שם ה׳ והמביעה צידוק ושבח לכל מעשיו. ותפילה זו נאמרת הן לזכרו של אדם שהלך לעולמו בשיבה טובה והן לזכרו של זה שנקטף בדמי ימיו.

זכה אבי־מורי ונסתלק לעולמו בשיבה טובה, כמעט משהגיע לגבורות.

מסכת חייו השתבצה בתקופה רבת תהפוכות בחיי אומות ונשתזרה בנפתולי השואה הגדולה של עם ישראל. אולם זכה הוא גם לתחיית העם במדינתו המחודשת בארץ־ישראל

והשתלב בגלים הראשונים של עליית נצולי השואה — הוא ושני בניו שרידי משפחה ענפה שהושמדה בשואה.

הוא נולד בבליצה, בשנת 1889, להוריו אברהם וזלדה, שהתפרנסו מאפיית לחם ומסחר בתבואות (בית הוריו היה במרכז רחוב השוק). מילדותו החל תהליך השתרשותו בחיי העיירה ובמשך כל חייו כאילו היה חלק בלתי־נפרד ממנה. כל תיאור חייו חופף את תיאור חייה של העיירה עצמה על אנשיה וקורותיהם במאה זו האחרונה.

בנעוריו למד ב„חדר" ואח"כ התחבר אל הנוער אשר הלך אחרי תורות הסוציאליזם דאז. כאשר גם לבליצה הגיעה בשורת התנועה הציונית, הלך אבא אחרי ר' חיים־נח קמנצקי, שהיה ראש לציונים, אולם אבא המשיך גם באהדתו את הסוציאליסטים שלחמו נגד משטר הדיכוי של הצאר ניקולאי.

כשנה לפני מלחמת־העולם הראשונה גוייס לצבא הצאר וחזר הביתה אחרי כל תלאות המלחמה. הוא מצא את העיירה מרוששת ומדולדלת כליל אחרי התמורות שעברו עליה תחת שלטון־הכובשים, של הרוסים, הגרמנים, הבולשביקים והפולנים ה„ראשונים", שכל אחד מהם עשק את התושבים היהודיים. עם כניסתם של הפולנים לעיירה, כשזו חסרה עדיין שלטון יציב, התנפלו שודדים על יהודים בעיירה ורצחו ארבעה אנשים. הם נכנסו לבית אבי־אבי ודרשו 10,000 רובל, כופר־נפש. מאחר וסכום כזה לא היה מצוי, הוציאו החוצה את סבי ר' אברהם ועמדו לרצחו נפש. אולם אבי, זלמן, חרף את נפשו למען אביו, הוא תפס בקצה הרובה שבידי אחד השודדים וכך הרתיע אותו. חוויה זו נשארה חרוטה עמוק בנפשו של אבי כל שנות־חייו והוא חזר וסיפר על המקרה הזה לילדיו ולמכריו הרבה פעמים.

בשנת 1922 התחתן והתמסר כולו להקמת היי משפחה. פרנסתו היתה בהחזקת בית־מרקחת קטן ולאחר־מכן גם חנות לחומרי ברזל. שלושה בנים ובת היו במשפחתנו ואבא עשה כל מאמץ לתת להם מהחינוך המעולה. לשטח החינוך בכללו תרם ממרצו ומזמנו, בהיותו פעיל בהקמת בית־הספר העברי ולאחר־מכן בהבטחת הכספים שנדרשו לתשלום שכר המורים ולהחזקת בית־הספר.

הוא גם היה חבר פעיל במועצת הבנק היהודי ונציג במועצה המקומית (גמינה) והתמסר לטיפול במקרי־סעד בקרב האוכלוסיה היהודית. בשל יושרו ונכונותו לעזור לזולת, היה מקובל ומכובד הן בעיני יהודי העיירה והן בעיניהם של הנוצריים בכל הסביבה, שהיו באים לדרוש בעצתו־עזרתו בעיקר במקרים של מחלה.

כאשר בליצה נכללה בתחום השלטון הסובייטי (ספטמבר 1939) והיה צורך לחפש פרנסות חדשות, לא מצא אבא את מקומו במשטר החדש. בית־המרקחת שלו הולאם וכל התרופות נלקחו ממנו, ולאחר שנמכרו גם שאריות הסחורה מן החנות לחומרי־ברזל — נתקפחה פרנסתו לחלוטין.

ביוני 1941, כאשר הנאצים פלשו לבליצה, הוצת ונשרף גם בית אבי. קורותיו בתקופת השואה לא היו שונים מאלה של שאר המשפחות מבליצה. לאחר הגירוש לגיטו ז'טל ושתי השחיטות שהיו שם, נשארו בחיים אבא ושני בניו, שאחרי גלגולים רבים נוספים הגיעו, כאמור, לארץ על גלי־העליה הראשונים שלאחר קום מדינת־ישראל.

כאן חי אבא עם בניו, שהסתדרו בעבודה והקימו משפחות. אכן, בסוף ימיו זכה לרוות נחת מבניו ומחמשת נכדיו — גמול מה על אשר סבל בתקופת השואה. כאן הקדיש הרבה מזמנו לכתיבת זכרונותיו על בליצה, שאנשיה וקורותיה מסוף המאה הקודמת היו זכורים לו היטב. אמנם חומר זה נכלל כולו בפנקס בליצה שלפנינו.

שומר מצוות היה כל חייו ואכן עמדה לו הזכות להנחם בבנין הארץ ובשחרור ירושלים השלימה. בהיותו חולה אנוש, ערב ראש־השנה תשכ"ח, נסעתי אתו להתפלל אל הכותל המערבי, והתרגשותו שם היתה עמוקה ומרטיטה.

בכ"ח חשוון תשכ"ח, החזיר את נשמתו לבורא.

שמו וזכרו יישמרו בתוך יוצאי חלציו ובקרב כל מכריו וידידיו יוצאי בליצה — בצער ובחיבה עמוקים.

א. מ. סאַוויצקי

# מיין ברודער דער קדוש

מיין ברודער פייווע סאַוויצקי ז"ל, וועלכער איז שווי־דערלעך פאַרפייניקט געוואָרן אין קאַלעטיער וואַלד דורך ווייסע פאָליאַקן, אין יאָר 1943.

הייליקער ברודער, כ'הער דיין קול,
כ'ווייס ניט, פון באַרג, פון טאָל,
כ'פיל דעם עכאָ אומעטום, איבעראַל
פון הימלען, טיפע, כ'פאַרנעם זיין פאַל.

און מיטאַמאָל, אין אַ געדריקטער שעה
כ'דערשפיר דיין אָטעם זיכער קלאָר.
פרעגסט: „מיין ברודער ביסט דאָ?"
כ'פיל דעם ציטער פונעם קלאַנג אויפן וואָר.

און רעדסט מיט פיל פשטות ווייטער:
„מיין ברודער, כ׳וויל איבערגעבן, זיך טיילן
ווי אַליין געגרייט כ׳האָב מיין שייטער
מינוטן פון מיין גסיסה געטאָן ציילן.

געדענקסט, מיר האָבן דערהערט דריי שאָסן;
איר זייט אַלע אַנטלאָפן ווי די האָזן
נאָר איך געבליבן בין איינער אַליין
פאַרוואָס? קען איך ביז היינט ניט פאַרשטיין.

זיכער בין איך געגאַנגען אַנטקעגן
געמיינט, אייגענע טרעפן אויף וועגן
באַגעגנט מיך האָט אַ שמייכל אַ פאַרשייטער
דערשפירט אַלץ, געענדיקט, קיין טראָט ווייטער...

האָבן זיי מיר די מאַרינאַרקע אויסגעטאָן,
דעם פיסטאָלעט פון פּאַסעק אַראָפּגעצויגן,
די שטיוול פון די פיס אַראָפּגעריסן,
הענט אויף הינטן פאַרדרייט, פאַרבויגן.

רוצחיש גענומען פייניקן, שלאָגן,
ווו ברידער זיצן, כ׳זאָל זיי ווייזן, זאָגן,
איך בין אָבער שטאַרקער געווען פון זיי,
געשמייכלט פון זייער טייוולאָנישן געשריי.

הינטיש בלוט גענומען האָט קאָכן,
חיהש ווילד, ווי גערירט פון זינען,
שוים פון די ליפּן גענומען שלאַנגיש רינען,
אַ האָגל שטעקענער מיין קערפּער האָט צעבראָכן.

כ׳האָב ווייטיקלעך פאַרביסן ליפּן,
פאַרשטשעמעט ציין, פאַרשלאָסן מויל,
געשמייכלט פון שלאַנגישן שיפּען,
אויסגעלאַכט שטעקן, אויסגעשפּאָט קויל.

דאָן האָב איך דערפילט, פאַרנומען
ציטער פון גרעזל צעטראָטענעם,
טרייסל פון ערב־אָסיענדיקן ריטל,
פיבער פון קבר׳לאָזן בלעטל.

פאַרשעמונג פון געהויקערטעביימער,
געוויין פון אָפּגעשניטענע שטאַמען,
זיפץ פון ברויזנדע קוואַלן, שטויסנדע כוואַליעס,
קרעכץ פון צאַנקנדיקע שטערן, גוססדיקע פלאַמען,

כליפּען פון שטומער, שוואַרצער ערד,
שטילע תפילה פון טרערנדיקע הימלען,
טרויער פון טעמפּן, פאַרגליווערטן מו, מו,
פון צו אַ שחיטה געפירטע קו.

און דער בורטשען פון ווינט,
וואָס האָט תמימותדיק זיך געוויגט
האָט געבלאָזן, געשאָקלט, געפייפט,
געטראָגן זיין אויסגעוואָיעטע תשובה
ווי אָן אַ פאַרוואָס צעוויינטע קינד.

ווילסט וויסן, באַגרייפן, פאַרשטיין ?
אומזיסט ביסט צו קליין, צו קליין !

אָט דאָס, ברודער מיינער, וויל איך דיר דערציילן
זאָלסט עס פאַרנעמען, פאַרשטיין.

און איך בין דאָן געבליבן רואיק ליגן
זיי ? — זיי זיינען פאַרשעמט אַוועק.
דאָך האָב איך געטאָן זיגן
אויף זייער נצחונדיקן וועג...

אָ, הייליקער ברודער, דיין ציטער אומעטום, איבעראַל,
פון הימלען, טיפע, כ׳פאַרנעם זיין פאַל.

ערב ראש־השנה תש״ו

# יוצאי בליצה שנפטרו במדינת ישראל

## (רשימה)

| שם הנפטר(ת) | שמות ההורים | תאריך הפטירה | מקום הקבורה |
|---|---|---|---|
| **איצקאָוויטש** הרב **שמואל־יוסף** | לאה ונח־זלמן | ג׳ אדר ב׳ תשי״ד | חדרה |
| **אלוני** (רודניק) **ברוריה** | הרב ר׳ יוסף | כ״ט טבת תשכ״ח | תל־אביב |
| **באַראַנטשיק דוד** | גיטל ויוסף | ז׳ אלול תש״ח | חדרה |
| **באַראַנטשיק** (זלאַצאָווסקי) **חיה־שרה** | פייגע ויוסף | י״ח טבת תשי״ד | חדרה |
| **וויסמאַנסקי שלמה** | הרב משה־דב | כ״ד תמוז תשכ״ב | ירושלים |
| **זלאַצאָווסקי ישראל** | רחל והירש־צבי | י״ד אדר א׳ תשכ״ז | נתניה |
| **יאָסעלעוויטש זלמן** | זלדה ואברהם | כ״ח השון תשכ״ח | ירושלים |
| **לייזעראָוויטש שפרינצע** | בלומע וחיים | א׳ אב תשט״ו | עכו |
| **פייגין** (האַלפערין) **חנה** | רחל וישראל | ט״ז אייר תש״י | כפר אז״ר |
| **קאַמענעצקי יששכר** | רחל וחיים־נח | ז׳ שבט תשכ״ד | ירושלים |
| **קויפמאַן חנה** | הינדע ומרדכי | כ״ח טבת תשכ״ו | פרדס־חנה |
| **קושעלעוויטש יהודה** | גיטל וזלמן | י״ד אדר א׳ תשי״ט | נס־ציונה |
| **קראַסנאָסעלסקי ברוך** | ראשקע וגבריאל | ה׳ טבת תשי״ד | כפר־סבא |

**ת. נ. צ. ב. ה.**

# מפעולות הוועדים של ארגון יוצאי בליצה בישראל

עם מסע הכיבוש של קלגסי גרמניה הנאצית בשנת 1941 לעומקה של רוסיה הסובייטית, ניתק לגמרי הקשר בין יוצאי בליצה בארץ־ישראל לבין בני־משפחותיהם באיזור הכיבוש שם. החרדה הגדולה לגורל יקיריהם שם אחזה בבני־עירנו בארץ בכל שנות השואה, אולם תוצאותיה וממדיה של השואה בכללה ושל חורבן בליצה נודעו כאן רק לקראת סוף המלחמה. ידיעות מוסמכות ראשונות על גורלם של בני בליצה והקהילה שם, נאספו והועברו ארצה ע״י זרח איצקוביץ, שהיה ממתנדבי הבריגדה הארצישראלית שנלחמה באירופה. הוא פגש בגרמניה את השרידים הראשונים מן הקהילות היהודיות של סביבתנו, מהם נודעו פרטים על ההשמד והחורבן שפקדו את יהודי בליצה וכן על הצלתם של יחידים מבני עירנו שהסתתרו ביערות והצטרפו ליחידות הפרטיזנים.

המגמה אז בקרב הרוב הגדול של הבליצאים הניצולים היתה להגיע לארץ־ישראל, ורק מיעוטם שם את פניו לארצות־הברית שם היו קרובי המשפחות. אעפ״י שמצבם של בני־עירנו הוותיקים בארץ היה אז דחוק, היתה העזרה הראשונה שניתנה לאלה שהגיעו הנה — מקרב לב־אחים ובאיחולי כל טוב להיקלט מהר. באותו הזמן נודע בארץ על קיומם של שני ועדי־עזרה של יוצאי בליצה בארצות־הברית (בראש האחד עמד זלמן רובין ובראש השני — שרה קפלן). על מנת לאחד את המאמצים והרצון הטוב ולרכז את הפעולות, הוקם ועד־פעולה מיוחד שמטרתו היתה לטפל בעולים החדשים מבני עירנו ולהגיש להם עזרה תוך שיתוף־פעולה עם הוועדים האמריקניים הנ״ל, שהחלו להעביר הנה עזרה כספית למען העולים. חברי ועד־הפעולה היו: ר׳ שמואל־יוסף איצקוביץ, דב קויפמן, דב גרודינסקי וזרח איצקוביץ.

במשך השנים 1948—1950 הגיע ארצה הרוב של בני־עירנו הניצולים והם הסתדרו כאן בשטחים ובענפים שונים. משפג הצורך בעזרה הנ״ל ולאחר שבמרוצת הזמן התבררו כל הפרטים על חורבן קהילת בליצה והורכבה רשימת קדושיה שלא זכו לקבר ישראל, הועלתה המחשבה בדבר הוצאת ספר „יזכור״ להנצחת זכרם. אכן, באחת הישיבות של ועד־הפעולה הנ״ל (אחרי חג־הפסח שנת 1952), אליה הוזמנו גם יששכר קמינצקי וישראל זלוצובסקי, הוחלט: לקיים מדי שנה כינוס־אזכרה ארצי של יוצאי בליצה בארץ, ביום כ״ג באב הוא יום חיסול הגיטו בז׳טל, שם נספו רוב יהודי בליצה. כן הוחלט באותה

ישיבה על הקמת „ועד־הספר" שמתפקידו לעודד את החברים להעלות על הנייר את זכרונותיהם ולאסוף חומר למען הספר, אח"כ למיינו ולהתקינו לקראת הדפוס.

באותו זמן הוכנה בידי בן־עירנו הניצול יעקב בן ישראל־מיירים קרמין, רשימה מפורטת של כל קדושי עירנו עם ציוני תאריכים ומקומות בהם ניספו. כיוון שהיה ברור, שהוצאת הספר תימשך זמן רב, מחמת קשיים באיסוף והכנת החומר ובגיוס האמצעים הדרושים, הוחלט איפוא לפרסם בינתיים בצורת חוברת־זיכרון את הרשימה הנ"ל וכן לכלול בחוברת זו את שמותיהם וכתובתיהם של כל יוצאי בליצה בארץ.

בכל כינוסי־האזכרה השנתיים שלאחר־מכן, הועלו לדיון הבעיות שהעסיקו בקשר להוצאת הספר: בעיית הלשון בה יודפס, בעיית מיון החומר, וכן הבעיה הכספית וכיו"ב. הוחלט, — חלק של החומר יודפס בעברית וחלק באידיש, וגם הקדמה באנגלית. יששכר קמנצקי קיבל על עצמו לרכז את החומר, למיינו ולעורכו. הוטל על כל משפחה בליצאית בישראל תשלום שנתי של 12 ל"י לקרן הספר וכן חודש בנדון הקשר עם בני־עירנו בארצות־הברית.

על מנת להמריץ את הפעולה לאיסוף החומר וכתיבת זכרונות ולהחיש את הפעולה הכספית, הורחב ועד־הספר והורכב מחדש כדלקמן: איצקוביץ זרח, גרודינסקי דב, זלוצובסקי ישראל, יוסלביץ חיים, מגיד אברהם, סוויצקי אלעזר־מאיר, סוקולובסקי הרצל, קויפמן דב, קמנצקי יששכר, קרמין יעקב, קרמין זרח.

ויצויינו כאן במיוחד מאמציו של יששכר קמנצקי ז"ל, שעמל וטרח באיסוף חומר, מיונו ועריכתו בשלבים המוקדמים של ההכנות להוצאת הספר, וכן מאמציו של ישראל זלוצובסקי ז"ל, שלא חסך מכוחותיו ומזמנו לאיסוף רשימות וצילומים מאנשי בליצה בכל הארץ.

כן יצויינו כאן לשבח בני־עירנו מארה"ב ובראשם מר שמעון בייקר (בוצ׳קובסקי) שנתנו לא־רק מזמנם ומרצם לקידום הוצאת הספר אלא גם תרמו מפרי־עטם, אספו רשימות ותצלומים, תרמו והתרימו להבטחת האמצעים הכספיים להוצאתו לאור.

תודת ועדת־המערכת נתונה לכל אלה שהשתתפו באיסוף ובהכנת החומר ובהוצאתו לאור של הספר. ויהא ספר־יזכור זה מצבת־זכרון לכל קדושי קהילתנו־עיירתנו בליצה, שעולמה היהודי נחרב ולא יקום שם עוד.

דב קויפמן ומשה יוסלביץ





בעת כינוסי־אזכרה של יוצאי בליצה בישראל בבית־הכנסת ע״ש קדושי ולוחמי הגיטאות בנתניה



יושבים מימין. המשורר י. פייגין (מחבר השיר „תפילה ביער", עמ' 318), אשתו חנה ואחיה נחמן לבית ר' ישראל הלפרין; מאחוריהם: האחות שרה ובעלה (ליגומסקי).



משמאל: לאה גרברוביץ־הלפרין (הגיעה לאחר השואה לישראל) ליד אביה ר' ישראל הלפרין ונכדו אברהמל [redacted]



בעת כינוס של חלוצים מבליצה בשנת 1934 בחדרה.



בעת ביקורם בישראל של שמואל שימענוביץ ורעייתו מארה"ב.

מיני היינץ (מנוחה קריינאָוויטש)

# א בעליצער משפחה אין אמעריקע

**געווידמעט דעם אָנדענק פון איינציקן יידישן מעדיצין־דאָקטאָר פון בעליצע — בערל קריינאָוויטש ז״ל**

ווען מיין פאָטער, ר׳ משה (מאָשע) קריינאָוויטש, איז אַלט געוואָרן 25 יאָר, האָט ער זיך געפונען אין אַ גאָר שווערער לאַגע: אַחוץ זיינע אייגענע זאָרגן, האָט ער געהאַט די פליכט אויפצופּאַסן אויף זיין יינגערער שוועסטער, צינקע, וואָס איז נאָך געווען זייער אַ יונג מיידל, ווען זייערע עלטערן זיינען געשטאָרבן. זייערע אַנדערע ברידער זיינען שוין דאַן געווען פאַרהייראַט און צעשפּרייט איבער דער וועלט.

ערשט נאָכדעם ווי צינקע, וואָס האָט זיך געכאַוועט אַלס בת־יחידה ביי אירע עלטערן, האָט אין עלטער פון זיבעצן יאָר חתונה געהאַט, האָט מיין פאָטער געקענט זיך דערלויבן צו טראַכטן וועגן זיך. אַזוי ווי ער איז געווען אַ יונגערמאַן, וואָס האָט געקענט לערנען, באַהערשט אַחוץ העברעאיש און יידיש אויך רוסיש און דייטש, איז ער געוואָרן אַ מלמד ביי אַ משפחה פון אַ רייכן ישובניק אין דאָרף פּיעסקאָוויצי. דאָרט האָט מיין פאָטער געלערנט תורה מיט די יינגלעך, די אייניקלעך פון דעם ישובניק. אָבער צו זיינע שיעורים פלעגן זיך אויך צוהערן די מיידלעך פון דער פאַמיליע. און אַזוי האָט פּאַסירט, אַז ס׳איז אויסגעקומען אַ שידוך צווישן אים און אַ מיידל מיטן נאָמען פייגל, וואָס איז געווען אַ טאָכטער פון יאַנקל יאַרמאָווסקי, אַ באַוווּסטער סלאָנימער חסיד.

מיין פאָטער מאָשע, האָט זיך אין די שפּעטערדיקע יאָרן פאַרנומען מיט צושטעלן די „פּאָטשט״ פון סעלץ, אָדער סטאַנציע ניעמאַן און האָט אַלע זיינע איין־און־זיבעציק יאָר אויסגעלעבט אין בעליצע. ער איז נפטר געוואָרן ווי אַ צדיק, — „ביים אויסגיין״ שמונה־עשרה אין בית־מדרש. מערקווירדיק — אויך מיין ברודער וועלוול ז״ל, וואָס האָט געוווינט אין אַטלאַנטיק־סיטי, איז אויך געשטאָרבן אין שול, ווען ער האָט געזאָגט קדיש נאָך זיין פרוי...

מאָשע און פייגע קריינאָוויטש האָבן אויסגעהאָדעוועט אַכט קינדער — פינף זין און דריי טעכטער. דער יינגסטער זון איז געווען מיין ברודער בערל, אָדער ד״ר בערנאַרד קריין — ווי ער איז שפּעטער באַקאַנט געוואָרן אין אַמעריקע. מיין מאַמע ע״ה פלעגט אויף אים זאָגן, אַז ער איז אַ „ברענענדיקער יינגל״ — יעדע זאַך, צו וואָס ער פלעגט זיך נאָר נעמען, פלעגט ביי אים אַרויסקומען שנעל און גוט.

אויף אַ „פּלינקן״ אויפן איז מיין ברודער בערל געקומען אויף דער וועלט. ער איז כמעט ווי געבוירן געוואָרן אויף אַ פעלד. געשען איז עס דאַן ווען אונדזער מוטער האָט אַכטונג געגעבן אויף שטעטלשע פּויערים, וועלכע האָבן פאַר אונדז געגראָבן אין פעלד בולבעס, דערפאַר וואָס מיר האָבן זיי געגעבן דעם מיסט פון שטאַל פאַר זייערע פעלדער. זי האָט קוים באַוויזן זיך צו דערשלאָגן גיך אַהיים, ווו מיין יינגסטער ברודער האָט דערזען די שיין פון דער וועלט...

אַלע זיינע יאָרן האָט זיך בערל באַנומען אַזוי ווי די מוטער האָט אים באַצייכנט ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד. ער האָט געאַרבעט שנעלער און בעסער ווי אַלע אַנדערע אין זיין עלטער אָדער זיין פּראָפעסיע. פון זיין פריסטער יוגנט אָן איז ער געווען פאַרעכנט אַלס דער בעסטער תלמיד ביי אַלע לערער, וואָס ער האָט ווען ניט איז געהאַט. זיינע צייכנס אין שול זיינען תמיד געווען די העכסטע און ער האָט אַרויסגעוויזן באַזונדערע גאונות אויפן געביט פון מאַטעמאַטיק.

ווען מיין ברודער בערל איז נאָך געווען גאָר אַ קליין יינגל, איז אונדזער מאַמע שטאַרק קראַנק געוואָרן אויף רעוומאַטיזם. אַ גאַנץ יאָר איז זי נעבעך געלעגן אויסגעצויגן אויף דער פּלייצע און צוויי פון די קינדער, וואָס זענען נאָך נישט געגאַנגען אין חדר, האָבן זי באַדינט. איינער פון זיי איז געווען בערל, און זיין איינציקער באַגער איז דעמאָלט געווען צו ווערן אַ דאָקטאָר און אויסהיילן דער מאַמען. ווען אונדזער מוטער איז געשטאָרבן אין בעליצע אין יאָר 1922, האָט בערל געהאַט נאָר־וואָס באַקומען אין אַמעריקע זיין דיפּלאָם אַלס דאָקטאָר־מעדיצין...

בערל איז געקומען קיין אַמעריקע ווען ער איז אַלט געווען אַ יאָר זעכצן. ער האָט געבראַכט מיט זיך אַ באַגאַזש פון תורה און וויסן, ווייל ער האָט געלערנט פריער אין דער באַרימטער לידער ישיבה פון הרב ריינעס זצ״ל און זיך דאָרט גאָר שטאַרק אויסגעצייכנט. דעם גאַנצן לערן־פּראָגראַם פון אַמעריקאַנער הייסקול (מיטלשול, גימנאַזיע) האָט דער יונגער אימיגראַנט פון בעליצע דורכגעמאַכט אין קאַרגע צוויי יאָר. נישט לענגער האָט אים גענומען צו שטודירן אין אַ ספּעציעלער צוגאָב־שולע פאַרן אָנקומען זיך לערנען אויפן מעדיצינישן אוניווערסיטעט־פאַקולטעט, וואָס בערל האָט פאַרענדיקט אין פיר יאָר.

העכער 25 יאָר האָט ער פּראַקטיצירט אַלס מעדיצין־דאָקטאָר אין אַטלאַנטיק־סיטי, אַ באַרימטע אַמעריקאַנער דאַטשע־שטאָדט, און געווען שטאַרק באַליבט ביי אַלע איינוווי־נער פון דער שטאָט. ניט איינער פון זיי פלעגט מיט דער גאַנצער ערנסטקייט זאָגן, אַז ווען נישט די מעדיצינישע זאָרג פון ד״ר בערנאַרד קריין, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט און באַליבט געמאַכט אויך מיט זיין פאָלקסטימלעכקייט, וואָלטן זיי שוין פון לאַנג געווען אויף יענער וועלט...

פון אונדזער משפחה אין בעליצע איז דער ערשטער געקומען קיין אַמעריקע מיין ברודער חיים־מאָטקע (מעקס). ער האָט שפּעטער אונדז אַראָפּגעבראַכט אין די פאַראיי־

ניקטע שטאַטן איינעם נאָכן אַנדערן: הללן, וועלוולען, בערלען און מיך. מיין ברודער אליעזר און שוועסטער: בריינע און שרה־אסתר (געווען אַ גאַר שיין, בלאָנד מיידעלע) זענען געבליבן אין בעליצע.

חיים־מאָטקען איז נישט געפעלן געוואָרן ניו־יאָרק, האָט ער זיך באַזעצט אין שטעטל ניו־בריטן, וווּ ס'האָט געלעבט דער פעטער אשר, אונדזער טאַטנס יינגסטער ברודער (ער איז געווען צו אונדז אַזוי ווי אַ טאַטע). נאָך דעם האָבן מיר זיך אַלע אַריבערגעצויגן קיין האַרטפאָרד (אַ גרעסערע שטאָט) ווו מיר האָבן געהאַט בעסערע מעגלעכקייטן צו אַרבעטן און זיך לערנען אין דער זעלבער צייט (מיר האָבן דאָרט געוווינט 5 יאָר).

ווען מיין ברודער האָט זיך צוריקגעקערט אַלס מיליטערמאַן פון אייראָפּע, נאָכדעם ווי ס'איז פאַרענדיקט געוואָרן די צווייטע וועלט־מלחמה, האָט אים אונדזער פעטער הערשל יאַרמאָוו (יאַרמאָווסקי), דער מאַמעס אַ ברודער, איבערצייגט אַז ער זאָל זיך באַזעצן „ביי אים" אין אַטלאַנטיק־סיטי. ס'האָט לאַנג נישט געדויערט — וועלוול איז געוואָרן אַ דער־פאָלגרייכער געשעפטסמאַן אין דער דאָזיקער שטאָט. אַ ביסל שפּעטער איז אַהין געקומען בערל, וועלכער האָט דאָרט פּראַקטיצירט אַלס מעדיצין־דאָקטאָר ביז זיין טויט.

מיין ברודער הלל האָט געהאַט אַ געשעפט אין דער זעלבער שטאָט. אַלע מיינע ברידער האָבן זיך דאָרט אָפּגעגעבן מיט געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט און געווען שטאַרק באַליבט צווישן דער גאַנצער באַפעלקערונג — יידן און נישט־יידן.

בערל איז געוואָרן אַ דאָקטאָר אַ דאַנק זיינע אייגענע כוחות. ער האָט געאַרבעט זייער שווער כדי צו דערגרייכן זיין ציל. אין זיינע אוניווערסיטעט־יאָרן פלעגט ער אַרבעטן זומער־צייט ביים פאַרקויפן בעזעמער און אַנדערע הויז־מכשירים צווישן די זעלבע קונים, וועלכע האָבן אים געקענט פון זיין הייסקול־פּעריאָד, ווען ער פלעגט זיי צושטעלן צייטונגען. שפּעטער האָט ער געאַרבעט אַלס געהילף־„פּלאָמבער" ביים ברודער וועלוול, פאַרדינט פיל מער און דאַן אויך געהאַט אַ סטיפּענדיע. דאָס געלט וואָס ער האָט פון פאַרשידענע קוועלן געליען ווען ער האָט שטודירט מעדיצין, האָט ער צוריקגעצאָלט נאָך דעם ווי ער איז געוואָרן אַ דאָקטאָר און אָנגעהויבן פאַרדינען ביי דעם באַרוף. ער האָט חתונה־געהאַט מיט זיין באַשערטער, מרים סיוועהר, ווען ער האָט אָנגעהויבן זיין מעדיציניִשע פּראַקטיק אין אַטלאַנטיק־סיטי.

בערל איז געווען אַן אָנגעזעענער מיטגליד פון פיל יידישע אָרגאַניזאַציעס און מיט־געאַרבעט אַקטיוו אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער זיך מאָביליזירט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי, אָבער ער איז גיך באַפרייט געוואָרן צוליב זיינע אָפּטע האַרץ־אַטאַקעס. נאָך דער מלחמה האָט ער זיך ווידער גענומען צו זיין פּריוואַטער פּראַקטיק, האָט פאַרגעסן אָן זיין האַרץ־קראַנקייט און ווידער אַריין אין פולן שוווּנג. אָבער גאָר גיך האָט אים די קראַנקייט ווידער אָנגעגריפן און צום סוף אים באַזיגט בעת ער איז קוים אַלט געווען 56 יאָר.

בערל איז געווען זייער אַ גוטער און גינציקער, שטענדיק געווען גרייט מיט אַ גוטער עצה און מיט אַלץ וואָס ער האָט נאָר געקענט העלפן זיינע ברידער און שוועסטער. ס׳איז נישט שווער זיך אָנצושטויסן, אַז דער אומקום פון זיינע נאָענטסטע און ליבסטע אין אייראָפּע, האָט צוגעיאָגט זיין האַרץ־קראַנקייט. ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ צושטאַנד פון גסיסה נאָך דעם ווי די קראַנקן־שוועסטער האָט אים איבערגעגעבן אַ בריוו, מיט דער טרויעריקער בשורה, אַז דער ברודער אליעזר און די צוויי שוועסטער ברײנע און שרה־אסתר, זיינען שוידערלעך דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשן.

צוזאַמען מיט דעם יידישן בעליצע, איז אַוועק פון דער וועלט אויך דער איינציקער יידישער מעדיצין־דאָקטאָר וואָס אונדזער היימשטעטל האָט אַרויסגעגעבן. כאָטש ער איז געשטאָרבן אין אַמעריקע, זיינען די יידישע געשטאַלטן פון בעליצע געווען שטאַרק איינגעבאַקן אין זיין האַרץ ביז עס האָט אויפגעהערט צו קלאַפּן.



בעליצער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק
בעתן באַזוך דאָרט פון פרוי טייבע זלאָצאָווסקי אין זומער 1966.



אסתר־גיטע נאָוואָגרודסקי
מיט יהודהס טאָכטער צידקע
און אייניקל



יצחק נאָוואָגרודסקי



חיים־יצחק מעקעל



יוסף־שרגא סאוויצקי



יקותיאל קאַפּלינסקי



מינע דויטש (סטאַצקי)



בעת די בר־מצווה פייערונג פון האָוואַרד סטאַצקי (סטאָן).



בעת די בר־מצווה פייערונג פון י. שימאַנאָוויטש (סימאָן).

אונדזער קליין שטעטעלע בעליצע האָט זיך פון שטענדיק אָן אויסגעצייכנט מיט צניעות און פשוטקייט פון אירע תושבים. דורות־לאַנג האָבן געצויגן דאָרט יידישע משפחות זייער יניקה פון שווערער אַרבעט און זיך אויסגעהאַלטן אָן קיין שום הילף פון דרויסן. יעדע פאַמיליע באַזונדער און אַלע צוזאַמען זיינען געווען געבונדן אַזוי ווי איין גרויסע משפחה. יעדער איינער האָט תמיד געהאָלפן דעם צווייטן מיט וואָס ער האָט נאָר געקענט. אַזוי האָט געהערשט אַ פולע האַרמאָניע צווישן די 130 פאַמיליעס אין שטעטל, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען ביז דעם גרויסן אומגליק פון דער פאַר־טיליקונג.

איינע פון די באַשיידענע משפחות אין שטעטל איז געווען די משפחה שימאָנאָוויטש, בראש פון וועלכער עס איז געשטאַנען דער פאָטער שמואל (מען האָט אים גערופן אין שטעטל מוליע), זיין פרוי טשערנע־ביילע מיט זייערע 5 קינדער. אַלע קינדער אין שטעטל האָבן געוווסט ווער מוליע איז וויל ער האָט זיך מיט זיי שטענדיק פאַרנומען, געמאַכט שפּאַס און געשפּילט, בעת ער איז נאָר געווען פריי פון זיין אַרבעט אין רעסטאָראַן אויפן מאַרק־פּלאַץ. מוליע איז געווען טעטיק אין די פייערלעשער־קאָמאַנדע און אין אַנדערע אינסטיטוציעס פון שטעטל, ווי אויך אָפּט געשטיצט מיט וואָס ער האָט געקענט אַ נויט־באַדערפטיקן. פאַר זיין גוטן כאַראַקטער איז ער ביי אַלעמען געווען באַליבט און אויך די קינדער זיינע, וועלכע האָבן גערירשנט זיינע גוטע מידות.

משה, זיין עלטסטער זון, האָט דוקא געגויגט צו לערנען אַ פאַך און האָט טאַקע געלערנט צו זיין אַ גוטער שלאָסער־מעכאַניקער. ווען ניט די מלחמה וואָלט ער זיכער געווען אַ גרויסער מומחה אין מאַשינען, ליידער האָט ער עס ניט דערלעבט וויל ער איז אומגעקומען פון בעסטיאַלישע הענט ביי דוואָרעץ. די אַנדערע מיטגלידער פון דער משפחה שימאָנאָוויטש האָבן איבערגעלעבט די מלחמה און שפּעטער אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע צו לעבן דאָרט נאָענט פון מוליעס ברודער און זיין משפּחה.

דער יינגערער זון הירשע (אין אַמעריקע: ריטשאַרד) איז זייער אַ פיינער און אַן אינטערעסאַנטער מאַן, וועלכן אַלע שעצן און זיינען שטאָלץ מיט אים. זינט דער אַנט־שטייאונג פון מדינת ישראל איז ער אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיט אַ סך אינסטיטוציעס און געזעלשאַפטן וואָס טראָגן הילף און שטיצע אונדזער לאַנד.

אַ גרויסן חלק אין אָט דעם „פנקס בעליצע" האָט די משפּחה שימאָנאָוויטש און איבערהויפּט הירשע, וועלכער האָט מיט אַלע מיטלען און מעגלעכקייטן געשטיצט און געהאָלפן, קיינמאָל זיך ניט אָנטזאָגט צו טאָן, כדי צו פאַרשנעלערן די אויסגאַבע פונעם פנקס. אַלע בעליצער אין ישראל און בפרט די חברים פון ועד־הארגון שאַצן זייער שטאַרק אָפּ דעם דאָזיקן טאָט פון הירשען, זיין פרוי ברכה און דער גאַנצער פאַמיליע שימאָנאָוויטש. מיר זיינען זיי זייער דאַנקבאַר און זיינען אויך שטאָלץ מיטן דאָזיקן אויסדרוק פון גוטסקייט און איבערגעבנקייט וואָס ציען זייער יניקה פון און פאַר אונדזער אַמאָליק שטעטעלע בעליצע.

מ. י.

10/14/66

דער טאָג־מאָרגען זשורנאַל —

# שמעון בייקער באַשטימט אַלס קאָנסולטאַנט צו מעיאָר לינדזי

דער אָפיס פון מעיאָר דזשאַן וו. לינדסי האָט באַקאַנט געמאַכט, אַז שמעון בייקער איז באַשטימט געוואָרן אַלס קאָנסולטאַנט צום מעיאָר אויף די געביטען פון געמיינדע־



שמעון בייקער

באציאונגען און עפענטליכער אינפאָרמאַציע.

אַ גוט־באַקאַנטער זשורנאַליסט, וואָס איז פליסיג אין זיבען שפּראַכען, האָט ה׳ בייקער באַזוכט פאַרשידענע טיילען פון דער וועלט, וואו ער האָט אויפ׳ן פּלאַץ געפאָרשט די פּראָבלעמען און סיסטעמען פון געמיינדע לעבען. ער האָט אויך געמאַכט גרינטליכע פאָרשונגען פון פאַרשידענע געמיינדעס אין דער שטאָט ניו יאָרק. זיינע באַריכטען און אָפּהאַנדלונגען זענען פאַרעפענטליכט געוואָרן אין „טאָג־מאָרגען זשורנאַל״, ווי אויך אין פיל אַנדערע אויסגאַבעס, פאַר וועלכע ער איז אַ קאָרעספּאָנדענט.

קאָמענטירענדיג איבער ה׳ בייקער׳ס באַשטימונג, האָט מעיאָר לינדסי געזאָגט: „איך בין צופרידן צו האָבען אַ מאַן מיט אַזעלכע פעאיגקייטען וואָס ער פאַרמאָגט אַלס קאָנסאָלטאַנט״.

אַ געבוירענער אין פּוילען, האָט ה׳ בייקער עמיגרירט קיין אַמעריקע אין 1952 פון פראַנקרייך, וואו ער האָט שטודירט זשורנאַליזם און פּאָליטישע וויסענשאַפט. פאַר דעם האָט ער באַקומען העכערע בילדונג אין אַלגעמיינע און ישיבה־לימודים אין אייראָפּע. ער איז געוואָרן אַ נאַטוראַליזירטער אַמעריקאַנער בירגער ביים סוף פון 1957.

ה׳ בייקער וואוינט אין ברוקלין מיט זיין פרוי, ראָבערטאַ, זייער זון, אריה, 8 יאָר אַלט, און צוויי טעכטער, ברײַנע, 6, און מאַשע, 5 יאָר אַלט.

פאָטאָקאָפּיע פון אַ נאָטיץ אין „טאָג־מאָרגען זשורנאַל״ (10.14.1966).

שמעון בייקער (באַטשקאָווסקי)

## ס'איז געווען אַ מאָל אַ שטעטעלע...



פון רעכטס: שמעון בייקער (באַטשקאָווסקי) און זונעלע אריה, בעת זייער באַזוך אין ישראל (אויגוסט 1967) נאָך דער 6־טאָגיקער־מלחמה; זיינען דאָ פאָטאָגראַפירט מיטן גען. יצחק ראַבין, הויפט פון ישראל'ס גענעראַל־שטאַב, נאָכדעם ווי ש. בייקער האָט דורכגעפירט מיט אים אַ ספעציעלען אינטערוויו פאַר דעם ניו־יאָרקער „טאָג־מאָרגען זשורנאַל" אין וועלכן ער איז מיט־אַרבעטער פון יאָר 1953.

דאָ ברענגען מיר זיין באַשרייבונג וועגן אונדזער שטעטעלע בעליצע, פאַרעפנטלעכט אין „טאָג־מאָרגען־זשורנאַל" אין יאָר 1958. (רעד.)

צענדליקער טויזנטער יידישע ישובים זיינען חרוב געוואָרן מיטן שורש, אין לעצטן קריג.

מיר האָבן שוין ניט מער די טיפּישע יידישע שטעט און שטעטלעך פון פוילן, ליטע,

